# אַלע ווערק

# ז. סעגאַלאָוויטש

## אַכצענטער באַנד



פאַרלאַג ת. בזשאַזאַ

ז. סעגאלאוויטש

# א מענטש מיט א גיטארע

נאָוועלז



וואַרשע 1930

# אַ מענטש מיט אַ גיטאַרע

שטעט האָבן נשמות. אומעטיקע און פריילעכע נשמות, וואָכעדיקע און יום־טובדיקע. גאַסן האָבן נשמות. די גאַס, ווו עס שטייט אַ שיינער און אַלטער תפילה־טעמפּל, האָט באַשטימט אַן אַנדערע נשמה, ווי די גאַס, ווו עס ברענט, להבדיל, דער געלער לאָמפּ... הויפן האָבן נשמות, יעדער הויף מיט זיין ביסל אָרימקייט אָדער רייכקייט, יעדער הויף מיט זיינע אינטריגעס און רכילות, מיט זיינע צוגעמאַכטע אָדער געעפנטע פענצטער. דאָרט, ווו פריילעכע קינדער שטיפן, שוועבט אַן אַנדערע נשמה, ווי דאָרט, ווו אַלטע לייט קריכן אַרויס זיך וואַרעמען אַביסל אויף דער זון...

אויף אונזער הויף, דער הויף, ווו איך האָב געלעבט אין וואַרשע ביזן אויסברוך פון דער מלחמה. אויף איינער פון די אַלטע גאַסן אין וואַרשע...

אַ מאָדנער הויף איז דאָס געווען, און אַ׳מאָדנע נשמה האָט ער געהאַט. דער טינק פון מויער איז געווען אָפּגעקראָכן און אָפּגעשיילט, ווי אַ קראַנק פּנים, פיר ווענט מיט פענצטער אין יעדער וואַנט האָבן געקוקט אויף דער צווייטער אָן קנאה, מיט אַ טויטער גלייכגילטיקייט, ווי עס קוקן די פיר ווענט פון אַ קבר איינס אויף דעם צווייטן, נאָר הינטער די גראָע געשיילטע ווענט האָבן זיך באַהאַלטן לעבעדיקע, אָדער האַלב לעבעדיקע מענטשן... מאָדנע מענטשן און זעלטן צוגעקליבענע, איין שכן צוגעפּאַסט צום צווייטן, אַלטע, אָפּגעלעבטע, נודנע, בייזע און שווייגנדיקע און אפשר נישט קיין בייזע און נישט קיין נודנע... ווער האָט זיי געוווסט? אַז די טירן זענען שטענדיק פאַרמאַכט, אַז צום אָפענעם פענצטער גייט קיינער כמעט נישט צו...

און די פענצטער אַליין זענען זעלטן חען אָפן, פּונקט, ווי די שכנים וואָלטן דאָרטן געהאַלטן שיין־געפעדערטע פייגל, זינג־פייגל און זיי האָבן שטענדיק מורא, אַז דידאָזיקע פייגל זאָלן נישט אַוועקפליען. אָבער דאָס איז געווען בלויז אַן אילוזיע גיכער האָט מען געקענט גלייבן, אַז די פייגל זענען דאָרטן בלייערנע, שווערע, ווי דער טויט. באַגראָבן לעבעדיקערהייט האָבן זיך די מענטשן אין זייערע קברים־חדרים. . .

דער הויף האָט שטענדיק געשוויגן און געהאַט האָט ער אַ מאָדנע לופט, ווי פון אַלט אייַנגעזויערט קרויט.

קינדער ? . . .די מענטשן האָבן דאָרט קיין קינדער נישט געהאַט. ווי קומען מתים צו קינדער ? און דאָס פלאַפלעריי פון די קינדער האָט געפעלט מער ווי אַלץ. . .

דאָס קוויטשעריי פון קינדער. ניין ! אויף יענעם הויף האָבן קיין קינדער נישט געפּלאַפּלט. מען האָט נישט געהערט נישט קיין לאַכן און נישט קיין געוויין. עטלעכע שכנים האָבן געהאַלטן הינט, זענען דאָס מאָדנע הינט געווען: תמיד געלעגן מיט די בעל־הבתים זייערע אין שטוב און קיינמאָל נישט געבילט. געווען אַ קאַץ אויף יענעם הויף מיט אַ גראָער פעל, האַלב אויסגעקראָכן די האָר פון דער קעצישער פעל און אַזאַ קאַץ איז כסדר געקראָכן אין מיסט־קאַסטן, וואָס איז געשטאַנען אין לעצטן ווינקל פון הויף. אַ האַלב געפּגרטע קאַץ, נאָר צו דער שטימונג פון הויף איז זי נויטיק געווען, ווי די ראַנד־פּרעסקע צום געענדיקטן בנין. געדאַכט האָט זיך, אַז די ווריבלעס אונטערן דאַך זענען דאָ גראָער ווי אַנדערשוווּ און זייערע איינטאָניקע קלאַנגען זענען דאָ נאָכמער איינטאָני־קער. . .

אויף יענעם הויף. . .

עס דריקט די דערינערונג פון אַזאַ הויף, האַלב־תפיסה שטי־מונג לעבט אויף אין זכרון, מיט שנעלע טריט לויפט מען פאַרביי אַזאַ הויף, מיט אַזעלכע גראָע טרעפּ און מיט נאָך האַסטיקערע טריט פאַרלאָזט מען אַזאַ היים. און שטענדיק זיצסטו ביי די באַ־קאַנטע אַביסעלע לענגער. ווי דו וואָלסט באַדאַרפט זיצן, ציסט אָפּ די צייט, כדי ווייניקער צו זיין אין דיין שווערער היים.

דיין הויף...

אָט היינט-מאָרגן עמעצער וועט זיך דאָ דאָס לעבן נעמען. דער הויף האָט נישט קיין אָטעם פון לעבן, דער הויף האָט נישט קיין וואַרעמקייט, קיין שטימונג, און אויב ער האָט יאָ שטימונג, איז עס אַ לוויה-שטימונג.

ווער זענען געווען די שכנים? אַ באַן-באַאַמטער אַ רוסישער, וועלכער האָט אָפּגעדינט אויף זיין פּאָסטן העכער דרייסיק יאָר און צום סוף האָט מען אים געכאַפּט ביי אַ גנבה. מען האָט אים אַרויסגעטריבן, האָט ער געלעבט פון די לעצטע געגנבעטע רובלס און איז געווען אין כּעס אויף די, וועלכע כאַפּן אַ גנב. דער צווייטער שכן, אַ געוועזענער רעיענט, אַ פּאָליאַק, מיט גרויסע גראָע וואָנסעס, ער האָט עפּעס אויך געהאַט נישט קיין כּשרע געשעפטן און איז געבליבן ביי די בייזע וואָנסעס. אַ ווינקל-אַדוואָקאַט, אַ ייד, וואָס האָט פיינט געהאַט יידן שטאַרקער, ווי המן אַליין, ער האָט גערעדט פּויליש, ווי צען פּוילישע פּראָפעסאָרן, דערביי האָט מען געפילט, אַז דאָס טאַקע דערהאַלט אים ביים לעבן. דאָס גוט רעדן פּויליש. געווען איז ער אַ גרויסער קבצן, ער האָט פיינט געהאַט ראָטשילדן, ווייל יענער איז נישט געווען קיין קבצן. אַן אַלטער חסיד מיט אַ זון, — זיי האָבן שטענדיק געלערנט און קיינער האָט נישט געוווּסט פון וואָס זיי לעבן. דער סטרוזש האָט געזאָגט, אַז דער זון איז משוגע, און אַ קרעמערקע פון קעגנאיבער האָט מיר איינמאָל געזאָגט, אַז דער אַלטער איז משוגע. מעגלעך, אַז זיי האָבן ביידע געזאָגט אמת. אין דער חסידישער שטוב האָט מען קיינמאָל קיין פענצטער נישט געעפנט, נאָר פון צייט צו צייט פלעגט אויף די שויבן זייערע אַרויפקריכן אַ נאָז מיט אַ שוואַרצער באָרד, אָדער אַ נאָז מיט אַ גראָער באָרד...

געווען דאָרט אַן אַריסטאָקראַטישער פעלדשער, אַן אַריסטאָקראַט דערפאַר, ווייל באַנקעס מיט פּיאַווקעס פלעגט ער שטעלן בלויז אַריסטאָקראַטן און פון אַזעלכע געהויבענע פּאַציענטן איז ער אַליין ביי זיך געוואָרן אַ גרויסער יחסן... שפּרייזן פלעגט ער, ווי פּאָטאָצקי און קוקן, ווי זאַמאָיסקי, רעדן, ווי ראַדזיוויל און שווייגן, ווי בראָניצקי. ער האָט פיינט געהאַט אַלע דאָקטוירים, ווייל זיי

האָבן געהאַט דיפּלאָמען און מען פּלעגט זיי רופן יעדן איינעם:
— פאַן דאָקטאָר!

און ער איז געווען בלויז אַ פעלדשער, אַ שפּאָר ביסל פאַר־ביטערניש האָט ער אויף דעם פאַרשאָלטענעם הויף פאַרפלאַנצט מיט זיינע בייזע בליקן.

און נאָך אַ שכן, וועגן וועלכן איך האָב עפּעס געוווּסט: אַן אַלטער קאָלעקטאָר. דער דאָזיקער גראָער, געבויגענער ייד מיט דעם דאַרן פּנים, מיט די אייביק פיבערישע אויגן פלעגט ־־ מ׳ר אַריינקומען און תמיד איינרעדן:

— איר זעט דאָס שטיקל פּאַפּיר, דאָס איז אייער גליק.

און איך האָב כּסדר געקוקט אויף זיין וויסט פּנים און גע־לייענט זיין „גליק״. פון ציונג צו ציונג וואַרט דער מענטש, ער בעט גאָט נישט פאַר זיך, נאָר פאַר זיינע קונדן, זאָלן זיי נאָר עפּעס געווינען, וועט אים שוין אויך עפּעס אַראָפּפאַלן, נאָר קיין גרויסע געווינסן האָט ער אין זיין לעבן נישט געהאַט. איך גלייב, אַז אין אַלץ איז שולדיק געווען דער הויף. אויף אַזאַ הויף גע־ווינט מען נישט... עס פלעגן דאָ טרעפן טעג, וואָס קיין פרעמ־דער מענטש פלעגט זיך נישט ווייזן. איך געדענק נישט קיין איין שמחה, מוזיק זאָל דאָרט אַמאָל שפּילן, געסט זאָלן פון ערגעץ אַרויס־לאָכן. אפילו די הויף־הענדלערס פלעגן דאָרט נישט שרייען...

אויף אונזער הויף פלעגט מען גאָרנישט קויפן און גאָרנישט פאַרקויפן. מענטשן האָבן דאָרט געלעבט צוליב דעם, כּדי צו פאַר־שליסן די טירן פאַר אַ צווייטן מענטש. אומצופרידענע מענטשן, אויסגעגליטשטע. פון גליק האָבן זיי רעזיגנירט, בייזע אויף וועמען, בייזע... די פיר אָרומיקע ווענט זענען געווען אַ נגעזאַפּט מיט זייער בייזקייט און עס איז געווען פּשוט אַ ווונדער, וואָס אויף די בייזע ווענט איז די זון געקראָכן, באַלויכטן די אָרימקייט און דעם צאָרן פון אַ הויף, וואָס האָט געהאַט אַ ביטערע נשמה אויף דער גאַנצער וועלט...

ווען איך וואָלט געשריבן מוזיק, וואָלט איך פון אַזאַ הויף אָנגעשריבן די סימפאָניע פון גראָקייט, מיט טויטע קלאַנגען האָט מען געמוזט אָנפילן אַזאַ סימפאָניע און דער דיריגענט וואָלט

באַדאַרפט זיין דער לאַנגער לולב-מענטש, דער פּאַן פעלדשער. . .
און די צוהערער די שכנים, בלויז די שכנים פון פאַרשטיינערטן הויף.

איינמאָל האָט זיך דאָרט דער גראָער שטריק אָפּגעריסן און דאָס תּליה-געשפּענסט און די טויט-שטראָף-שטימונג איז פון יענעם הויף אויף אַ צייט פאַרשוווּנדן געוואָרן.

ביי איינעם פון די שכנים האָט אַ יונגערמאַן אָפּגעדונגען אַ צימער. אויף דעם שווייגנדיקן הויף איז צוגעקומען אַ נפש. . .

פון די עטלעכע פּוילישע ווערטער, וואָס ער האָט אַרויסגערעדט מיט דעם סטרוזש פון הויף, האָט מען באַלד באַשטעטיקט, אַז דער בייער איז אַ ליטוואַק. . . און יעדער איינער פון די שכנים סיי די יידן און סיי די קריסטן, יעדער איינער האָט אַ בייז וואָרט געוואָרפן אויף דעם אומבאַקאַנטן פרעמדן מענטש. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן געמוזט וועמען פיינט האָבן און דאָ האָט מען געכאַפּט אַ ליטוואַק, האָבן די ציינגען זייערע געשניטען, ווי גלאָז. . .

מען וואָלט אים פאַרגעסן, מען וואָלט אים צורו געלאָזט דעם נידעריקן יונגנמאַן מיט זיינע ברייטע פּלייצעס, מיט דעם צעקנייטשטן בגד און דעם נישט אַרומגעשוירענעם, נאָר ער אַליין האָט דערצו נישט דערלאָזט, ווייל ער אַליין האָט צורו נישט געלאָזט די אַנדערע. . .

דער מענטש האָט געהאַט אַ גיטאַרע. אַ גיטאַרע מיט סטרונעס און סטרונעס האָבן שוין אַזאַ אייגנשאַפט, אַז מען רירט זיי אָן, קלינגען זיי, און אויב עס רירט זיי אָן אַ האַנט מיט געניטע פינגער, שפּילן די סטרונעס אַ יס הארציקע מעלאָדיעס און זיי וועקן, זיי דערמאָנען, זיי רופן. . .

אויפן בית-עולם האָבן זיך דערהערט קלאַנגען און די מתים האָבן זיך גענומען רירן. און מתים זענען בייזע, זיי האָבן ליב די טויטקייט פון די קברים. . . און דאָ: הויכע סטרונעס, נידעריקע קלאַנגען, יאָמערדיקע און גאָר פריילעכע, צעווילדעוועטע.

אינדערפרי מוזיק. . .

בייטאָג מוזיק. . .

פאַרנאַכט ווידער מוזיק.

דער ליטוואַק האָט געהאַט געניטע פינגער און דער ליטוואַק איז כסדר געזעסן אין זיינע פרייע שעהן, געזעסן אין די זומער־טעג, אין די זומער־פאַרנאַכטן ביים אָפענעם פענצטער און גע־צימבלט, געשפּילט רוסישע ראָמאַנסן און רוסישע סטעפּ־לידער...

עס האָט זיך נישט באמת געקליידט פאַר דעמדאָזיקן הויף מיט זיין בית־עולם־שטימונג. עס איז געווען אַ דיסאָנאַנס פאַר אַזוי־פיל יאָרן פון שווייגעניש און אָפּגעזונדערטקייט...

מען האָט גענומען צוגיין צום פענצטער און מען האָט גע־נומען וואַרפן בייזע בליקן אויף דעם ליטוואַקס פענצטער.

עס קאָן זיין, אַז די מעלאָדיעס האָבן אויפגעוועקט ביי די מענטשן דערינערונגען, אויפגעוועקט זייערע אַלטע פאַרגעסענע ווונדן און דערפאַר האָבן זיי זיך געבייזערט. די פרעמדע קלאַנגען זענען געקראָכן דורך די אָפענע און דורך די צוגעמאַכטע פענ־צמער, דורך די ווענט, צו יעדן איינעם אין הארץ אריין און אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט האַלב פאַרגעסענע און אינגאַנצן פאַר־געסענע חלומות. זיי האָבן זיך גערייצט מיט די שווייגעדיקע און שפּאָ־ניש געמוגטערט, ווייל די אַלע שכנים פון יענעם הויף האָבן שוין צום לעבן נישט געטויגט און דאָס לעבן פאַר זיי אויך נישט...

זיי האָבן געשאָלטן דעם ליטוואַק און געדאַכט האָט זיך זיי, אַז זיי שעלטן אים נישט דערפאַר, וואָס ער שפּילט, נאָר דערפאַר, ווייל ער איז אַ ליטוואַק, און יעדער האָט יאָ געהערט צי נישט גע הערט, ער האָט געטון דאָס זייניקע: ווי נאָ ר אַ פרייע האַלבע שעה, כאַפּט ער זיך באַלד צו זיין גיטאַרע און נעמט צימבלען...
דער געוועזענער רעיענט האָט מיט די ציין געקריצט, דער קאָ־לעקטאָר האָט געקרעכצט:

— וואָס האָט ער צו מיינע יאָרן, דער ליטוואַק!
דער ווינקל־אַדוואָקאַט האָט געהאַלטן אין איין שרייען:
— ווו איז פּאָליציי? וואָס שווייגט פּאָליציי?
און דער ליטוואַק האָט געשפּילט...
און אָפּט פלעגט קומען צו אים אַ מיידל,
די מענטשן פון הויף, דאַכט זיך, שטומע, בלינדע, און פּלוצ־

לינג זענען זיי הערנדיק און זעענדיק געוואָרן . . ., און זיי האָבן געהערט און זיי האָבן זיי געזעען :

— דער ליטוואַק האָט זיך געקושט מיט דעם מיידל.

— ער האָט זי אַרומגענומען. . .

— אויף די קני געהאַלטן . .

דאַכט זיך, שטומע, טויבע און זיי האָבן אַלץ געזעען און אַלץ געהערט.

דער ליטוואַק האָט זיך ווידער געטון דאָס זייניקע און געשפּילט, געשפּילט. . .

ווייזט אויס, אַז די שכנים פון אונזער הויז זענען אים ווייניק אָנגעגאַנגען. ער האָט געהאַט זיינע אייגענע צרות. אָפט פלעגט קומען צו אים אַ חבר. דאָס פענצטער פלעגט זיין אָפן און די חברים פלעגן זיך אויסרעדן, זיי פלעגן רעדן אויפן קול פולבּרוסטיק און פולהאַרציק, אַזוי ווי ליטוואַקעס קענען. זייער געשפּרעך פלעגט זיך לאָזן הערן :

— דער טאַטע שיקט די פּאָר גראָשן און פאָדערט איין זאַך : דאַווענען. שרייב איך זיי, אַז איך דאַוון. דו ווייסט דאָך, איסאַק ! מיין דאַווענען. . . אויף דער גיטאַרע צימבל איך, און מיינע שכנים האָבן נישט ליב קיין מוזיק. . . לאָמיר אַ ביסל שפּילן, איסאַק ! דו זינג צו !

איינער שפּילט, דער צווייטער זינגט און אַ הויף, אַ פּיליע פון בית־עולם, קאָרטשעט זיך פון צאָרן. דערנאָך הערט זיך ווידער אַ דיאַלאָג פון צוויי :

— הערסט איסאַק ! עס וועט זיין אַמאָל גוט. מען וועט ענדיקן די „זובאָד־אַלקע״, מען וועט האָבן אַן אייגענעם קאַבּינעט און מ׳וועט רייסן ציין, עס איז אַ גאַנץ גוטע זאַך צו רייסן יענעמס ציין. . .

— הייבסט שוין אָן, ציניקער !

מען שפּילט און מען רעדט אינײנעם און מען רויכערט פּאַפּיראָסן. מען רעדט פּרעכע רייד און מען רעדט וועגן גרויסע הויכע ענינים, וועגן איבערבויען די וועלט און וועגן איינאָרדנען אַן אייגן ווינקעלע. . .

און דאָס אויף אַ קול, וואָס מאַכט ציטערן אַ הויף מיט שווייגנדיקע שכנים :

— עך ! איסאַק... דעם אמת וויל איך דאָך דיר אפילו נישט זאָגן. ווי מיאוס מיר איז דאָס לעבן, חיל איך פאַר דיר אפילו נישט פאַרטרויען. צו וואָס לעב איך ? און וואָס גרייט איך צו פאַר מיין לעבן ? ווערן אַ דענטיסט, אַ ציין-רייסער. אַ גאַנץ לעבן קריכן צו יענעם אין מויל אריין און גריבלען זיך אין יענעמס ציין. דו קאָנסט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, וואָס איך פיל, ווען איך טראַכט פון מיין צוקונפט... נאָר זאָרג נישט און איך וועל אויך נישט זאָרגן... איך זאָג דיר, עס וועט זיין אַ מאָל גוט, מען וועט ענדיקן די „זובאָדראַלקע", מען וועט האָבן אַן אייגענעם קאַבינעט, מען וועט חתונה האָבן און נעמען נדן...

דערנאָך רייסט זיך איבער דער דיאַלאָג און די גיטאַרע ציטערט ווידער מיט אירע קלאַנגען.

דער ליטוואַק איז געווען אַ מענטש מיט שטימונג, ער פלעגט אַמאָל אריינשפילן ביז אין מיטן דער נאַכט אריין. די שכנים פלעגן זיך בונטעווען — ווער ווייסט, מיט וואָס עס וואָלט זיך געענדיקט.

ווער ווייסט, מיט וואָס דאָס וואָלט זיך טאַקע געענדיקט, ווען נישט די מלחמה... מאָביליזאַציע ! יונגע מענטשן אויף דער מלחמה ! די שטאָט האָט געטומלט, די גאַסן פאַרפלייצט מיט מענטשן, אָבער דער גראָער הויף איז געבליבן שווייגעדיק און גראָ און די אויסגעקראָכענע קאַץ האָט זיך געגריבלט אין מיסט-קאַסטן.

אַלץ אַזוי ווי פריער.

נאָר אין איין נאַכט, אַ גאַנצע נאַכט האָט דער ליטוואַק געשפילט אָן אַן אויפהער, געקלאַפט און געריסן די סטרונעס, ווי מען רייסט גלידער פון לעבעדיקע מענטשן. דאָס פענצטער זיינס איז געווען ברייט אָפן און די קלאַנגען פון אַ גיטאַרע זענען געקראָכן צו די שכנים דורך די פאַרמאַכטע פענצטער, דורך די גראָבע ווענט..

מלחמה, מלחמה...

דער ליטוואַק איז אויך אַוועק אויף דער מלחמה: אינדער־ שטרי האָבן די שכנים געזען, ווי אַ גיטאַרע איז אַראָפּ פון די־ טרעפּ.

אַ גיטאַרע איז פאַרשוווּנדן געוואָרן פון פאַרשטיינערטן בית־ עולם־הויף.

# אַ מעשה מיט אַן אָמניבוס

דאָס איז געווען אַן אַלטע בויד אַ יידישע, אַן עגלה, אויף וועלכער מען האָט זיך געוויצלט, אַז עס שטאַמט נאָך פון נאַפּאָלעאָנס צייטן. איין גאָט ווייסט, פונוואַנען אַזאַ וואָגן האָט זיך פאַרשלעפּט אין אַ קליין פויליש שטעטל. פאַר לאַנגע יאָרן האָט מען די בויד אַ סך איבערגעניטשעוועט, פאַרקלעבט מיט שטעטלשע לאַטעס, אָבער אונטער די לאַטעס האָבן זיך געזען סימנים פון אַמאָליקער רחבות, לאַקירטע האָלץ און לאַקירטע שטיקלעך לעדער...

אַ קונסט-קענער, אַן אַנטיקוואַר, וואָס וואָלט דאָ עפּעס געהאַט צו זאָגן, ווען ער וואָלט גוט אַריינגעקוקט אין דער בויד, ווען ער וואָלט אַראָפּגעריסן די שטאָטישע לאַטעס און דערזען די מאָדנע אָרנאַמענטן, די באַהאַלטענע שניצערייען פון אַזאַ יידישער בויד...

עס איז געווען אַ יחוס-קאָטש און איצט:

„דער אָמניבוס"...

אָט אַזוי האָט מען עס גערופן אין שטעטל און דערדאָזיקער קאַסטן איז געווען דאָס אייגנטום פון בערעלע בעל-עגלה. ער האָט עס געהאַט אַ ירושה פון זיין טאַטן און דער טאַטע זייבער האָט עס אויך באַקומען אַלס ירושה... אַ קאַסטן אויף פיר רעדער מיט צוויי פערד איינגעשפּאַנט. די פערד זענען געווען געזונטע, די רעדער פעסטע, אָבער דער קאַסטן אַליין, זיין מאַיעסטעט דער אָמניבוס, רחמנא לצלן, האָט זיך געטרייסלט און געוואָרפן; ער איז געווען אַ חולה מסוכן... קוים זיך געהאַלטן און דאָך זיך געהאַלטן, געלעבט און איבערגעלעבט אַ סך ווינטערס און זומערס, דורות געלעבט, אין שנייען און בלאָטעס זיך געשלעפּט, ווינטן און דונערן אויסגעהאַלטן, אַן אמתע גלות-בויד

מיט דעם כוח פון גלות. דאָס שטעטל האָט עטלעכע אַלטע בנינים, אַן אַלטן קלויסטער, מיט אַן אַלטער בריק וואָס הענגט, ווי באַלד איינצופאַלן, נאָר די בריק, האַלט זיך, די בנינים האַלטן זיך און די בויד האָט זיך אויך געהאַלטן...

אייביק אין סכנה און אייביק געלעבט, אַ סימבאָלישע בויד. אַ שפיגל פון די חורבות אין שטעטל, אַ וואַרעמע, אַ טייערע בויד...

און בערע האָט געצויגן חיונה פון דעם קאַסטן. מיט דער בויד האָט קיינער נישט קאָנקורירט, ער פלעגט שטענדיק אַרייננעמען אַלע פּאַסאַזשירן, וועלכע זענען געקומען מיט דער באַן, אָדער עס פלעגט אַלעמען אַוועקפירן צו דער „קאָליע". דרייסיק קילאָמעטער צו דער באַן. דער וועג אַביסל שאָסיי און אַביסל זאַמד, פלעגט זיך די בויד, דער אָמניבוס, שלעפן אַ פיר־פינף שעה און אינעווייניק פלעגן זיצן די פּאַסאַזשירן און פאַר דער צייט פון דער רייזע זיך אויסשמועסן פון גאָר דער וועלט. מען פלעגט רעדן פון רייכע מענטשן, פון שלעכטע מענטשן, פון אַמאַליקע מלחמות און פון אייגענע צרות. מער פאַר אַלץ פלעגט מען טאַקע רעדן פון דער פאַרגאַנגענהייט. דאָ אין אָמניבוס, אויף די אַלטע אויסגעריבענע צעראַטענע בענק, פלעגט זיך רעדן פון דער אַלטער פאַרגאַנגענהייט מיט אמתר ליבשאַפט און ווען די בויד וואָלט קענען רעדן, וואָלט זי זיך אוודאי אָנגערופן:

— רעדט מענטשן! דערציילט פון דער פאַרגאַנגענהייט, ווייל נאָר דאָס, וואָס עס איז אַוועק, דאָס איז שיין, אפילו די אַלטע צרות זענען אונז ליב.

ווער איז נישט געפאָרן מיט דער בויד? גאַנצע דורות, זיידעס מיט אייניקלעך. אַלטיטשקע באָבעס און יונגע כלות, צו דער חופה, פון דער חופה, צו קרובים, פון קרובים, אין ישיבה לערנען געפאָרן און צו זעלנעריי, צום רבין און צום פריץ... די בויד האָט די גאַנצע וועלט אַרומגעפירט.

זומער אויסגעטרוקנט פון היץ און ווינט, איינגעדעקט מיט שטויב, ווי אַ וועג־וואַנדערער אין ווינטער פאַרשנייט. פאַרדעקט מיט ווייסע קרויזן, ווי אַן אַלטע באָבעשי...

אמאל פלעגט אריינקריכן אין אמניבוס א מענטש, א יחסן, א פולקאווניק, וואס האט געהאט נישט ווייט פון שטעטל זיין גוט, א בייזער פולקאווניק געווען און שטענדיק מיט זיין הונט, א כלב גרויס ווי א קאלב, דער הונט פלעגט ליגן אונטער די באנק און כסדר געברומט און אן אומגליק איז דאס געווען, א געשריי. א געטומל פלעגט זיך אויפהייבן אין דער ענגער בויד, ווען א יידענע פלעגט ארויפטרעטן אויף דעם כלבס א פיסל, דער הונט פלעגט זיך ווארפן אויף דער יידענע, דער פולקאווניק אויף די איבעריקע יידן און אלע פלעגן שרייען, ארויסשרייען פון זיך אלע זידלערייען...

און גיי פרעג ביי דער וועלט, ווער עס איז גערעכט, די יידענע, צי דער הונט? אבער די אלטע בויד האט געדולדיק אויסגעהערט די אלע נארישע רייסענישן, זי פלעגט זיך לאזן שלעפן איבער די זאמדן, אין א רעגן פלעגט זיי אלעמען באשיצן, אין א ווינט אלעמען באשיצן, כלות צו חתנים האט זיי געפירט חתנים צו כלות, רבנים און רייכע סוחרים, דעם פולקאווניק און דעם פריסטאוו... בערעס אמניבוס איז געווען באקאנט אין דער גאנצער געגנט און בערע אליין איז נישט געווען ענלעך צו זיינע חברים, די איבעריקע בעלי עגלות, ווייל דארט, ווו יענע פלעגן זיך שעלטן און רעדן גראבע רייד. דארט פלעגט בערע שווייגן אזוי ווי זיין וואזשנע בויד האט געשוויגן... ער איז געווען א ברייטער ייד און אויסער זיין ברייטקייט פלעגט ער עפעס ארויפשלעפן אויף זיך א סך בגדים, סיי זומער, סיי ווינטער, מען האט נישט געקאנט איבערציילן, וויפל ארבל דער מענטש האט אויף זיינע הענט און ברעמען האט ער געהאט ברייטע, טאפלטע, מיט א בארד, וואס האט מויל און נאז איינגעשלונגען. א מענטש א שווייגער, מיט זיינע פערד האט ער מער גערעדט, ווי מיט מענטשן...

געזאגט האט מען אויף אים, אז ער איז א כעסן און געמעגט האט מען טראכטן, אז א מענטש, וואס האט טאג און נאכט צו טון מיט „פאסאזשירן", אזא מענטש פארלירט ביסלעכווייז דעם אפעטיט מיט מענטשן צו רעדן...

דאס שטעדטל האט געלעבט מיט א מאנאטאן לעבן, פון

צייט-צו-צייט פלעגט עמעצער שטאַרבן, האָט מען אַ טאָג געיאָמערט. פון צייט-צו-צייט פלעגט ווער אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, געווען איז עס דעמאָלט אַלץ איינס, ווי געשטאָרבן...

פלעגט מען ווידער יאָמערן! אַז עמיצער פלעגט אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע פלעגט אים די בויד אַוועקפירן צו דער באַן און די בויד פלעגט צוריקקומען, נאָר אַ מענטש האָט געפעלט, אַ יונג מיט ביינער, אויסגעהאָדעוועט זיך דאָ, שוין גענומען מיט מיידלעך זיך אַרומיאָגן און פלוצלינג אַוועק אין די אַמעריקעס, אַ מאַמע פלעגט לאַנג, לאַנג זיפצן...

און די בויד האָט געפירט פאַרשוינען.

פלעגט זיך בערע באַווייזן אויפן מאַרק אין די מיטאָג-שעהן. ער גייט אַרויסגיין אַזוי זיך, אָבער דער „אַזוי זיך" איז געווען צוליב פרנסה. פון אַלע זייטן פלעגט מען אים רופן.

גרשון דער אייזן-קרעמער לויפט אַרויס פון געוועלב:

— ר' בערע! ווען איר וועט שפאַנען צו דער באַן, זאָלט איר מיך האָבן אין זינען, לאָזט אַ גוטן פלאַץ פאַר מיר, איך פאָר היינט קיין וואַרשע נאָך סחורה.

חיה די שניט-קרעמערקע שרייט פון געוועלב:

— ר' בערע! איך פאָר היינט קיין וואַרשע. און אַזוי פון אַלע זייטן. דערנאָך באַווייזט זיך דער אָמניבוס אויפן מאַרק און אַרום דעם אָמניבוס ווערט דער זאַמל-פונקט פון אַלע ליידיק-גייערס, דאָ פלוידערט מען און דאָ דערוויסט מען זיך וועלט-נייעס און גרויס-שטאָטישע נייעס, דאָ ברענגט מען גרוסן צו די, וואָס פאָרן אַוועק און דאָ נעמט מען אָפּ גרוסן פון די, וואָס קומען צו פאָרן...

אמת, אַז נישט אַלע מאָל שטייט דער אָמניבוס אויף זיין פלאַץ אינמיטן מאַרק, אָבער דער איינדרוק איז אַזאַ, אַז בערעס קאַרעטע איז דאָ אַן אייביקע זאַך, איינגעוואַקסן אין אַלעמענס אייגן פונקט ווי די אַלטע הייזער, ווי דער קאָשטשי-אָל, ווי דער טייך, ווי די טאָפּאָלן ביים וואַסער. יאָ, די וועלט האָט זיך אָנגעהויבן מיט בערעס בויד און די וועלט וועט זיך ענדיקן מיט בערעס בויד...

זומערן זענען געגאַנגען מיט ווייטע און נאָענטע גרינע פעל-

דער; זומער, בליצן און דונערן און הארבסטן פלעגן קומען מיט געלע בלעטער, ווייסע ווינטערן, מחיהדיקע פרילינגען, די וועלט האָט געלעבט און אַ קליין ביסל פון דער וועלט האָט געשלעפט בערעס בויד...

איז פלוצלינג די מלחמה.

ווען אויף אַלע וועגן זענען האסטיק געפלויגן די מיליטער־רישע שטאַפעטן, האָט זיך בערעס בויד נאָך אַלץ געשלעפט פון שטעטל צו דער באַן און פון באַן צום שטעטל. און די קריגס־סומאַטאָכע איז אַלץ גרעסער און גרעסער געוואָרן, קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס מאָרגן וועט זיין, אַ סך זענען פון שטעטל אַנטלאָפן און די איבעריקע האָבן געגלייבט, אַז היינט־מאָרגן וועט זיך דאָס ענדיקן.

מענטשן זענען דאָך נישט משוגע..

וואָס? זיי וועלן פאַרניכטן זייער אייגענע וועלט?

און בערע האָט ווידער איינגעשפּאַנט זיינע צוויי פערד און ווידער אַרויסגעפאָרן אויפן מאַרק. אין יענעם טאָג איז דורכן שטעטל אַדורכגעגאַנגען אַ רוסישער קאָרפּוס, אַ גרויסער אָבאָז. אַ שטויב איז געשטאַנען, אַ הילכערײַ האָט פאַרטויבט די מענטשן...

און ווען די בויד איז פול געווען מיט מענטשן, אַלע גרייט צום פאָרן, זענען דעמאָלט צוגעלאָפן רוסישע זעלנער צו בערעס אָמניבוס און אויסגעשפּאַנט די פערד, אויסגעשפּאַנט איז אויסגע־שפּאַנט, וואָס אַ רוסישן זעלנער פאַרגלוסט זיך, אָבער די זעלבע זעלנער האָבן די פערד אַוועקגעפירט און די זעלבע זעלנער זענען ווידער צוגעקומען און אַראָפּגענומען די רעדער פון אָמ־ניבוס.

בערע איז געשטאַנען, ווי אַ טויבער, ווי אַ שטומער.

און איין ייד צום צווייטן האָט זיך אָנגערופן:

— ס'איז טאַקע מלחמה! הערסט, וואָס איך זאָג דיר — מל — ח — מה!

עס האָבן געהילכט האַרמאַטן, פלאַם און פייער. דערפלעך האָבן געברענט, ווי קאָרטן־שטיבלעך, און אין דעם שטעטל פון וועלכן דאָ דערציילט זיך, האָבן זיך אויך וועלטן געקערט. מענטשן

האָט מען געפּייניקט... קליינע מענטשן פון אַ קליין שטעטל, די וועלט איז זיי פרעמד געווען, די גרויסע וועלט מיט אירע פאַרברעכנס, זיי האָבן דאָ געהאַט זייער וועלטעלע מיט קליינע זינד און גרויסע ברכות, האָט מען זייער וועלטעלע צעשטערט.

אויף דעם מאַרק איז געבליבן די בויד, אַ רחמנות געווען צו קוקן, פונקט ווי מען וואָלט ביי אַ לעבעדיקן נפש די פיס אונטערגעהאַקט, געבליבן ליגן און געלעגן טעג און וואָכן ווייל בערע איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ צעדולטער און וואָס וועט ער גיין נעמען און שלעפּן דעם אַלטפרענקישן וואָגן פון מאַרק, ווען קיין פערד האָט ער נישט און קיין רעדער האָט ער נישט און אים אַליין מיט דער גאַנצער עדה האָבן די רוסן פאַרטריבן אינגיכן פון שטעטל. אַרויסגעיאָגט ווי הינט!

פון אַלע זייטן האָבן האַרמאַטן געקנאַלט, פייער און רויך, בלוט און יסורים...

מלחמה. אַ יידיש שטעטל איז ליידיק געבליבן און אויפן מאַרק האָט זיך געוואַלגערט בערעס בויד, דער אומניבוס... אַזוי ווי ער וואָלט פאַראַליזירט געוואָרן, ווי אַ נפש, וואָס איז געפאַלן אין וועג, דאַן ווען אַלע זענען אַנטלאָפן...

דערנאָך זענען געקומען די דייטשן און יידן האָבן זיך ווידער געוומען באַוויזן. אין צעבראָכענעם לעבן האָט עפּעס אויפגעלעבט. אויפן מאַרק האָט מען ווידער ביסלעכווייז געהאַנדלט, כאָטש דער דייטש איז געווען זייער שטרענג, און די יידענעס פלעגן צווישן זיך שמועסן:

דער קאַצאַפּ פלעגט אונז זאָגן „זשיד“ און דער דייטש זאָגט „יודע“, אַזאַ יאָר זאָלן זיי ביידע האָבן, ווי אונז לעבט זיך.

און ווי אַ שומר, ווי אַ דערינערונג פון אַלטע שרעקן איז געווען בערעס בויד. דער אָמניבוס איז פון דעמאָלט אָן געבליבן אויפן מאַרק, געשטאַנען און געוואַרט: געשטאַנען אַ בויד און געלאָזט אויף זיך רעגענען, געווען איז דאָס אַ הינטישע בודע, אַ ראַנדעוווּ־פּלאַץ פאַר די פאַרליבטע קעץ...

ווען ער וואָלט געהאַט רעדער, וואָלט מען אים ערגעץ

אוועקגעפירט, נאָר די רעדער האָבן די רוסן צוגענומען און דער באַלעבאָס פון אָמניבוס איז ערגעץ פאַרשווונדן געוואָרן.

מענטשן האָבן דעמאָלט גרעסערע זאָרג געהאַט. וואַלגערט זיך אַ קאַסטן, זאָל ער זיך וואַלגערן...

בלוין ביי די געציילטע פלעגט עס אַרויסרופן אַ ווייטיק און דערינערונג:

— שלמה! וואָס זאָגסטו צו דער בויד?... ליגט אויפן מאַרק ווי אַ פגירה. האַ! שלמה! איך קוק זי אָן און איך דער־מאָן זיך, ווי איך בין קיין יאַנאָוויץ געפאָרן זיך זעען מיט מיין כלה... גאָר אַן אַנדערע וועלט געווען דעמאָלט...

און ווען מענטשן האָבן גענומען רעדן וועגן דער פוסטער בויד, איז טאַקע אַזאַ קאַסטן הייליק געוואָרן ביי זיי אין די אויגן, ווי אַ דיק ספר, אין וועלכן עס זענען לעבעדיקע לעבנס פאַר־שריבן געוואָרן. נישט איין זיפץ פלעגן די מענטשן אַרויסלאָזן, קוקנדיק אויף דער טויטער בויד, אָבער דאָס לעבן האָט געזאָגט, מען מוז אַרבעטן, פראַצעווען... און ווער האָט עס צו חלומען אַרום אַן אַלטן אָמניבוס, וועלכער ליגט אָן רעדער אויפן מיטן מאַרק.

נאָר ווייזט אויס, אַז דערדאָזיקער אָמניבוס, וואָס קיינער האָט נישט געוווסט פון וועלכן לאַנד ער שטאַמט, דערדאָזיקער קדמונים־קאַסטן האָט נאָך באַדאַרפט אָפּשפּילן אַ געוויסע ראָל אויף דער זינדיקער ערד...

נישט אומזיסט איז ער דאָ געלעגן. אמת, די קעץ און די הינט האָבן דאָ געהאַט אַ גוט באַהעלטעניש, אָבער דאָס איז נישט געווען אינגאַנצן.

מען האָט אין שטעטל אָנגעהויבן שמועסן, אַז די דייטשן, אָ, די דייטשן, די דייטשן...

אַז די דייטשן, די זעלנער, זענען גע אָרן גרויסע מחותנים מיט דער האַלב־צעשאָטענער בויד.

מען האָט אָנגעהויבן שמועסן...

דייטשן מיט שיקסעס...

אין בויד...

דער האָט געזעען, און יענער האָט געהערט. און דאָס איז געווען אמת. טאַטעס און מאַמעס האָבן זיך געשראָקן פאַר זייערע קינדער, די בויד, די אומשולדיקע בויד, איז געוואָרן אַ ווינקל פאַר זינד...

אין דעם האָבן זיך גענומען שושקען און אין דעם זענען געפאַלן צום קאָמענדאַנט: — פאַניע קאָמענדאַנט! אייערע לייט קריכן אין בויד... מיט... מיט שיקסעס...

דער קאָמענדאַנט, אַ רונדער אַנטאַלעך ביר, מיט אַ סך קנעפּ אין זיין בייכיקן מונדירל, ער האָט אויסגעגלאָצט די אויגן און שפּאָטיש גענומען איבערקרימען די יידן:

— וואָס? וואָס „אייערע לייט"? וואָס „בויד"? וואָס „שיקסעס"?

ער האָט זיך נישט געמאַכט פאַרשטיין, צי ער האָט טאַקע נישט פאַרשטאַנען — די יידן זענען אַוועק מיט גאָרנישט און די בויד... אין בויד זענען געגאַנגען אָרגיעס. אין שטעטל האָט מען גערעדט רכילות... מילא שיקסעס, אָבער איינער דעם צווייטן האָט גענומען אויפוואַרפן:

דיין טאָכטער קריכט אין בויד... מיט די דייטשן, מען האָט געזעען, מען ווייסט.

די אַמאָליקע געמיטלעכע בויד, וואָס האָט אַזוי געטריי געדינט אַ שטעטל, איז איצט געוואָרן אַן אָנשיקעניש, אַ בייזקייט, אַ חרפּה פאַר אַ גאַנצער עדה.

נאָר די דייטשן זענען אַ שטאַרק פאָלק און די דייטשע זעלנער טראָגן אייזנע קאַסקעס און זיי האָבן ביקסן, פּולעמיאָטן, האַרמאַטן... די דייטשן... אַ קליינינקייט די דייטשן — ווער וויל עס און ווער קאָן זיך מיט זיי אָנהייבן? מען האָט די ליפּן געביסן און געשוויגן, מען פלעגט דעם קאָפּ אָפּדרייען אָן אַ זייט, אַבי נישט צו קוקן אויף דער בויד. און ווער עס איז דרייסטער געווען, דער פלעגט שפּייען אויף בערעס קוליאַווען אַמניבוס...

און די פרומע האָבן שטילערהייט געשאָלטן.

אָבער דער גאָט פון מלחמה און צעשטערונג פאַרשטייט נישט די יידישע שפּראַך און די יידישע קללות — די בויד אין

זיך ווידער געשטאַנען ווי אַ נעסט פון זינד און צעפּוילונג און האָט געוואַרט אויף אַ שטראָף, אַ שטראָף האָט געמוזט קומען.

יידן האָבן פיינט מלחמה, נאָר ווען אונטער זייערע פענצטער ווערן אָפּגעטון אַזעלכע זאַכן... דעמאָלט איז מען גרייט אויף מסירת-נפש...

און קיינער האָט נישט געוווּסט, ווער עס איז דער איינער, וועלכער האָט זיך אונטערגעגנבעט איינמאָל אין אַ פינצטערער נאַכט. אונטערגעגנבעט זיך, מיט נאַפט באַגאָסן די בויד, אונטער-געצונדן...

אַ פלאַם האָט זיך באַוויזן אויפן מיטן מאַרק, אַ פלאַם אין מיטן דער שוואַרצער נאַכט אַריין. עס האָט זיך דערהערט אַ געשריי...

אַ דייטשער זעלנער איז אַרויסגעשפּרונגען פון דער בויד...

און אַ פרוי איז אַרויסגעלאָפן... די צוויי האָבן זיך געראַ-טעוועט, נאָר פון דעם אומשולדיק-זינדיקן אָמניבוס איז געבליבן אַ בערגעלע אַש...

## צירעלע די משוגענע

איך האָב גענומען מיין גראָבן סענק־וואַטן שטעקן און איך בין אַרויסגעגאַנגען פון שטעטל. איך האָב געוווּסט, וואָס איך טו.

אין דעם טאָג קומט דאָך פאַר אַ יריד, ווען איך סיי־ווי־סיי זיך דאָ קיין אָרט נישט געפינען, דער גאַנצער מאַרק איז פאַרשטעלט מיט פורן, דער ליאַרעם איז גרויס. מען האַנדלט אויף וואָס די וועלט שטייט, פערד הירזשען און יונגע הענדלעך קרייען, יידענעס און קריסטנס קויפן פוטער און סמעטענע. דאָ און דאָרט גיסט מען עס איבער פון קריגל אין קריגל. חזירים קוויטשן, און ווי זיי קוויטשן! אַ חזיר האָט מען אוודאי פיינט מער פאַר אַלץ פאַר זיין קוויטשן. אין אַזאַ טאָג איז מיר ליבער אַרויסצוגיין פון שטעטל, און זיכער בין איך, אַז היינט וועל איך אין די אַרומיקע באַרג־טאָלן און וועלדער קיין מענטשן נישט באַגעגענען, קיינער וועט מיר נישט שטערן. איך פיל, אַז איך באַדאַרף שוין זיין אַביסל אַליין. גענוג זיך אָנגעקוקט אויף די מענטשן, אויף אייגענע און פרעמדע, שוין גענוג זייערע מעשיות אויסגעהערט, לעגענדעס און ווירקלעכקייט, צוגעקוקט זיך צום דלות און געפרייט זיך מיט ריינער קריסטאַלענער פאַלקסטימלעכקייט. אָבער איך האָב זיך אינגאַנצן אָפּגעריסן פון זיך און איצט ווייס איך, ווו איך גיי, איך גיי אויף אַ באַגעגעניש מיט זיך אַליין, אַ וויאָרסט, צוויי וויאָרסט וועל איך שפּרייזן אויף דעם האַרטן שטעגל, פון דער זון איז דער ליים האַרט פאַרטרוקנט...

איך פיל עס היינט שטאַרקער. איך פיל, אַז אַ מענטש איז נישט נאָר פאַר מענטשן, נאָר אויך פאַר דער נאַטור, פאַר דער שטילקייט און גאַנץ אָפּט, גאַנץ אָפּט איז מיר אַ נישטיק גרעזעלע

אַ גרעסערער שותּף, ווי אַ פּריינט אין מענטשן־געשטאַלט און דער זילבערנער שטראָם פון קוואַל רעדט צו מיר... הלוואַי וואָלטן מענטשן אַזוי גערעדט אפילו אין זייערע יום־טובים. איך האָב נאָך אַביסעלע מוט און איך הייב זיך נישט אָן צו שעמען מיט דידאַזיקע סענטימענטן...

עס שטייט שוין דער שפּעטער האַרבסט. אַ סך ביימער און ביימעלעך שטייען שוין אינגאַנצן נאַקעט, ווי עס וואָלט גאָר קיין זומער נישט געווען. די אָפּגעגאָלטע פעלדער גלאַנצן אויף דער זון מיט די ברעקלעך שטרוי, וואָס זענען פון די זאַנגען פאַרבליבן.

און עס עפנט זיך אויף מיטאַמאָל אַ ווייטע ווייטקייט. די ערשטע רגע כאַפּט עס צו ביי מיר אינגאַנצן די נשמה מיינע, ווי דער ווינט כאַפּט צו ביי אַ קינד אַ באַלאָניק... נאָר די ברייטע ווייטקייט באַדאַרף נישט מיין נשמה, איך דערפיל זיך באַלד, אויגנבליקלעך, אַז איך האָב נשמה... נישט מער, זי וויל פליען די נשמה. ווייס איך, אַז פליען קען איך נישט און איך גיב זיך אונטער, איך נעם שלינגען מיט די אויגן די בילדער פון דער ליידיקייט.

עס שטייט שוין אַ גאָר שפּעטער האַרבסט. צען טריט פון שטעטל הייבט זיך אָן אַ מעלאַנכאָלישע וועלט: זון און בלאָער הימל קוקן אויף ליידיק לעבן, קוקן און הערן נישט אויף צו קוקן, גיסן ליכט און רויקייט מיט דער גרעסטער שפע. פאַר וועמען? ווען קיין לעבעדיק נפש איז דאָ נישטאָ. אפשר פאַר מיר אַליין אַזוי פיל רויקייט און ליכטיקייט?

איך שפּריין באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ. איך גיי מיט אַ ציל. איך ווייס וווהין איך גיי. איך ווייס, אַז ד רטן נאָך די דריי צלמים איז פאַראַן אַ בערגל. דאַרף מען זיך אויפהייבן אויף דעם בערגל און דערנאָך זיך פאַרנעמען אויף לינקס און גיין ווייטער, ווייטער...

איך גיי צום דעמבאָוועו וואַלד. דאָרטן האַלטן זיך נאָך די בלעטער אויף די ביימער, די דעמבאָווע ביימער טוען זיך אויס די לעצטע נאַקעט און איך האָב ליב דאָס רויקע פייער, וואָס ברענט אין אַזאַ וואַלד פון די בלעטער, איך האָב ליב די פייכטקייט,

וואָס צעשפּרייט די נאָזלעכער. עפּעס אַן אוראַלט געפיל וואַקסט זיך אויף אין מיר, ווען איך שפּרייז דאָרט מיט מיין שטעקן, ווען די פיס זינקען אין די געלע דיוואַנעס...

איך האָב עס ליב...

און איך זינדיק, דאַכט זיך, מיט דעם, וואָס איך דערצייל וועגן מיין ליבע... דאַכט זיך, אַז מען טאָר נישט דערציילן וועגן זאַכן, וואָס ווילן זיך טיפער אין הארצן באַהאַלטן.

איך שפּרייז און נישט איך און נישט מיין אויג האָט איצט אַ ציל, זען, פילן און שווייגן — דאָס ווערט ביי מיר איין געפיל. עס געדויערט לאַנג אַזוי, ביז דאָס אויג נעמט זיך איינקוקן אין עפּעס.

ס׳איז נישט קיין בוים און נישט קייןביימל. אַ מענטש זיצט אונטער דעם רויט-געלן שאָטן פון אַ בוים, פון אַ סך ביימער. אַ מענטש... און איך פאַרטשאַטשעווע זיך, איך לויער און פאַרש פון ווייטנס מיט די אויגן...

צירעלע די משוגענע...

איינע אַליין.

מיט אַ קראַנץ פון געלע בלעטער אויפן קאָפּ, ווי אַ קרוין, און דער ליכטיקער אָפּגלאַנץ פון די בלעטער באַלויכט אירע רויקע קנייטשן. אויף איר האַלז אַ קייט פון געלע בלעטער און אַ סך אַזעלכע בלעטער ליגן לעבן איר צונויפגעשאַרט אין אַ בערגל.

זי זיצט און זי אַרבעט. זי פלעכט נאָך עפּעס פון די בלעטער. זי אַרבעט רויק, געלאַסן און פלייסיק און דערביי שמייכלט זי צו זיך אַליין. אַ מאָדנער שמייכל, אַ שמייכל נישט פון צופרידנקייט, אָבער פול מיט רויקייט און הכנעה. דער שמייכל פאַנגט מיך. ווען איך דריי אָפּ אַ ביסל דעם קאָפּ, ווען איך קוק אויף די ביימער, אויף די נענטערע און אויף די ווייטערע ביימער, — דאַכט זיך מיר כסדר אויס, אַז איך זע אויף אַלץ העגגען צירעלעס שמייכל...

אַ מענטש, אַ פרוי מיט אַ צעקנייטשט פּנים אין דעם ים פון געלע בלעטער. אַלטקייט אין שייניקן גאָלד. אַ פרוי, זי האָט זיך

דאָ אומישנע פאַרקליבן איר אַלטקייט צו באַהאַלטן, איר שמייכל יונג צו מאַכן . . .

עס שטייט אַ גרויסער וואַלד, מיט פעסטע דעמבאָרע ביי־מער, בלעטער אויף דער ערד און בלעטער אויף די צווייגן . . . געל, קויטער־קאָליר און גאָלד־קאָליר, עפּעס אַ פּרעכטיקער סאַלאָן אין אַ רייכן שלאָס און אונטער די ביימער זיצט די צירעלע, זיצט איינע אַליין די צירעלע און פּוצט זיך מיט די בלעטער.

איך וויל איר נישט שטערן, מיט שטילע טריט גנבע איך זיך אַוועק פון מיין פּלאַץ, פון בילד, וואָס איך האָב געזען, נעם איך מיט עטוואָס אַזוינס, וואָס איז אַזוי ווי אַ הייליקייט . . .

צירעלע די משוגענע.

זי איז איצט אַלט אַ יאָר פופציק. העכער ווי מיט דרייסיק יאָר צוריק האָט מען זי חתונה געמאַכט און באַלד נאָך דער חתונה איז זי געוואָרן „אַזאַ".

משוגע געוואָרן.

נאָר צי דען הייסט עס משוגע? אַ מענטש גייט אַרום שטיל, ווי אַ שויב. אַ מענטש רירט נישט קיין פליג אויף דער וואַנט. אפשר זענען גאָר יענע משוגע, די, וואָס האָבן זי חתונה געמאַכט מיט אַן אַלטן מאַן, ווייל ס'איז געווען אַ יחוס, ווייל ס'איז געווען אַ געלט־עניין און זי האָט נישט געקאָנט זאָגן: „ניין!" פון דאַמאָלס אָן איז זי „אַזאַ". מען האָט זי געזען אַרויסקוקן פון פענסטער, מען האָט זי געזען זיצן ביים טייך, אויף אַ שטיין, אויף אַ קלאָץ, שטענדיק די אויגן ערגעץ ווייט, די אויגן נישט אויף דער וועלט. זי האָט קיינעם נישט געטשעפּעט, כאָטש זי האָט אָפט געליטן פון די גאַסן־ייִנגלעך . . .

צירעלע משוגענע! — האָבן זיי געשריגן און זי האָט קיינעם נישט געענטפערט, געקוקט ערגעץ ווייט און אָפט אַזוי רויק געשמייכלט . . .

און זע נאָר:

עס איז געווען אַזאַ שרעקלעכע מלחמה. מענטשן זענען געפאַלן אין די מיליאָנען, מענטשן יונגע, געזונטע. מענטשן מיט געווער אין די הענט, און זי, אַזאַ אומבאַשיצטע, האָט איבערגעלעבט

די אַלע שרעקן און זי פֿלעכט ווי שטענדיק אירע בלומען-קרענץ.

איך גנבֿע זיך אַוועק פֿון איר.

אפֿשר איז דאָס די ליכטיקסטע שווייגן פֿון לעבן, פֿון העכערן לעבן און איך טאָר עס נישט צעשטערן. שווייגן איז שוגבט, איז טאַלענט. שווייגן האָט עפּעס בשותּפֿותדיקס מיט גײַסטלעכקייט, און צירעלע די משוגענע איז אַוועק ווײַט אין האַלד משוגע זײַן, ווײַט פֿון טומל און פֿון מענטשן, זי מאַכט נישט וואָכעדיקע משוגעת, זי שפּילט זיך ערנסט, שטום-ערנסט, מיט די לעצטע האַרבסט-בלעטער. שטיל און פֿאַרזיכטיק שטעל איך מײַנע טריט, אויף קיין צווײַגל נישט אַרויפֿשפּרינגען, דעם אָטעם האַלט איך... גענוג איך האָב זי געזען, זי מיך טאָר נישט זען...

צירעלע די משוגענע. איך גיי און איך טראַכט פֿון איר:

אײַן שוואַכקייט האָט זי געהאַט און זי האָט זי ביזן הײַנטיקן טאָג, אַ פּרדיען-שוואַכקייט.

זי פּוצט זיך, זי האַלט זיך אין איין פּוצן. נישט אין גאָלד און נישט אין בריליאַנטן...

פּערל, וואָס באַזונען אַנדערע ייִדישע טעכטער. דאָס האָט זי נישט, זי איז אָרעם און אָרעם זענען די קרובֿים, בײַ וועלכע זי האַלט זיך אויף. זי האָט זיך ליב צו פּוצן מיט בלעטלעך, מיט אַגראַפֿקעס, מיט שערבעלעך פֿון פּאָרצעלײַ... און מיט בלומען, וואָס זי רײַסט אַליין אָפּ אין פֿעלד...

נישט איינמאָל האָט עס שוין פּאַסירט, זי גייט אַוועק אין פֿעלד אין דער צײַט, ווען דאָס קאָרן בליט. און זי קומט צוריק פּשוט אײַנגעטונקען אין די בלויע קאָרן-בלומען. זי קומט-אַרײַן אין שטעטל און שמייכלט צו די מענטשן...

גיי און דערוויס זיך, וואָס אַ משוגענער שמייכלט...

אַפֿילו די ערגסטע קינדער האָבן דעמאָלט נישט קיין העזה אָפּצולאַכן פֿון איר. זי שפּרײַזט...

צירעלע שפּרײַזט אײַנגעטונקען אין בלויע קאָרן-בלומען. אויף דעם ברייטן מאַרק-פּלאַץ, צווישן די אָרעמע קלייטן, אַרום אײַנגעפֿאַלענעם פּלויט, עס שפּרײַזט אַ יום-טובֿדיקייט. אַ פֿעלד-יום-טובֿדיקייט, אַ בלומען-יום-טובֿ... דרך-ארץ!

און חיה־שׂרה די אַלטע װאַסער־טרעגערין רופֿט זיך אָפּ:

— זעה נאָר!

און משה־איטשע דער טרעגער װינקט צו אַ צװײטן טרעגער:

— קוק נאָר!

און אַ קלײן מײדעלע לײגט אַרײן ס׳פֿינגערל אין מויל און עפֿנט ברײט די יונגע אײגעלעך.

צירעלע שפּרײט אײנגעשטוקען אין בלומען. עס איז פֿאַנטאַסטיש, דאָס שטעטל ברענט אין זון־פֿאַרגאַנג אַלץ רויטער, רויטער און צירעלע אַלײן ציגײט זיך אויך אָן. אירע בלויע בלומען זענען רויט... פֿאַנטאַסטיש...

הײנט אָבער, אין װאַלד פֿון די דעמבעס, האָט זי מיך נאָך מער איבעררעשט. זי איז געװען אַזױ אײנגעפֿלאָכטן אין דער רויִקײט פֿון װאַלד, זי איז געװען אַזױ אײנגעװיקלט אין דעם טלית פֿון די גרינע בלעטער, און דער זעלטענער שמײכל פֿון אַ זופּציק־יעריקער פֿרוי...

מקנא צו זײן.

װאָס װאָלט געװען מיט אַזאַ צירעלע, װען זי װערט נישט משוגע? זי װאָלט געהאַט אַ מאַן און קינדער, זי װאָלט געהאַט נויט און צרות. דער מאַן װאָלט געשטאָרבן, די קינדער װאָלטן אַװעק קײן אַמעריקע... עלנט װאָלט זי געבליבן, װי אַ סך אומגליקלעכע מאַמעס... און הײנט איז זי פֿרײ פֿון דער װעלט. פֿרײ אינגאַנצן, פֿרײ, אין אַ יריד־טאָג, װען דאָס גאַנצע שטעטל כאַפּט זיך אויף באַגינען, כדי עפּעס צו קויפֿן אָדער פֿאַרקויפֿן, אַלע טומלען און שװיצן אַ גאַנצן טאָג צוליב גראָשענע גראָשנס, און זי איז פֿרײ, זי איז אַװעק אַהין, װו איך האָב זיך אויסגעקליבן צו גײן: אין דעמבע־װאַלד און זי איז דאָרט רויִקער פֿאַר מיר...

איך גײ שױן צוריק פֿון װאַלד און זי איז דאָרט פֿאַרבליבן. איך האָב דאָ מײנע אינטערעסן צװישן די מענטשן און זי האָט גאָרנישט, זי באַדאַרף עס נישט, זי פֿלעכט זיך קרענץ פֿון די גרינע בלעטער. אַ מענטש זיצט אין װאַלד און שװײגט צום װאַלד און דער װאַלד שװײגט צום מענטש...

איך גיי צוריק...

און איך ווייס נישט, איך וויל זיך נישט מודה זיין, וואָס עס ציט מיך מער, דער דעמבע-וואַלד מיט צירעלען, צי דער יריד פון די מענטשן. רויק בין איך, עס דאַכט זיך מיר, אַז די באַגעגעניש מיט צירעלען האָט היינט פאַרענדיקט פאַר מיר דאָס בילד פון רויקן הארבסט, פאַררונדלט און איינגעראַמט די וועלט.

איך קום אין שטעטל. דער יריד ענדיקט זיך שוין באַלד. די פויערים קריכן שוין אויף זייערע פורלער. שוין פאַרקויפט די יונגע הענדעלעך און קאַטשקעס, שוין פאַרקויפט דעם פלאַקס, שוין אויספאַרקויפט דעם זומער. עס איז בלויז געבליבן אַ רויי-קייט אויף די פעלדער און אַ ליכטיקע זון — קיינער קויפט עס נישט.

איך זע מענטשן און פאַר די אויגן שוועבט דער גאָלדענער וואַלד מיט דער שטילקייט, וואָס גייט פון צווייג צו צווייג, פון בלאַט צו בלאַט.

איך רעד מיט דבורהלע דער שניטקרעמערקע, מיט וועווקען דעם יונגן באַלעגאָלע, מיט יעקל דעם פישער. איך רעד מיט פראַנקאָווסקין דעם רעסטאָראַטאָר, מיט אַלע מיינע אַלטע און גו-טע באַקאַנטע און פאַר די אויגן שוועבט די גאַנצע צייט די צי-רעלע מיט די בלעטער...

עס איז שוין פאַרנאַכט. אַ קילקייט קומט פון טייך. נאָר אויף דעם ברייטן מארק איז נאָך דאָ אַ שטיק זון, דאָס איז באַם פלומפ און איך זיך דאַרט מיט אַ מחנה באַלעגאָלעס. די שווערע מענטשן מאַכן חוזק איינער פון צווייטן, מען שאַנעוועט נישט יע-נעמס ווייב, יענעמס מאַמע, מען לאַכט פון אַלץ...

איך טראַכט, אַז מען דאַרף זיך שוין געזעגענען מיט זיי. מען באַדאַרף שוין איינפאַקן די וואַליזקע און אַוועק צוריק אין שטאָט...

און וואָס וועט זיין אין שטאָט?

מען וועט קריכן אויף הויכע טרעפּ און אָנקלינגען אַמאָל צו דעם און אַמאָל צו יענעם. עס וועט זיין ווינטער און אַזוי וועט מען זוכן יעדן טאָג דעם נעכטיקן טאָג...

עס ווערט עפּעס טרויעריק אויפֿן האַרץ, פּונקט ווי דער קומענדיקער ווינטער וואָלט זיך שוין באַוויזן מיט זיין גאַנצער ליידיקייט, באַהאַלטן זיך און אויסגעזאָגט דעם סוד, וואָס אַלע ווייסן און ווילן נישט וויסן...

עס וועט גאָרנישט זיין.

פּוסט וועט זיין...

מאַכטלאָזיקייט וועט זיין...

און איך וויל זיך שוין מיט עפּעס טרייסטן. איך זוך אין די געדאַנקען, ביז איך קום צוריק אין מיין באַטאַגיקן וואַלד. די געלע וועגן און טויפּיטן, די גאַנצע ליכטיקע פאַרביקייט גיסט זיך אַריין אין דער נשמה.

און צירעלע?

זי זיצט דאָרטן נאָך אַליין און פלעכט די קרענץ אירע?

איך טראַכט פון צירעלען און דערהייל קומט-אָן די סטאַדע פון פעלד, עטלעכע צענדלינג בהמות שפּרייזן לאַנגזאַם אַריין אויפֿן מאַרק. שוין די לעצטע טעג פון זייער פרייהייט. אין פעלד איז שוין קיין גראָז נישטאָ, אָט באַלד וועט מען זיי פאַרשליסן אין די שטאַלן...

געענדיקט מיט זון און זומער, פאַר מענטש און בהמה, פאַר אַלעמען געענדיקט.

לאַנגזאַם שפּרייזן די בהמות און פּלוצלינג דערזע איך צווישן זיי צירעלען...

צווישן די בהמות. אויסגעפּוצט פון קאָפּ ביז די פיס אין געלע בלעטער, פּונקט ווי דער האַרבסט וואָלט דאָ אַריינגעשפּרייזט.

זי שפּרייזט לאַנגזאַם צווישן די אומעטיקע בהמות און נאָך דער סטאַדע גייט נאָך אַ באָרוועסער פּאַסטוך, אויך אַ שווייגיקער.

און ווען צירעלע דערזעט איר שטעטל און אירע מענטשן, נעמט זי שמייכלען, זי גייט אַרויס פון צווישן די בהמות און שפּרייזט פון קרעמל צו קרעמל...

— דבורהלע! פאַרוואָס פאַרמאַכט מען שוין נישט די געוועלבער? ס'איז דאָך שוין באַלד שבת...

— וואָס שבת? היינט איז דאָך דינסטיק...

קוקט זי אויף אַלעמען פאַרוואונדערט און לאָזט קוקן אויף זיך. די גאַנץ-יינגלעך טשעפּען זי היינט נישט. צו יום-טובדיק זעט זי אויס.

די גרעלע בלעטער לייכטן אויף איר. זיי דערציילן פון ווייטן וואַלד, און דאָ איז געווען היינט אַ יריד. שטרוי און אָפּפאַלעכץ וואַלגערט זיך אויפן מאַרק-פּלאַץ, פערד-מיסט און פאַרפוילטע עפּל, די גאַנצע וואָכעדיקייט פון די קלאָרע מענטשן...

אויף אַ וואָגן זיצט אַ פּויער, לעבן אים די פּויערטע זיין ווייב און ביידע ציילן זיי געלט און קאָנען נישט איבערציילן. אַ צווייטער פּויער איז שיכור און ער קאָן נישט שיכורערהייט איינשפּאַנען זיין פערד...

חיה-שרה טראָגט וואַסער און צוויי יידן שלאָגן זיך פאַר אַ ביסל שטרוי, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ פּויעריש פורל, אַ טרעגער שלעפּט אַ זאַק מעל, אַ יינגל טרייבט אַ קעלבל צום שוחט.

וואָכעדיק — און צירעלע פרעגט פאַרוואָס מען פאַרשליסט שוין נישט די געוועלבער, ס'איז דאָך שוין באַלד שבת — באַ איר איז אייביק שבת...

# דער שונא פון כאָרדן

איין באַלעגאָלע האָט זיך איינגעשפּאַרט. איינער האָט נישט געוואָלט פאַרקויפן זיין פערדל, האָט נישט געוואָלט צושטיין צו דער „ספּולקע״ מיט די איבעריקע באַלעגאָלעס.

— איך באַדאַרף נישט קיין אויטאָמאָבילן, — האָט חיים באַלעגאָלע זיך געבייזערט, — הען מען לאָזט מיך, וואָלט איך די אַלע אויטאָמאָבילן אויף קאָשע צעשטעכערט...

— אָבער, חיים, ס׳איז דאָך אַ נייע צייט...

— הענגט זיך אויף מיט דער נייער צייט!

— אָבער, חיים! וועסט בלייבן אָן פּרנסה.

— וואָלט איר אַלע בלייבן אָן קעפּ... מאַשיניסטן.

די אַלע, וואָס האָבן געהאַט צו טון מיט די אויטאָמאָבילן, האָט ער אַ נאָמען געגעבן „מאַשיניסטן״, און בעת ער פלעגט דאָס וואָרט אַרויסרעדן, האָט מען געפילט, אז ער לייגט אַריין זיין גאַנצן האַס, דאָס איז בא אים אַ גיפטיק וואָרט:

— מאַשיניסטן פאַרשאָלטענע...

עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. ער איז געבליבן דער איינציקער באַלעגאָלע. די אַלע איבעריקע האָבן זייערע פערד פאַרקויפט, געמאַכט אַ שותּפות, געקויפט אַ „פאָרד״, געדונגען אַ שאָפער און איצט שטייען זיי אַ גאַנצן טאָג, די ליידיקגייערס, אויפן מאַרק און ווערן משוגע פון ליידיק-גיין.

דאָס, וואָס צען באַלעגאָלעס האָבן פריער געמאַכט, מאַכט עס איצט איין שאָפער מיט אַ ביסל בענזין. נישטאָ קיין פערד, נישטאָ קיין בריטשקעס.

די פערד פעלן דאָ צום גאַנצן רומל פון שטעטל: געבוי-

גענע הייזער, געבויגענע יידן, עס פעלן די מאָגערע יידישע סוסים... דאָס בילד האָט זיך איבערגעריסן. די לאַנגזאַמקייט פון די גאַלעבאַטים הארמאָנירט נישט מיט דער שנעלקייט פון די בענזין-קאַסטנס, פרעמד... אַ פרעמדע שנעלקייט און אַ פרעמד פייפעריי.

נאָר איין חיים...

ער שלעפט זיך צו דער באַן קיין פולאַוו און צוריק פון פולאַוו קיין קאַזמעזש. קוקט זיך איין! צי דאָס איז טאַקע אַזוי, צי עס דאַכט זיך בלויז אויס: זיין פערדל איז נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געקראָכן, ווי איצט. דער אויטאָמאָביל איז שוין דריי מאָל געווען בא דער באַן און חיימס בריטשקע איז נאָך אַלץ אויפן שאָסיי...

און יעדעס מאָל, ווען דער אויטאָמאָביל לויפט פאַרביי, באַווייזט נאָך ווער פון די פּאַסאַזשירן צו אים אַ געשריי צו טון:

— חיים! וואָס שלעפט איר זיך אַזוי?

— חיים! משיח וועט דאָך גיכער קומען...

— חיים! טרינקט-אָן אייער פערד מיט אַן עמער בענזין, וועט עס לויפן...

חיים!...

ער ענטפערט מיט אַ קללה און פאָרט ווייטער. דאָס פערד שלאָגט ער נישט און יאָגט נישט; פאַרקערט: זינט די אויטאָמאָבילן זענען אויפגעשטאַנען, איז ער געוואָרן מענטשלעכער צום פערד, ער האָט דערפילט צום פירפיסיקן נפש אַ גרויסע ליבע:

— מען וויל אונז ביידן אומברענגען.

ער האָט שטענדיק ליב געהאַט אַ פערד. אַ האַלב לעבן רייד האָט ער געפּטרט אויף פערד, און איצט... אויס! ניין, ער וועט זיך נישט אונטערגעבן, ער פילט, אַז די נייע צייט וועט אים אומברענגען. אָבער ווערן אַ מחותּן מיט אַ טויטער מאַשין, צו וועלכער ער האָט קיין ברעקעלע נשמה נישט. ער קאָן דאָס נישט און ער וויל דאָס נישט. ער האָט געהאַט זיינע ווערטלעך וועגן פערד:

— אַ פערד האָט וואַרעמקייט אין זיך...

— אַ פערד האָט צוויי פּאָר פיס, ווייל עס באַדאַרף גיין פאַר זיך און פאַר זיין באַלעבאָס.

וואָס וועט ער מאַכן מיט זיין גאַנצער פערד-פילאָזאָפיע? ניין! ער וועט דאָס פערד נישט פאַרקויפן, אפילו פון הונגער אויסגיין. זאָלן די „מאַשיניסטן" צעפּלאַצט ווערן, ער מיט זיי וועט קיין שותף נישט זיין און יעדן טאָג שפּאַנט ער און יעדן טאָג שלעפּט ער זיך לאַנגזאַם אויפן שאָסיי, און פאַרנדיק שעלט ער אין זיין איינזאַמקייט פאַרדן מיט אַלע זיינע מאַשינען...

דאָס פערדל איז זיין בעסטער פריינט.

שלאָגט ער עס נישט מער, ער האָט צייט. וואָס מער שנעלקייט די מאַשין דערלאַנגט, אַלץ לאַנגזאַמער ווערט ער, חיים באַלעגאָלע...

קאָנקורירן מיט אַזאַ שטאָלענער חיה קאָן ער נישט, און יאָגן זיך -- צוּוואָס באַדאַרף מען זיך יאָגן, צוּוואָס ארויסיאָגן די נשמה? דעם בית-עולם וועט קיינער נישט פאַרזוימען.

און נאָך אַ זאַך:

ער וויל טאַקע וואָס ווייניקער זיין אינדערהיים, ער וויל, אַז יעדע „יאַזדע" זאָל זיך לענגער ציען. אין שטוב איז שלעכט, די בויט פייניקט, אין שטעטל אויפן מאַרק טאָר ער זיך נישט באַווייזן, „חברה" לאַכן פון אים און זיי באַרימען זיך, אַז זיי מאַכן גאָלדענע געשעפטן...

שוין בעסער זיין „מחוץ שטעטל". דאָ, אויפן שאָסיי, קאָן מען טראַכטן און שעלטן די וועלט, וויפיל דאָס האַרץ גלוסט.

און אויפן וועג זעט זיך דאָס אַלטע פון לעבן: פעלדער, וועלדער. מען אַרבעט אויף די פעלדער. עס בליט, עס גרינט... צוּוואָס באַדאַרף מען די שטאָלענע חיה מיט דעם שלעכטן בענזין-ריח? חיים פילאָזאָפירט און ער פילט אַ גערעכטיקייט אין זיך, נאָר נעם און קום צו די מענטשן מיט גערעכטיקייט, מען לאַכט אויס.

ער האָט נאָך זיינע פּאָסאַזשירן. אמת, געציילטע פאַרשויבען. ער מוז נעמען בּאַ זיי, וויפיל זיי גיבן, ווייל אויב נישט, דראָען זיי מיט דער מאַשין:

— מיט דיר פאָרן, חיים, געדויערט העכער צחיי שעה, מיט דער מאַשין — נישט מער, ווי צוואַנציק מינוט...

— טאַ גייטס צו דער מאַשין, גייט, גייט! סוף־כל־סוף וועט איר אַלע קאָפּ און פיס צעברעכן...

נאָר חיים לאָזט נישט אָפּ „זיינע" פאַרשוינען און זיי גייען אַליין נישט, זיי האָבן אויך פיינט פאָרדן, זיי האָבן פיינט די נייע וועלט, ווייל זיי זענען שוין אַלט אַליין...

די, וואָס פאָרן מיט חיימען, די זענען פאַר אים מער, ווי אַזעלכע, וואָס צאָלן די פאָר גראָשן פאַר אַ יאַזדע, זיי זענען זיינע אידעען־שותּפים. מען רעדט זיך מיט אַזעלכע מענטשן בעסער צונויף, מען פאַרשטייט זיך מיט איין וואָרט, מיט איין זיפץ... ער! ווען די אַלע וואָלטן אַ ביסל יינגער און דרייסטער געווען, אַ פּאָגראָם וואָלטן זיי אַלע צוזאַמען געמאַכט אויף די מאַשינען, אויף פיצלעך וואָלטן זיי צעהאַקט די אויטאָבוסן די אַנגעבלאָזענע און די שטיפערישע אויטאָמאָבילן, אין טייך וואָלטן זיי די רעשטלעך אַריינגעוואָרפן...

און אויס מיט פאָרדן.

דעם אָרגאַניסטס אַלטע מוטער. לייגט אַוועק פאַר אירע אויגן אַ זאַק מיט געלד — זי וועט מיטן אויטאָמאָביל נישט פאָרן:

— ס'איז גענוג פאַר מיר, — זאָגט זי, — וואָס אַ פערד שלעפּט מיך, וואָס? צוּוואָס באַדאַרף איך, אַז אַ טייוול זאָל מיך שלעפּן? זי האָסט דעם רויש פון מאָטאָר, דעם ריח פון בענזין און די שנעלקייט, מיט וועלכער דער פירקאַנטיקער קאַסטן טראָגט זיך. זי וויל בעסער זיך שלעפּן העכער צוויי שעה מיט חיימס ברישקע.

דאָס זעלבע — בראָמבערגס שוויגער און דער קסיאָנדז פון אַפּאָלע, דער שוחט פון יאַנאָווצע. פאַראַן אַ סך מענטשן אין קאַזימערזש און אין די שטעטלעך אַרום, וועלכע זענען איינגעשפאַרט און ווילן זיך נישט אונטערגעבן דער נייער צייט..

אַזוי ווי חיים.

און פּאָרט אַזאַ מין איינגעשפאַרטער מיט חיימען, איז דאָס חיימס אַ מענטש.

מיט אַזאַ פּאַרשוין שמועסט מען זיך אויס פון טיפסטן האַרץ. מען שעלט אַן די קאָזמערזשער „בעלי אָמניבוס" מיט זייערע ספּולקעס, מען חוזקט-אָפּ פון דער היינטיקער נאַרישער וועלט מיט זייערע משוגעתן, מען רעדט זיך אַזוי האַרציק אויס, אַז דערנאָך איז פּשוט אַ חרפּה צו נעמען בײַ אַזאַ פּאַרשוין די פּאָר גילדן פאַר דער רייזע.

גיי נעם געלט בײַ אַן אייגענעם מענטש. געלט נעמט ער, נאָר ער דינגט זיך נישט שטאַרק, ווייל עס פּאַסט נישט. הונגערט טאַקע זיין משפּחה אַ ביסל און דאָס פערדל הונגערט אויך, אָבער עס שווייגט, הלוואי וואָלטן ווייב און קינד אַזוי געשוויגן.

איבערהויפּט איז ער וויער אויפגעטראָגן מיט דעם אָרגאַניסטס אַלטע מוטער. זי איז שוין גענוג אַלט, נאָר גענוג, אָבער אַ קרעפּקע קריסטין, ברייט און מאַסיוו. ווען זי זעצט זיך אַוועק אויף זיין בריטשקע, מיינט שטענדיק חיים. אַז דאָס וועט זיין די לעצטע יאַזדע. פון דער בריטשקע וועט גאַרנישט בלייבן, אָבער זי האַלט אויס.

אויף צולהכעיס פאַרדן מיט זיינע אַלע מאַשינען: די בריטשקע האַלט אויס, דאָס פערדל האַלט אויס און ער, חיים באַלעגאַלע, האַלט אויך אויס.

דעם אָרגאַניסטס מוטער האָט אין פּולאַוו צוויי טעכטער, פאַרט זיך די אַלטע צו די קינדער און צו די אייניקלעך, יעדע וואָך אַזוי.

— חיימעק דראָגי, ווען נישט דו, וואָלט איך צופּיס געגאַנגען קיין פּולאַוו צו מיינע קינדער, מיט דעם שד וואָלט איך נישט געפאָרן פאַר קיין געלט. אַז איך דערזע זיי פונדערווייטנס, נעמט זיך שוין אין די אויגן שווינדלען... איך וועל שוין אויסלעבן אָן דער מאַשין מיינע יאָרן.

און חיים ענטפערט מיט דרך-ארץ:

— הלוואי וואָלטן געווען אַ סך אַזעלכע גאָטספאָרכטיקע פּאַניס, ווי דו ביסט, די וועלט איז דאָך אינגאַנצן משוגע געוואָרן.

— משוגע, משוגע, זאָג איך דיר, חיימעק.

אָפּט דערלעבט ער נקמה:

ער פֿאָרט, ער שלעפֿט זיך אויפֿן שאָסיי, אָן אַ פּאַסאַזשיר. די אַלע, וועלכע זענען געקומען מיט דער באַן, האָבן זיך אַריינגעפּאַקט אין אָמניבוס, אַ פּייער זוכט זיי...

פֿאָרט ער אַליין. אַ זוניקער טאָג, דער שאָסיי איז גלאַט און ליידיק. דאָס פֿערדל שלעפּט זיך. און, אַזוי זיך שלעפּנדיק, שלאָפֿט זיך דער סוס אַ ביסל אויס און חיים דרימלט אויך צו אַ ביסל...

מיטאַמאָל דערהערט ער:

— חיים! שטייט. חיים, ר׳ חיים!

יאָ, ער הערט עס גאַנץ דייטלעך.

— ר׳ חיים!

ער עפֿנט די אויגן. לעבן אים שטייען עטלעכע פּאַסאַזשירן מיט זייערע וואַליזקעס. אויפֿן מיטן שאָסיי — פֿאַרשווינגען, אמתע פֿאַרשווינען...

— וווּ ווילט איר?

— קיין קאָזשימעוש...

חיים ווייסט, וואָס דאָ קומט פֿאָר. דער אויטאָמאָביל איז קאַליע געוואָרן. מיט זיינע געזונטע אויגן האָט ער איצט באַמערקט, אַז פֿונוויטנס שטייט דער „פֿאָרד“ — און נישט פֿון אָרט...

— פֿאַרוואָס עפּעס מיט מיר קיין קאָזשימעוש? פֿאַרוואָס נישט מיט דער מאַשין?

— די מאַשין איז קאַליע געוואָרן.

ווערט ער בייז, ווערט ער גרויס בײַ זיך, ווערט ער ווידער חיים באַלעגאָלע און ער שרייט, ווי אַ יחסן, צו די פֿאַרשווינען:

— אָבער חיים ווערט נישט קאַליע און מיין פֿערד ווערט נישט קאַליע, מיין ברישקע גייט... האַ! צו דריי ולאָטעס אַ פֿאַרשוין, איר פֿאַרשטייט...

— חיים! זייט נישט קיין גזלן...

און אַ צווייטער רופֿט זיך אָן:

— ר׳ חיים! זייט נישט קיין גזלן!

— אַ גזלן? ווער איז אַ גזלן? אויפֿן וואָקזאַל האָט איר אַפֿילו אויף מיר קוקן נישט געוואָלט. איך האָב אַ ווייב מיט קינ-

דער און איך באַדאַרף אַ פערד געבן צו עסן און איך בין אַ גזלן... ניאַ! איך וויל אייך נישט קענען.

מען פּרוּווט איינהאַלטן דאָס פערד, מען פּרוּווט זיך בעטן בײַ אים, נאָר ער איז צעווילדעוועט, ער הייבט די בייטש אויפן פערד, אויף די מענטשן:

— ווער איז אַ גזלן? פרעג איך אייך, איר ענטפערט, צי איר ענטפערט נישט: ווער איז אַ גזלן?

— נישט איר, ר' חיים! איר זענט אַ ווילער ייד, אַזאַ יאָר אויף אונז...

— נו. קאָסט עס דריי זלאָטעס פון אַ פּאַרשוין.

אַ ליכטיקער טאָג אויף גאָטס וועלט, זון און גרינס, פייגל פליען האַסטיק און לאַנגזאַם, נאָר די מענטשן מוזן האָבן אַ פערד, עס זאָל זיי שלעפּן.

— דריי זלאָטעס...

און דריי זלאָטעס איז אַ גרויסע מטבע, מיטן אויטאָמאָביל קאָסט אַ העלפט.

רופט זיך קיינער נישט אָן.

נעמט חיים יאָגן זיין פערדל, מען פאַרהאַלט אים, מען בעט זיך בײַ אים און מען צאָלט וויפיל ער פאַרלאַנגט...

ווען ער פאָרט פאַרבײַ דאָס אָרט, וווּ דער אויטאָמאָביל שטייט, זעט ער, ווי דער שאָפער ליגט אויף דער ערד און פאָרעט זיך דאָרט מיט פאָרדס שרייפעלעך, חוזקט חיים:

— קריך אים אין די געדערים, וויפיל דו ווילסט, היינט וועל איך פריער קומען אַהיים...

דער שאָפער קריכט אַרויס פון אונטער דער מאַשין:

— חיים! נעם מיך מיט, מיט אַ שטריק צובונדן די מאַשין, איך וועל באַצאָלן...

— וואָס איז, טייערינקער, יחסן מיינער, וואָס איז געשען מיט דיין מאַשין?

— אַ צילינדער איז קאַליע געוואָרן, אַ צילינדער...

— אַ פייער זוכט דיך, טו אָן דעם צילינדער אויפן קאָפּ און טאַרף זיך אין דער ווייסל אַריין!

דערביי גיט ער אַ געשריי אויף זיין פערדל און דאָס פערדל מאַכט פלינקע פיס:

— מיט אַ פערד איז עפּעס אַנדערש. אָן אַ צילינדער און אָן בענזין... עס גייט...

דער יחסן איז היינט חיים באַלעגאָלע.

עס טרעפט אָבער, ווען מען טרייבט ביטערע לצנות פון דעם לעצטן באַלעגאָלע. דאָ נישט לאַנג איז חיים אַריין צו זיך אין שטאַל...

חיימס שטאַל איז גרויס און ברייט. דאָס איז נישט שטענדיק געווען אַ שטאַל, פריער איז דאָס געווען זיין הויז. נאָר אין דער צייט פון קריג איז דאָס הויז צעקלאַפּט געוואָרן, עס זענען געבליבן בלויז די ווענט, האָט מען אַרויפגעלייגט אַ דאַך און עס איז געוואָרן אַ שטאַל פאַר פערד און בריטשקע, מיט אַ ברייטן אַריינפאָר, פּונקט ווי אין אַ גאַראַזש...

די ספּולקע פון די אויטאָמאָבילן האָט עס טאַקע געוואָלט בא אים אָפּדינגען פאַר אַ גאַראַזש, מען האָט אים געוואָלט גוט באַצאָלן, האָט ער זיך אויסגעלאַכט און געענטפערט:

— איך האָב פאַר אייך אַ בעסערן פּלאַץ.

— ווו איז דאָס? חיים!

— אין טייך, לעבן פייערשטיינס פאַבריק איז דאָרט פאַראַן זייער אַ טיף אָרט.

נאָר אָט גייט חיים פאַרנאַכט צום פערד זיינעם...

דאָ נישט לאַנג, אין אָוונט, מען דאַרף פאָרן צום עלפּער-צוג, איז חיים געגאַנגען שפּאַנען. ער האָט אויסגעמיטן דעם מאַרק, ווו שטענדיק געגאַנגען דורך די הינטערשטע געסלעך, נישט געוואָלט זיך באַגעגענען מיט זיינע געוועזענע חברים, מיט די געוועזענע באַלעגאָלעס, און מיט די איצטיקע שענק-ליגערס...

ער איז געגאַנגען צו זיך אין שטאַל, צו זיין בריטשקע און צו זיין פערדל...

אַ טייערע זאַך אַ פערדל, לייגסט אַרויף די האַנט אויף זיין קאַרק און ס׳איז וואַרעם, ווי בא אַ מענטש, להבדיל...

ער האָט געטראַכט פון זיין פערדל, בעת ער האָט די שטאָל זיינע געעפנט און דערזעען האָט ער פאַר די אויגן...

דערזעען פאַר די אויגן — אַן אויטאָמאָביל...

בא חיימען אין שטאַל איז געשטאַנען אַן אויטאָמאָביל מיט צוויי אָנגעצונדענע עלעקטרישע לאַמטערנעס...

דאָס ליכט האָט געשניטן די אויגן, פונקט ווי עפּעס אַ ים-חיה, אָדער אַ ריזיקע וואַלד-חיה איז דאָ צו אים אין שטאַל אַריין...

שוואַרץ...

גלאַנציק און באַלויכטן.

האָט חיים געקוקט אַ רגע אויף דער חיה און די חיה אויף חיימען:

— אַלע שוואַרצע חלומות אויף זייערע קעפּ. דאָס האָט די חברה מאַשיניסטן פון אים אַ שפּאַס געמאַכט.

געוואָלט האָט ער כאַפּן אַ דראָנג און צעשמעטערן דעם גלאַנציקן אויטאָמאָביל, נאָר דאָ האָט ער זיך געכאַפּט: דאָס פערדל...

דאָס פערד איז אין שטאָל נישט געווען, די לאַבוסעס האָבן עס אַרויסגעפירט.

האָט חיים געכאַפּט אַן אַלטע אָגלאָבליע און זיך געלאָזט אין שטעטל. אַ מתנה ייִנגלעך און דערוואַקסענע זענען אים נאָכגעלאָפן. ער איז געלאָפן צו זיינע חברים, די געוועזענע באַלעגאָלעס, די פאַרשאָלטענע מאַשיניסטן:

— איך וועל אייך מיט אייער פאַרדן די קעפּ צעהאַקן — אין פאַרד האָט דאָרט אין אַמעריקע נישט געוווסט, אין וועלכער סכנה ער איז אין יענעם אָוונט געווען, ווען ער פאַלט אַריין צו חיימען אין די הענט...

צום גליק איז קאַזמערוש אַ ביסל ווייט פון אַמעריקע און דער עולם מאַשיניסטן האָבן שוין פונוויטנס דערשנאַפּט דעם צאָרן פון חיים באַלעגאָלע און זיי זענען זיך צעלאָפן...

לעבן פלומפּ איז געשטאַנען חיימס פערד און געוואַרט אויף זיין באַלעבאָס...

# נישטאָ קיין מלחמה

אין דעם טאָג פון דער מלחמה־יאָרצייט זענען מיר דאָ גע־זעסן אַ גרופּע באַ אַ טישל אין רעסטאָראַן און יעדער איינער האָט עפּעס דערמאָנט פון זיין טייל שוידער, שרעק און אומזין, וואָס אים איז אויסגעקומען איבערצולעבן. די קייט פון ערינערונגען האָט זיך איבערגעריסן, ווען איינער פון אונזער גרופּע האָט אריינ־געוואָרפן די פראַזע:

— ווי וואָלט אויסגעזען די וועלט, ווען די מלחמה וואָלט נישט אויסגעבראָכן ?

אַלע האָבן זיך פאַרטראַכט און אַלע האָבן באַלד פערשטאַנען, ווי שווער, ווי אוממעגליך עס איז אויף דער געשטעלטער פראַגע צו ענטפערן. דאָס, וואָס עס איז געשען, איז טיף שוין אריין אין אונזער פּסיכיק, אין אונזער נשמה, געשטעמפּלט מיט בלוט און אייזן, עס איז פיקסירט, געזיגלט, אַזוי, אַז מיר קאָנען שוין אַנדערש אונזער לעבן זיך נישט אויסמאָלן...

און יעדער איינער האָט עפּעס אין דער רגע איבערגעלעבט באַ זיך אין הארץ, יעדער איינער האָט זיך גלייך דערמאָנט, ווי די וועלט האָט פריער אויסגעזען... דאכט זיך, אַז די וועלט איז געווען שענער, ראָמאַנטישער, הארציקער. דאכט זיך, אַז דער מלחמה־שוידער האָט ארויסגעריסן באַ די מענטשן יעדן גלויבן אין דער צוקונפט :

— פון וואַנען ווייס איך, אַז אין דער צוקונפט וועלן נישט פאָרקומען קיין ערגערע זאַכן ?

עטלעכע האָבן געפּרווט שוואַך צו ענטפערן. איינער, וואָס האָט נישט פיינט די שרייאיקע פראַזע, האָט געזאָגט :

— ווען די מלחמה וואָלט נישט אויסגעבראָכן, וואָלט איצט אייראָפּע געווען אינגאַנצן פאַרבירגערט און פאַרשימלט...

— און וואָס איז זי איצט ? האָט אַ צווייטער מיט בייזקייט געפרעגט. דער איבעריקער עולם האָט נישט דערלאָזט צו קיין דיסקוסיעס, אַלע האָבן מורא געהאַט פאַר די דערעסענע פראַזן ווען אויפלעבונג, צעשטערונג און איבערבוי. צוערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק איז דאָס געווען ניי, רייצנד, איצט איז עס אויסגעלערנט, פּאַפּוגאַיש...

— אָבער, ווי וואָלט טאַקע אויסגעזעען די וועלט אָן דער מלחמה ?

אָפּגערוקט אַ ביסל פון טיש איז געזעסן אַ מענטש מיט איין האַנט, אַ סקולפּטאָר. זיין ליפּן און זיין קורצן ענטפער האָט מען שווייגנדיק אויסגעהערט:

ווען די מלחמה וואָלט נישט אויסגעבראָכן, וואָלט איך איצט געהאַט ביידע הענט — און אַלע האָבן זיך דערפילט ווי שולדיק אין זיין אומגליק...

דערנאָך האָבן גערעדט עטלעכע מיטאַמאָל. עס זענען געפלויגן השערות, געדאַנקען, פאַרשפּעטיקטע נביאות. טאַקע: ווי וואָלט אויסגעזען אייראָפּע, ווען די מלחמה וואָלט נישט אויסגעבראָכן ? וואָס פאַר אַ רעזשים וואָלט איצט געווען אין רוסלאַנד ? די גאַנצע וועלט-קאַרטע האָט זיך דאָך געביטן און אַמעריקע איז געוואָרן דער גרעסטער יחסן פון דער וועלט. אַ גאָלד-יחסן און, ווי יעדער גאָלד-יחסן, ווערט אויך קאָלומבוסעס מדינה פון טאָג צו טאָג אַנטיפּאַטישער...

ווי וואָלט עס אויסגעזעען, ווען פאַר די יאָרן פון פאַרניכטונג, אין די יאָרן, ווען מען האָט דאָס האַרץ פון דער וועלט מיט דינאַמיט צעריסן, ווען פאַר דידאָזיקע יאָרן וואָלטן מענטשן פרידלעך געאַרבעט, ווען די ענערגיע וואָלט אָוועקגעגאַנגען אויף בויען... בויען בריקן איבער די טייכן, בויען הייזער, סאַנאַטאָריומס, אויסטרוקענען בלאָטעס, עלעקטריפיצירן קליינע פינסטערע ישובים, בויען אוניווערזיטעטן... מיט אַזאַ ענערגיע, מיט אַזוי פיל מענטשן-קראַפט, מיט אַזוי פיל געלט...

א גן-עדן וואָלטן דאָ די מענטשן געקאָנט באַשאַפן אויף דער ערד. די קלוגע מענטשן... גאָט האָט זיי איבערגעגעבן אין אַרעגדע אַזאַ גרויסע און שיינע וועלט און זיי פּטרן עס פון בייז-קייט און נישט פאַרגינען...

און איינער אַ פּאַטאַליסט וואַרפט אַריין:

— אַזוי איז עס, אַט אַזוי באַדאַרף עס זיין, ווייל עס איז אַזוי...

דערנאָך איז אונזער גרופּע ווידער אַריבערגעגאַנגען אויף זכרונות. מען האָט דערציילט געשיכטעס פון „אין דער מלחמה" און פון „באַ דער מלחמה".

דערביי האָב איך זיך אויך דערמאָנט אַ קליינעם עפּיזאָד, אַ מאָמענט, וואָס איך האָב דורכגעלעבט אין דעמזעלבן קאַזמעריזש, ווו מיר זיצן איצט און רעדן... אַ בילד, וואָס איך האָב געזען דריי טעג נאָכדעם, ווי די מאָביליזאַציע איז אויסגערופן געוואָרן. דעמאָלט איז די מלחמה אָפּגערופן געוואָרן... אויף אַ שעה צייט, יאָ, אַ שעה צייט האָט קאַזמעריזש געלעבט מיט פרייד, אַז קיין מלחמה איז נישטאָ און קיין מלחמה וועט נישט זיין. נישטאָ קיין מלחמה. רוסלאַנד מיט דייטשלאַנד-עסטרייך האָבן זיך איבערגעבעטן.

איך האָב זיך דעמאָלט צוגעקוקט צו יעדער קלייניקייט. איך בין געבליבן אין שטעטל, ווי לאַנג מען האָט געקאָנט בלייבן, און ערשט דאַן, ווען איך האָב דערהערט, אַז אין זאַוויכאָסט האָבן זיך שוין באַוויזן עסטרייכער, דעמאָלט האָב איך פאַרלאָזט קאַזמעריזש...

אַ מלחמה אין אַזאַ שטעטל, אין דער דאָזיקער פרידלעכער רויקייט. אַ מלחמה אין די אַרומיקע דערפער, אין די פון וועלט פאַר-געסענע און פון גאָט געבענטשטע ישובים. אַ מלחמה אין רעכטן מיטן זומער, ווען די פול געפּאַקטע פויערישע פורן, פול באַלאָדענע מיט האָב-און גוטס, האָבן זיך געצויגן אויף די וועגן, ווי אַ לאַנג-זאַמע ברכה... פּלוצלונג האָט מען אויף די פורלעך אַוועקגעזעצט די יונגע יונגען, די זינגעריס פון דאָרף. מען האָט זיי געפירט, ווי די שעפּסן... מען האָט זיי געפירט קיין פולאַוו, דאָרט זענען זיי זעלנער געוואָרן. אַנדערע האָבן בראַווירט, געטרונקען און געזונגען, אַנדערע זענען אָראָפּגעקומען צוזאַמען צו דער קאָמיסיע מיט זייערע

כלות, און גאַנצע מחנות דאָרפישע מיידלעך אין קאָלירטע טיכלעך זענען געשטאַנען הינטער די פענצטער און געוואַרט אויף זייערע אָנטקעס. מען האָט זיך געקושט און געהיינט, געוויינט און ווידער געקושט זיך. יידישע בחורים מיט די פאַרזאָרגטע טאַטעס הינטער די פענצטער פון „וואָינסקען נאַטשאַלניק", יידישע מאַמעס אין די היימען מיט רויטע פאַרוויינטע אויגן...

און עס איז געווען זומער. שיינער, ליכטיקער זומער. איך געדענק גוט יענע טעג מיט פינטצען יאָר צוריק. די אמתע באַשטראַלטע רויקייט פון שפעט-זומער, דאָס קלענסטע ווינטל האָט זיך טיף באַהאַלטן אויף יענער זייט וועלט. די זון האָט נישט געברענט, נאָר געוואַרעמט. דיצייטיקייט האָט זיך געפילט אויף יעדן טריט, די צייטיקייט האָט זיך געשפילט מיט רויטע עפעלעך אויפן מאַרק, נאָר קיינער האָט זיי נישט געקויפט אין די טעג פון דער גרעסטער צערודערונג... די געוויינען פון די מאַמעס, די אויסגעוויינטע, שווייגדיקע אויגן פון די מאַמעס, אָבער צו אַלעם איז די זון געווען גלייכגילטיק, פונקט ווי די מענטשן, וועלכע האָבן די מלחמה אַרויסגערופן...

ס'איז געווען עפעס אַ שרעקעוודיקע יום-טובדיקייט אין דער פּלוצלינגדיקער צערודערונג... שדים זענען געקומען, און ווען שדים קומען, מוז טאַקע זיין אַזאַ פחד-יום-טוב. אַלץ איבערגעקערט, אַלץ איבערגעדרייט: נעכטן איז בײַ איינעם געווען אַ חתונה און איצט באַגלייט אים זיין ווייב. אירע טרערן זענען, ווי טרערן פון אַ בלום, וועלכע האָט פּלוצלינג גענומען וויינען. איינער האָט מאָרגן געזאָלט חתונה האָבן און זיין כלה פירט אים אונטער דער האַנט — ווער ווייסט צו וועלכער חופה?

אין די גערטנער איז שטיל געווען...

אויפן טייך איז שטיל געווען. די האָניק-בין האָט געזויגן זאַפט פון די בלומען, זיסע בלומען, זיסער זאַפט...

אין דאָ האָט מען זיך געגרייט ביטער צו מאַכן דאָס לעבן פון מיליאָנען מענטשן...

און דער שטילסטער שטילקייט פון דער נאַטור, האָט זיך אַרייַנגעריסן אַזאַ ווילדער שטורעם:

— גיכער, מענטש, שנעלער, שנעלער...
— לויפט צום טויט, צו די דייטשע קוילן.
און מענטשן זענען געלאָפן.
אין יענע זוניקע טעג האָט מען אויך אויפגעריסן די „סטאַיניעס" צו די מענטשן דאַרף מען אויך פערד... פערד, פערד פון אַלע דערפער און פריצישע פערד, מיט שיינע צעפּע-לעך פאַרפלאָכטן, מיט אונטערגעשוירענע ווידלעך. שווערע לאַסט-פערד פון די צוקראַזניעס, פון די פּלאַנטאַציעס און דיקע לוק-סוס-פערד, אַריסטאָקראַטישע, אַראַבישע. דער שאָסיי פון קאַזש-מערזש ביז פולאַוו איז געווען באַלאַגערט פון מענטשן און פערד. אַ שטויב איז געשטאַנען און אַ הירזשערייַ פון פערד.
און ווען פערד הירזשען, ווער הערט שוין דעמאָלט אַ זיפץ פון אַ מענטש? ס'האָבן זיך געשלעפּט פירלעך ביי די ברעגעס פון דער ווייסל, אויף יעדן פירל עטלעכע לעבנס, אַנגעשראָקענע, איבערראַשטע...
וווהין? וווהין שלעפּט מען זיי?
אַ צעשראָקענער האָב איך געקוקט אויף דעם אַלעם.
אַ זייטיקער, אַ צעשראָקענער...
און ווען פאַר מיינע אויגן איז דורכגעגאַנגען אַ יונג אַראַביש פערד, פון קאַשטאַן קאָליר, מיט ווייסע פיס, מיט אַ ווייסן פלעק איבער די אויגן. אַ ליכטיק, לעבעדיק פערד מיט שלאַנקע פיס, ווי אַן אָדלער האָט ער געהאַלטן דעם קאָפּ און גע-קוקט ערגעץ ווייט... איבער אַלע מענטשן, איבער אַלע פערד, איבערן גאַנצן געטומל...
פּונקט ווי אַ מענטש.
איינגעפאַלן איז מיר אין דער רגע אַ געדאַנק. אַרויסכאַפּן בא די מענטשן אָט דאָס שיינע פערד און אַוועקטראָגן זיך דער-מיט העט ווייט, באַם סוף פון דער וועלט.
איינגעפאַלן אַזאַ געדאַנק... אָבער ווי פירט מען אים אויס?
דאָס וואַסער האָט זיך געטראָגן. די זון האָט זיך געשפּילט אין די פּאַליעס, פּונקט ווי די פּאַליעס וואָלטן אין זייער גלייכ-גילטיקייט געענטפערט:

— מיר האָבן אונזער וועג און איר, משוגענע מענטשן, איר האָט זיך אייער וועג...

ס'איז נישט געווען קיין בהלה בא די מענטשן. ס'איז גיכער געווען אַ פאַרבאַרגענער טרויער, ס'איז נישט געווען קיין גרויסע שרעק, ווייל מען האָט זיך דעם גיהנום נישט פאָרגעשטעלט, נאָר דער צער פון די מאַמעס איז געווען גרויס...

די מאַמעס האָבן פאַרגעפילט. דאָ און דאָרט האָט מען געבליפעט. די מאַמעס האָבן געוויינט...

פלוצלינג האָט זיך דאָס איבערגעריסן. די מאַמעס האָבן אויפגעהערט צו וויינען, פנימער האָבן גענומען שמייכלען, פון קרעמל צו קרעמל איז מען געלאָפן, פון הויז צו הויז איז מען געלאָפן מיט דער בשורה:

— נישטאָ קיין מלחמה...

— עס וועט נישט זיין קיין מלחמה...

— זיי האָבן זיך איבערגעבעטן, דער רוס מיט דעם דייטש.

איך האָב דאָס דערהערט. איך בין אַרויס אויף דער לובעלסקער גאַס, אַנטקעגן די דריי צלמים, וואָס שטייען אויפן באַרג. אויף דער גאַס, אויפן ברוק ליגן צענדליקער קריסטן און דאַנקען און וויינען פון פרייד...

— ניעמאַ וואָיני! נישטאָ קיין מלחמה...

אויפן מאַרק, אַנטקעגן קאָשציאָל, ליגן נאָך קריסטיגס און קושן די ערד פון פרייד.

— ניעמאַ וואָיני. זיי געדאַנקט, דו פאָטער אין הימל...

איך בין צוגעגאַנגען צו די יידן. צו איינעם, צום צווייטן:

— וואָס איז געשען?

— נישטאָ קיין מלחמה, מען האָט אָפּגערופן, מען האָט שוין אָפּגעלאָזט אַלעמען, די יונגע גייען צופוס פון פולאַוו, באַלד וועלן זיי קומען...

אַ שעה צייט האָט עס געדויערט, די זיכערע שמחה.

— האַ! איך האָב דיר געזאָגט, אַז עס וועט גאָרנישט זיין. וואָס, די מענטשן זענען משוגע געוואָרן? מלחמות — דאָס זענען פאַר ווילדע מענטשן...

זיין גלויבן האָט אָבער נישט געדויערט מער ווי די שעה. אינגיכן האָט זיך אויפגעקלערט דאָס טראַגישע מיספאַרשטענדעניש...

געשעען איז אָט־וואָס:

אויפן שאָסיי פון פולאַוו קיין קאַזשמעזש איז געפאָרן פלינק אַ דראָזשקע און אויף דעמזעלבן שאָסיי איז געגאַנגען אַ מחנה מענטשן, פון פולאַוו קיין קאַזשמעזש. דאָס זענען געווען „בראַקיר־טע״, אַזעלכע, וואָס מען האָט צו דער מלחמה נישט צוגענומען. ווען דער דראָזשקאַזש האָט זיי אָנגעיאָגט, האָט ער בײַ זיי גע־פרעגט:

— ווו גייט איר? וואָס הערט זיך?

האָבן יענע געענטפערט:

— מיר גייען קיין קאַזשמערזש. מיר זענען פריי, נישטאָ קיין מלחמה. מען האָט אָפּגעלאָזט פריי, פריי. נישטאָ קיין מלחמה...

דער דראָזשקאַזש האָט אונז אָנגענומען פאַר גוט געלט דעם שפּאַס, אַז קיין מלחמה איז נישטאָ. ער האָט אָנגעיאָגט דאָס פערדל, געוואָלט וואָס גיכער ברענגען די בשורה קיין קאַזשמערזש...

און ער האָט עס געבראַכט און דערפאַר האָבן זיך די מענטשן אַזוי געפרייט, און דערפאַר זענען די קריסטיגס געפאַלן אויף די קני און געקושט די ערד.

ביז עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די קאַליקעס האָט מען אָפּגעלאָזט און די געזונטע האָט מען צוגענומען... ביז עס האָט זיך אַרויסגעוויזן די אמתע ווירקלעכקייט...

און מער קיין האָפענונג איז שוין נישט געווען. דער צער האָט זיך אײַנגעבירגערט אין קאַזמערזש און אין נאָך טויזנטער ישובים.

עס זענען אַוועק יאָרן פון גיהנום. זיי האָבן זיך שוין געענ־דיקט און אָט זיצן מיר, די, וואָס האָבן דאָס איבערגעלעבט, און מיר פרעגן, ווי וואָלט אויסגעזעען די וועלט ווען די מלחמה וואָלט נישט פּראָקלאַמירט געוואָרן?

צו וואָס די היפּאָטעזן?

מען מוז אויסקויפן די וועלט פון אַזאַ גיהנום־נעכטן צוליב דעם בעסערן מאָרגן...

# אויפן ביליאַרד־טיש

פאַרשידענע געלעגערס האָב איך פאַרזוכט אין יענע טומל־דיקע טעג פון דער רוסישער רעוואָלוציע. איך האָב גענעכטיקט אין קעלערס, גענעכטיקט אויף טרעפּ, איין נאַכט איז מיר אויסגעקומען צו נעכטיקן אויף דער גאַס, אויף אַ באַנק פון טווערסקאָי־בולוואַר. מיר האָט זיך פאַרגלוסט דורכצורייסן דעם ביקסן־וועג פון די שיסער און קומען צו מיינער אַ באַקאַנטער. דערווייל איז דאָס שיסעריי געוואָרן שטאַרקער, אַ סכנה געווען אַ טריט ווייטער צו שטעלן. איך בין געבליבן אויפן בולוואַר, אויף אַ באַנק, איבערן קאָפּ — גרעלע האַרבסט־בלעטער... האַרבסט געווען און דער האַרבסט האָט אַזוי ליב די רויקייט, אָבער דאָ קנאַקן קוילן, מענטשן קעמפן... אידעען, אידעאָלאָגיעס, דאָקטרינעס און אַמביציעס פון יחידים...

מענטשן קעמפן...

און איך בין געבליבן אינמיטן, צווישן די צוויי מחנות, אַ מיטל־פּונקט פון דער וועלט, איבער מיר זענען זענען געפלויגן קוילן און פרעמדע אידעען... איך האָב שטענדיק ליב געהאַט דעם איינציקן, דעם שיינעם אָפּגעזונדערטן, אַזעלכע. וואָס האָבן נישט קיין מח־נות מיט וועמען צו קעמפן און פאַר וועמען צו קעמפן, איך האָב שטענדיק ליב געהאַט אָוועקצוגיין אַ ביסל אָן דער זייט און עס איז מיר איצט שווער אין דעם שיסעריי.

שרעק! אוודאי האָב איך מורא, איך וויל נישט דערהרגעט ווערן. דאָס איז דער אינסטינקט פון לעבן. מען מוז דאָ האָבן אַ

ביסל פאַרן טויט, כדי אים אויסצומיידן דאָרט, ווו עס איז מעגלעך אים אויסצומיידן.

אָבער ניט פון דעם שיסעריי וואָלט איך וועלן אַנטלויפן, ס׳איז סיי-ווי-סיי ניט געווען קיין אויסוועג. מיר איז שווער מיט די געדאַנקען, וועלכע דאָס שיסעריי האָט אויפגעוועקט. איך האָב ניט געוואָלט טראַכטן פון דער וועלט.

רעוואָלוציע... איך האָב שוין באַ זיך באַשלאָסן, אַז ביידע צדדים זענען גערעכט. די, וואָס פאַרמאָגן רייכקייט און מאַכט, זיי זענען פולקאָם גערעכט, וואָס זיי ווילן דאָס ניט אָוועקגעבן. ס׳איז אַ טייערע זאַך די מאַכט מיט דער רייכקייט...

און די, וואָס האָבן גאָרניט — זיי זענען אויך גערעכט, ווען זיי גייען קעמפן פאַר מאַכט. נאָר איך בין דאָ אַ דריטער צד: ניט איך האָב גאָרניט און ניט איך וויל עפעס האָבן..

אַ שפּיל-וואָרט אַ געלונגענס, אַן אַמביציעזס, אַ שפּיל מיט אַ פרוי און מיט אַ ביין טינערל,

אַ שיינעם פערז אָנצושרייבן...

מיט דידאָויקע קלייניקייטן לעבן מיר און געניג...

רייכקייט... איך האָב דאָ ניט לאַנג געלייענט, אַז איינער אַן אַמעריקאַנער מיליאַרדער מאַכט זיך וואָגעס פון שאַמפּאַניער, איך דריק אים אויס מיין טיפסטן מיטגעפיל. ווי אומגליקלעך ער איז, ער האָט נעבעך פאַרלוירן דעם געשמאַק פון לעבן, ער ווייסט שוין ניט דעם טעם פון באָדן זיך אין לעבעדיקן ים-וואַסער, אָדער שטראָמיקן טייך-וואַסער.

און מאַכט. איך לאַך אין האַרץ פון אַלע מאַכטן, איך וואָלט אויף קיינעם ניט וועלן ווירקן מיט אַ קאַנטשיק. גוט איז צו הערן אַמאָל, ווען איינער זאָגט דיר:

— ביסט גערעכט! דאָס איז טויזנט מאָל ליבער צו הערן, ווי אַ צווייטער זאָגט דיר:

— איך פאָלג...

אָבער איך רעד דאָ וועגן נאַכט-געלעגערס.

נעכט, ווו האָב איך מיט אייך ניט געליטן! אויף די שיפן פון שוואַרצן ים אויף דער וואָלגע און אין די וואַגאָנעס פון רוס-

לאַנד... ווען איך דערמאָן זיך איצט די צוגן, וואָס זענען געקראָכן, געשטאַנען און געקראָכן איבער די ענדלאָזע פעלדער, אָנגעפּאַקט, ווי הערינג אין די פעסער, אָבער הערינג זענען דאָך געפּאַקט טויטע־הייט, און דאָ זענען לעבעדיקע מענטשן. הונדערט מיילער אָטעמען אין וואַגאָן־קאַסטן און פאַרסמען די לופט. איינער דעם צווייטן פאַרסמט. ווער עס האָט שוין נישט קיין כוח, דער ליגט אין זיין ווינקל אָן אָטעם, ווי אַ פיש בעת מען גיסט פון שיסל אַרויס דאָס וואַסער, און דער, וואָס האָט נאָך אַ ביסעלע קרעפטן, יענער שעלט מיט טויטע קללות... ער שעלט אַלץ און אַלעמען, ער שעלט די וועלט פון איר ערשטן טאָג, ווען זי איז געשאַפן געוואָרן ביז איר לעצטן טאָג... ווען איין פּראָצענטעלע פון דיינע קללות וואָלט מקוים געוואָרן, וואָלטן מיר גלייך פון אַלע צרות באַפרייט געוואָרן...

פרעמדע קללות, פרעמדע מענטשן, העלזער, ווי בײַ אָקסן, פּלייצעס, ווי בײַ די ריזן... פרעמדע מענטשן.

איך געדענק איין נאַכט, דאַכט זיך — בײַ קאָזלאָוו האָט עס מיט מיר פּאַסירט. איך בין געוואָרן פאַרדוקט, ערגעץ העכער ווי די איבערשטע וואַגאָנען־בענק, דאָרט, וווּ מען לייגט די פּעק. איך בין געלעגן און געשוויגן, נישט געקוקט אויף קיינעם, ווייל די גרויסע פּנימער האָבן זיך שוין איינגעבאַקן אין האַרץ, נישט געהערט, וואָס מענטשן רעדן דאָרט אונטן אין וואַגאָן, ווייל מען האָט נישט גערעדט. מען האָט זיך געשאָלטן...

שטום, טויב און אָפּגעשטאָרבן איז געוואָרן די נשמה מיינע.

פּלוצלינג האָבן זיך די געשרייען אונטן פאַרשטאַרקט, מען האָט געליאַרעמט און פריילעך געליאַרעמט. וואָס איז געשען?

איך קוק אַראָפּ אונטן און עס וועקט זיך אין מיר דאָס לעבן... אַלע געפילן פון לעבן: שרעק, נקמה־דורשט, פּראָטעסט און באַליידיקונג...

די מענטשן אונטן דאָרט האָבן געפּאַקט אַ ייד און זיי האָבן זיך גענומען מיט אים שפּילן אין... פּילקע, געשליידערט פון איין פּלאַץ צום צווייטן, געקנייפּט און געצופּט די באָרד זיינע.

איך האָב נישט אויסגעהאַלטן און אויסגעשריגן

— דאָס טוט איר מיט אים, שלעכטע מענטשן...

אויגן האָבן זיך אויף מיר אויפגעהויבן, ביידע צעיושעטע און צעבושעוועטע אויגן...

— הע, הע! ווער איז ער?

— ווער ביסטו?

— אַ חבר זיינער, טאַ קריך אַראָפּ, שנעלער!...

דאָס האַרץ איז מיר אנטפאַלן, זיי וועלן מיט מיר טון דאָס זעלבע, וואָס מיט אים און איך וועל דאָס נישט איבערלעבן. איך האָב פאַרלוירן דאָס לשון... נאָר געהערט האָב איך די געשרייען פון אונטן:

— קריך אַראָפּ!

— מיר וועלן דיך אָפּמעסטן.

— דאָס מוז זיין אַ גרויסער באַריך...

— קריך אַראָפּ...

איך בין נישט אַראָפּגעקראָכן.

צו מיין גליק זענען אַריינגעקומען אין וואַגאָן אַ מחנה נייע מענטשן, זיי זענען געקומען רעקווירירן, ווער עס פירט איבעריק ברויט אָדער צוקער און אפשר באַהאַלט ווער אַ שטיקל מאַנופאַקטור. דאָס האָט געדויערט אַ היפּש ביסל צייט. און שפּעטער, ווען די רעוויזאָרן זענען אוועק, איז יעדער נאָך אַ צייט געווען פאַרנומען מיט זיך — מען האָט אָן מיר פאַרגעסן, נאָר איך האָב אָן זיי נישט פאַרגעסן. איך האָב פשוט מורא געהאַט זיך אַ ריר צו טון פון מיין פלאַץ.

דאָס האָט באַמערקט איינער מיט אַ גרויסער באָרד און מיט אַ קול, וואָס האָט געגלעט און געדונערט אינאיינעם:

— נע באָיסיאַ, יעהרעיטשיק! יידל, האָב נישט קיין מורא — האָט ער געזאָגט צו מיר, אַ ביסל זיך פאַרטראַכט און שפּעטער צוגעגעבן:

— רוסקי נאַראָד כאָראָשי. ווען ער שעכט, וועט ער דעם איינעם טאָמן נישט שאַנעווען, און ווען ער קושט זיך אין —

מיט אַלעמען זיך געקושט: מיט אַ טאַטער, מיט אַ זשיד און מיטן טייוול אַליין אויך...

און איך האָב זיך געטראַכט:

— קוש זיך נישט מיט מיר און שעכט מיך נישט... כאַראָשי באַראַד!

נעכט אין די וואַגאָנען, אין יענע טעג. שוואַרצע קאָשמאַרן זענען דאָס געווען. נישט איינער איז דערשטיקט געוואָרן, נישט איינעם האָט מען פון די פענצטער אַרויסגעוואָרפן, כדי אַ צווייטער זאָל האָבן אַ ביסעלע פּלאַץ פאַר זיך. יעדע מענטשלעכקייט האָט אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן... איך טראַכט אַמאָל: ווי זענען אַהינגעקומען די מיליאַרדן פונדן יסורים, ווער האָט פאַר זיי באַפרידיקט, ווער האָט נקמה גענומען?

נעכט, בעת מען איז געשלאָפן אין וואַגאָן שטייענדיקערהייט, איינער אָנגעשפּאַרט אָן דעם צווייטן, און ווען דער צווייטער האָט זיך אַ ביסעלע אָפּגערוקט, פלעגט מען אומפאַלן און אויף דיר פלעגט פאַלן אַ צווייטער. האַלב-טויטע מענטשן פון מידקייט. אַ קנויל פון מענטשן פלעגט ליגן און כראָפּען און די צונגען פלעגן קריכן אויף די וויסטע רוסישע פעלדער...

איין נאַכט געדענקט זיך, אַ קאָמישע נאַכט. איך בין דעמאָלט געשלאָפן אויף אַ ביליאַרד. אין יאַלטע איז דאָס געווען...

יאַלטע איז געווען באַ די דייטשן און די, וואָס פלעגן לויפן פון רוסלאַנד, די רייכערע, זענען געלאָפן זיך באַהאַלטן אין יאַלטע. אַ סך פון זיי האָבן דאָ אייגענע ווילעס געהאַט. איך אויך... קיין ווילע האָב איך דאָרט נישט געהאַט, אָבער אַי-פּעטרי דער שפּיציקער באַרג, דער ים און אַ ביסל אַלטע באַקאַנטע — דאָס אַלץ האָט מיך שטאַרק אַהין געצויגן. מיט גרויס מי האָב איך זיך אַהין דערשלאָגן. געפאָרן בין איך אויף אַ שיף. פאָרן אַרויספאָרן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די שיף, וואָס איז נעכטן אַוועק, איז אַרויפגעשווּמען אויף אַ פאַרבלאָנדזשעטע מינע און איז אויפגעריסן געוואָרן. פונדעסטוועגן איז אויך מיין שיף געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן. מען האָט אַ ביסל מורא געהאַט און מען איז געפאָרן ווייטער...

געקומען קיין יאַלטע בין איך שפּעט בײַנאַכט. געקומען זוכן אַ נאַכטלעגער. נישטאָ קיין פּלאַץ, אַלץ איז איבערפֿולט און עס האָט זיך געוואָלט שלאָפֿן טאַקע אַ סך, פֿאַר גאָר אַ סך נעכט. איך בין אַוועק מיט אַ וואַליזע צום ברעג ים, געוואָלט זיך באַהאַלטן און אויסשלאָפֿן זיך אין אַ שיפֿל, שטייט אָבער בײַם ברעג אַ דײַטשער זעלנער אין אַ קאַסקע און מיט אַ ביקס...

לויף איך ווידער איבער די האָטעלן...

און עס געלינגט מיר, עס גליקט מיר אָפּ. אַ פּאָרטיער פֿון אַ רײַכן האָטעל לייגט מיר פֿאַר אַ פּלאַץ אויף... אַ ביליאַרד.

ער נעמט בײַ מיר דערפֿאַר אַ גאַנץ פֿעטן פּרײַז, נאָר איך בין דער גליקלעכסטער מענטש... איך וועל שלאָפֿן.

שלאָפֿן, פֿאַר יעדן פּרײַז...

דאָס האָט קיינער נישט געטאָרט וויסן. בגנבֿה האָט ער מיך צוגעפֿירט צום ביליאַרד אין אַ פֿינצטער צימער:

— אָט דאָ לייגט זיך, אָבער שטיל, שאַ, קיינער זאָל נישט הערן, די אַדמיניסטראַציע וועט מיך שטרענג באַשטראָפֿן.

איך האָב טאַקע זייער פּאָרזיכטיק אַראָפּגעצויגן די שיך מײַנע, אונטערגעלייגט מײַן וואַליזע צוקאָפּנס און אויסגעצויגן מיטן גאַנצן אימפּעט די באַפֿרײַטע פֿיס...

אָבער באַלד האָט אַ צווייטע פּאָר פֿיס מיר געענטפֿערט מיט אַ קאָנטער־אַטאַקע און מיט אַ רוסישער ברכה אַלס אַ צוגאָב. האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז נאָך איינער שלאָפֿט אויפֿן ביליאַרד, האָב איך איבערגעוואָרפֿן די פֿיס אויף דער צווייטער זײַט פֿון גרינעם טיש.

דערהערט זיך אַ באַס־קול:

— די ביינער וועל איך דיר באַלד צעברעכן. ווי אַ הונט וועל איך דיך דערשיסן...

און נאָך דעם אויסגעשריי האָט אַ הונט גענומען ברומען, נישט בילן, נאָר ברומען ווי אַ חיה, ווען מען רייצט זי אין אַ שטייג... פֿינצטער חושך. איך זע גאָרנישט. איך ווייס גאָרנישט. אפֿשר בין איך גאָר קיין יאַלטע נישט פֿאָרפֿאָרן, אפֿשר צווישן מערדער אַרײַנגעפֿאַלן? איך האָב נישט צוגעמאַכט קיין אויג, נישט

קוקנדיק אויף מיין מידקייט. די פיס האָב איך איינגעצויגן... ניין! מער איינציען האָט מען זיי שוין נישט געקאָנט.

איך האָב געהאַרט אויף דעם פרימאָרגן...

און ווען דער טאָג האָט אָנגעהויבן אַריינקוקן, האָב איך זיך גענומען אַרומזען, ווו איך בין דאָ אויף דער וועלט: אַ ריזיקער ביליאַרד. אין זיין יעדן ווינקל ליגט אַ מענטש. איך האָב גענומען ציילן פון זיך, די איבעריקע דריי זענען געווען דריי רוסישע אָפיצירן, חיים-גוואַרדיסטן, אַ גענעראַל, אַ פּאָלקאָווניק און אַ קאַפּיטאַן. איך האָב זיי דערקענט לויט די עפּאָלעטן אויף די שינעלן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך צוגעדעקט. לעבן קאַפּיטאַן איז געלעגן אַ הונט. אַלע זענען געשלאָפן, דער הונט אויך...

איך בין אַנטלאָפן פון אַזוי פיל צרות, איך האָב געזען אַזוי פיל צעשטערטע נעסטן. ווען איך בין אָבער אַרויס פון דעם-דאָזיקן האָטעל, מיט מיין טייערן געלעגער, ווען איך האָב דערזען דעם ים, אין וועלכן די זון האָט זיך געבאָדן, ווען איך האָב דערזען די שפּיצן פון „אַי-פּעטרי“ — האָב איך זיך דערפרייט און פריי אָפּגעאָטעמט. נישט אַלץ קאָנען זיי, די מענטשן, צעשטערן...

# אויף די טרעפּ

יאָטאָג, ווען גאַנץ מאָסקווע האָט אויפגעציטערט פון דעם פלוצלינגדיקן שיסעריי; ווען איינער באַם צווייטן האָט געפרעגט, וואָס דאָ קומט פאָר, און קיינער האָט נישט געוווּסט. אייגנטלעך, וואָס עס איז געשען, — אין דעם מאָמענט זענען אויף די רייכע שכנים פון „סקאַטערטני פּערעאָולאָק" אַרויסגעלאָפן אויף דער שמאָלער גאַס און גענומען זיך צוהערן און פרעגן באַ די פּאַר־ביילויפערס:

— וואָס איז געשען? פון וואַנען לויפט איר? ווו שיסט מען?

די מענטשן, די איינצלנע פאַרשווינען האָבן געענטפערט מיט האַלבע פראַזן, נישט דערזאָגט דאָס, וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן צו רעדן און געלאָפן ווייטער, פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דעם משונהדיקן אַלט־מאָסקווער קוואַרטאַל „אַרבאַט", אין דעם לאַבי־רינט פון די קרומע, שטומע געסלעך, ווו עס האָבן געלעבט די רייכסטע פאַבריקאַנטן און סוחרים.

די שכנים פון הויז נומער דריי זענען געשטאַנען און אָפּ־געוואַרט אַ שטיקל ידיעה, וואָס זאָל קלאָר מאַכן די געשעענישן. באַ זיי אין די אויגן איז געווען שרעק, אומרויקייט, און אין דער זעלבער צייט אַ געוויסע נייגיריקייט, וועלכע פאַרלאָזט נישט דעם מענטש אין דער גרעסטער סכנה; אַ פּרימיטיווע נייגיריקייט פון קינדער, וועלכע פרייען זיך מיטן פייער, וואָס פאַרברענט זייער טאַטנס הויז.

די טיר פון אונטערשטן אַריינגאַנג איז געווען אָפן, פון אונטערשטן גאָרן, פון העכסטן — אַלע האָבן זיך ביסלעכווייז אַרויסגערוקט אויף דער גאַס, אפילו די דינסטן, אפילו דער

שרייער שווייצער פון די שכנים, דער פרייטפלייציקער מיקיטא, וועלכער איז שטענדיק געזעסן אויף דער שטול בא דער ווינדע און געהאלטן אין איין באגריסן: „זדראסטוויטע, העלענא מאר־קאווגא! זדראסטוויטע, אלעקסאנדער יאסיפאוויטש!"

דאס שיסעריי איז געגאנגען פון ווייט, הילכיק־טויב. ביקסן און פולעמיאטן. מענטשן זענען ווייניקער געווארן. מיטאמאל האט זיך דאס לעבן פון די גאסן אפגעשניטן; די טראמווייען האבן אויפגעהערט צו קלאפן און צו שייערן די שינעס, דראזשקעס פארן נישט, מענטשן שפרייזן נישט.

ס'איז בעווארן שטיל, מיט פחד און מיט יום־טובדיקייט איז פול געווארן די שפעטיקע הארבסט־לופט.

אין סאמע מיטן ברען פון וואכעדיקן לעבן איז אריין א שטראם פון ענדערונג. די קוילן האבן ווי'ט געפלאצט און גע־לעכערט, כסדר געלעכערט דעם גרויסן לאנגווייליקן מאנאטאן פון נעכטן, פון אייערנעכטן...

פלוצלינג...

דאס, וואס האט אזוי ווייט אפגעהילכט, דאס שיסעריי, דער קוילן־פויק איז דורכגעלאפן אלע ווייטע גאסן און געטלעך און מיט־אמאל זיך אויסגעשאטן, געפלאצט אויף סקאטערטני נומער דריי. אט דא באענט, איבער די קעפ און הייזער, איבער די נשמות פון די נייגיריקע, וועלכע האבן זיך ביז איצט צוגעהערט, וואס „דארט" קומט פאר. איצט האבן זיי דערפילט, וואס „דא" קומט פאר. . .

צעבראכענע שויבן האבן גענומען פאלן און קלינגען אויפן ברוק, שטיקלעך טינק פון די מויערן, פרעסקעס, גזימסלעך און נאכאמאל שטיקלעך גלאז...

די, דער, יענער... אלע האבן גענומען שרייען, און מער פאר אלעמען האט געשריגן מיקיטא:

— אריין, אריין, גאספאדא!

א סעקונדע האט געדויערט און אלע האבן זיך איינגע־שפארט אין קארידאר בא די טרעפ... און פון די טרעפ זענען

געלאָפן שכנים, וועלכע זענען אויף דער גאַס פריער נישט געווען.

אַלע האָבן געשריגן, אַלע האָבן גערעדט:

— באַ אונז צעהאַקט אַלע שויבן...

— באַ אונז צעשמעטערט דעם שפּיגל, די שאַנק...

— קיינעם נישט פאַרוואונדעט?

— געבליבן דער אייבערשטער. אַלע געבליבן גאַנץ.

בלייכע זענען די מענטשן שטום געוואָרן אויף אַ רגע. עס האָט זיך דערהערט אַ שטילער „האָספּאָדי"! די קריסטן האָבן זיך געצלמט...

אונטן אין פאָדערהויז, אין קאָרידאָר, זענען געווען גלעזערנע טירן. עס האָט זיך געוואַלטיק געוואָלט אַרויסקוקן, דערגיין, וואָס עס טוט זיך אויף דער גאַס, נאָר קיינער האָט נישט געוואַגט צו-גיין צו דער טיר. מען האָט געקוקט אויף דער טיר מיט שרעק... אָט באַלד וועט ווער אַריינגיין אַ גרויזאַמער, אַ בייזער, אין בייּ-דע הענט וועט ער האַלטן רעוואָלווערן; נאָך אים וועלן גיין אַנ-דערע מיט בלייכע פּנימער, מיט צעפלאָטערטע האָר, מיט די ציין וועלן זיי קריצן... נעכטן, אייערגעכטן זענען זיי געווען איינצלנע, צעוואָרפענע, צעשפּרייטע... היינט האָבן זיי זיך פאַראייניקט, אַלע, אַלע צוזאַמען, מיט פייער און שווערד... נעכטן האָבן זיי גערעדט אויף די גאַסן, אויף די בולוואַרן, אויף אַלע עסטראַדעס, ווו מענ-טשען האָבן זיך געפונען. און אין זייערע אַלע רייד, אין אַלע אויפרופן און אויסגעשרייען איז געווען איין לאָזונג: די נקמה איז צייטיק „געוואָרן".

און איצט קומען זיי נאָך נקמה. די קוילן קנאַקן.

עפּעס זענען שטיל געוואָרן אַלע קלאַנגען פון דער וועלט, אַלע ווייטע און נאָענטע עכאָס... בלויז די קוילן, נישט מער, ווי די קוילן לאָזן זיך הערן.

שטילער!

אין קאָרידאָר איז אַ ציטער דורכגעלאָפן, עמעצער האָט גענומען קלאַפּן אין טיר. רייסן זיך מיט אַלע כוחות אין טיר אַריין.

און די טיר איז געווען געשלאָסן, און פינצטערלעך איז שוין געווען.

מען האָט די ערשטע רגע נישט געקאָנט דערגיין, ווער, ווער דאָס איז; האָט דער אַלטער טרייער מיקיטאַ זיך צוגערוקט נענטער, צוגעגאַנגען ביז צו די שויבן; וואָס מען האָט צו אים גערעדט, האָט קיינער נישט געהערט, נאָר אַלע האָבן גענוי געהערט, וואָס מיקיטאַ האָט געענטפערט:

— מען קאָן נישט, מען טאָר נישט, גייט צוריק אַהיים!

אין טיר האָט מען ווידער געקלאַפּט, האַסטיקער, בייזער, אומגעדולדיקער און עס האָט זיך דערהערט אַ וויינענדיק קול פון אַ פרוי:

— לאָזט אַריין, מענטשן! זייט נישט מערדעריש!...

— מיקיטאַ, לאָז אַריין!

— מיקיטאַ, לאָז...

אַלע זענען צוגעשטאַנען צו אים, ביז ער האָט באַוויליקט אַריינצורוקן די האַנט אין קעשענע, לאַנגזאַם אַרויסגענומען דעם שליסל און לאַנגזאַם געעפנט, פּונקט ווי דאָס וואָלט פאַרגעקומען אין יעדן געוויינלעכן טאָג, נישט היינט, ווען פון דער רויקער שטאָט איז געוואָרן אַ בלוטיק שלאַכט-פעלד.

ער האָט אויפגעעפנט די טיר, און עס איז האַלב אַריינגעגאַנגען, האַלב אַריינגעפאַלן אַ יונג מיידל, רייך אויסגעפּוצט, די אויגן האַלב-פאַרוויינט, נאָר אַ שמייכל האָט שוין געטריקנט אירע טרער. זי האָט געפרעגט:

— וואָס האָט איר מורא געהאַט פאַר מיר?

מען האָט זי באַטראַכט.

אַ יונג פּנים מיט עטוואָס טונקעלע ברעמען. פון אונטער דעם היטעלע האָט זיך געריסן מיט קאַפּריז אַ גאָלדענע בלאָנדקייט, אין די אויגן האָט זיך טיף-טיף איינגעגראָבן אַ שטייפע בלויקייט, אַ בלויקייט, וואָס לעבט איבער אַלטקייט און שימל, ווי די עכטע בלויע שטיינער, וואָס אַפילו פייער פאַרניכטעט זיי נישט.

זי האָט איבערגעריסן דאָס שווייגן, וואָס האָט געהערשט אַרום איר:

איך בין געגאַנגען לערנען זיך, און זיי מאַכן דאָ רעוואָלוציעס; אַז מען וועט אויפהערן צו שיסן, וועל איך גיין אַהיים, איך וווין אויף „סאַדאָווער".

נאָר עס האָט נישט אויפגעהערט. וואָס טונקעלער ס'איז געוואָרן, אַלץ שטאַרקער האָט זיך געלאָזט הערן דאָס שיסעריי. עס איז געקומען אַ שווערער פּחד, נאָר דערוויל איז נאָך אַלץ די נייגיריקייט געווען שטאַרקער פאַר דער שרעק און מען האָט כּסדר געפרעגט בא דער ביי־אָנגעקומענער, וואָס זי האָט געהערט און וואָס זי האָט געזעען, אויף וועלכע גאַסן זי איז פאַרבייגעגאַנגען.

זי האָט זיך נישט געלאָזט בעטן:

— מען זאָגט, די „באָלשעוויקעס", מען זאָגט די „מענשעוויקעס", וואָס ווייס איך דאָרט? איך האָב געהערט שיסן; אַלע זענען געלאָפן, בין איך אויך געלאָפן; איך האָב פאַרלוירן מיין מוזיק־טעקע, לעבן מיר איז געלאָפן אַ יינגל מיט צייטונגען, איז ער געפאַלן און גענומען וואַרפן מיט די הענד, מיט די פיס. דערנאָך האָב איך געזעען אַ צווייטן פאַלן. אָרימע מענטשן!

עס האָבן אַלע באַמערקט, ווי די נאַכט איז אָנגעקומען, עס האָבן אַלע באַמערקט, אַז די היינטיקע שיסעריי האָט צעשטערט זייער געוויינלעך לעבן, זייער רויקייט. מען האָט געפילט די גרויסקייט פון מאָמענט, נאָר איין מיקיטאַ האָט עס פאַרמולירט אין איין וואָרט, ער האָט אַ קוק געטון צו דער גאַס און אַרויסגעברומט דורך דער ברייטער באָרד:

— ס'איז נישט געוויינלעך! — און צוגעשאָקלט מיט זיין רונדן קאָפּ — נישט געוויינלעך!...

דאָס לעבן פון הויז נומער דריי איז איצט געגאַנגען אויף די טרעפּ. אין די צימערן איז געווען אַ סכּנה צו בלייבן. די קוילן זענען כּסדר געפלויגן און געלעכערט די פענצטער, דאָס מעבל... מענטשן זענען באַוועגלעך און פלינק, מענטשן האָבן זיך קלוג אויסגעהיטן.

מען האָט אַראָפּגעשלעפּט אונטן אין פאָדערהויז אַלע מאַטראַצן און קאַנאַפּעס. מען האָט איממפּראָוויזירט געלעגערס און אַ נאַכט, אַ טאָג איז אַוועק! דאָס געוויינלעכע איז געוואָרן געוויינ-

לעך. דאָס פרעמדע מיידל מיט די טיף־בלויע אויגן איז דאָ פאַר־
בליבן. זי האָט דאָ געמוזט פאַרבלייבן, ווייל גאַס און וועלט איז
אָפּגעשניטן געוואָרן.

דאָס מיידל — אָלגאַ באַגאַטאָווא האָט זי געהייסן, אַ טאָכ־
טער פון אַ באַוווסטן אַקטיאָר, און איינציקע טאָכטער, וועלכע
האָט געהאַט מער קאַפּריזן, ווי האָר אויף דעם בלאָנדן קאָפּ.

זי האָט זיך גיך צוגעפּאַסט צו דער נייער לאַגע. זי האָט
באַלד איבערגעציילט, וויפיל יונגעלייט דאָ זענען פאַרהאַן אין
הויז נומער דריי, זי האָט זיי אַלע מאָביליזירט, און דאָרט, וווּ איר
געלעכטערל האָט אָפּגעקלונגען, אין יענעם אָרט איז שוין לאַנג־
ווייליק נישט געווען. זי פלעגט אַלעמען צונויפרופן, אַלע פלעגן
איר נאָכגיין.

די רייכע זינדלעך האָבן גענומען אייפערן איינער צום צווייטן
און די טאַטעס האָבן אויך נישט געשוויגן... די גאַס האָט אויפ־
געהערט צו שרעקן, מען האָט נישט געזאָרגט וועגן דעם, און
די סכנה איז דאָך געווען — אין פייער פון קאַמף האָט געקאָנט
פּאַסירן, אַז גאַנצע הייזער זאָלן אָר־טגעשאָכטן ווערן און דאָס
הויז אויף „סקאַטערנע” איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ הויז פון עכ־
טע בורזשויען...

אָבער אָלגאַ באַגאַטאָווא האָט געהאַט אַ געלעכטערל, וואָס
האָט אַלץ געלאָזט פאַרגעסן. אפשר איז גוט געווען און אפשר
שלעכט, וואָס די סכנה האָט זי דאָ אַהערגעבראַכט...

פאַרוואָס זענען אַלע מענער אַזוי אומרויק געוואָרן? וואָס
איז געשען? די סכנה איז היינט נישט גרעסער און נישט קלע־
נער געוואָרן, ווי נעכטן; נאָר דער סוד איז, וואָס אָלגאַ האָט זיך
אָפּגעטיילט מיט איינעם און איז אַרויפגעגאַנגען אויף אַ העכערן
שטאָק. זיי זיצן דאָרט אויף די טרעפּ און שמועסן, און ווער ווייסט?
און אפשר קושן זיי זיך...

מען האָט זי שוין עטלעכע מאָל גערופן:

— אָלגאַ, וואָס זיצט איר דאָרט אויבן? קומט אַראָפּ אונטן.

— מיר איז דאָ גוט — ענטפערט זי פון די אייבערשטע טרעפּ
און „ געלעכטער קייקלט זיך ביז אונטן.

— דאָרט איז אַ סכנה, דאָס שיטערייַ הערט נישט אויף.
— ס'אַ קומט אַרויף מיך ראַטעווען...

גייט מען אַרויף צו איר און מען נוצט אויס אַלע אַרגו־מענטן, אַבי זי זאָל אַראָפּגיין אונטן; זאָל זי אַראָפּגיין, זאָל זי זיין מיט אַלעמען צוזאַמען, אַבי נישט מיט איינעם. איר שמייכל זאָל נישט געהערן צו איינעם; איבערהויפּט היינט, אין די טעג פון סכנה, ווען פון אַלע אָפּגעזונדערטע ווינקלען איז געוואָרן איין גרויסע משפּחה, איין פאַריייניקונג.

און בײַנאַכט, ווען אַלע ווילן זיך לייגן שלאָפן, ווייל אַלגאַנץ בלײַבן אויפן קאָרידאָר, אונטן בײַ דער סאַמע טיר...

חברה קוקן זיך איבער. מיט וועמען האָט זי אָפּגערעדט? און איינער צום צווייטן איז אייפערזיכטיק. זיצט מען אַזוי אַריין ביז שפּעט אין דער נאַכט. איינער געטרויט נישט דעם צווייטן. מען זיצט און מען הערט, ווי די פּולעמיאָטן בילן. אין קאָרידאָר איז פינצטער, צוליב פאָרזיכטיקייט צינדט מען נישט אָן קיין פייער...

ווייל מען זעען צי יעדער האַלט זיינע הענט בײַ זיך? צי עמעצנס פינגער שפּילן זיך נישט מיט אַלגאַס פינגער?

ס'איז אַ וועלט פאַר זיך... און הינטער דער וואַנט ברעכט זיך די גרויסע וועלט, וועלכע שלינגט־איין אַלע קליינע וועלטעלעך אין איר שטראָמיקן אָפּגרונט...

וואָס דאַרטן קומט פאַר אין יענע ווייטערע גאַסן האָט קיי־נער נישט געוווּסט. די באַלאַגערונג האָט געדויערט. פלעגט ווער צוגיין צום פענצטער, האָט ער מער נישט געזען, ווי שטיקלעך בזימסן פון די שכנישע הייזער פליען אויף דער ערד, ווי אַ נישט זעענדיקע האַנט וואַלט זיי געצופּט: דאָס האָבן די קוילן געאַרבעט.

דער פירטער טאָג. בײַ אַלעמען זענען פאַרטעמפּט געוואָרן די געפילן, פרידע איז מען אַראָפּגעקראָכן אויף די טרעפּ, אַראָפּ און אַרויף.

פריילעך און לוסטיק איז געווען גאָר אונטן בײַ מיקיטאַן דעם קאָרידאָר־דינער אין קעלער. דאָרטן האָט מען צונויפגעקליבן

אַלע קינדער פון גאַנצן הויז, מען האָט דאָרט אַראָפּגעטראָגן זייערע שפּילצייגן, אַלע קינדערישע פערדלעך, ליאַלקעס, אָנגע־שטאָפּטע חיות, וואַגאָנעלעך און לאָקאָמאָטיוון מיט מעכאַניזמען. די קינדער האָבן זיך געשפּילט און געשריגן, זיי האָבן קיינמאָל אַזוי פיל פרייהייט נישט געהאַט. אונטן אין קעלער איז אַפילו נישט צוגעקומען דאָס שיסעריי, דאָס קלאַפּן פון די פּולעמיאָטן און ביקסן.

די גרויסע האָבן אויך פיל מאָל פאַרגעסן, וואָס אויף די גאַסן קומט פאָר. אַן אָפּגעשלאָסענע וועלט איז יעדעס הויז געווען.

מען האָט געשפּילט אין קאָרטן.

מען האָט זיך געטיילט מיטן שפּייז, דערביי האָט אײנער דעם צווייטן חושד געווען, אַז יענער באַהאַלט עפּעס פון אים. די באַלעבאָסטעס האָבן זיך באַקלאָגט, אַז זיי האָבן שוין באַלד קיין צוקער נישט, קיין מעל נישט.

מיקיטאַ איז אַרומגעגאַנגען און אַלעמען געטרייסט, אַז פון הונגער וועט מען נישט שטאַרבן, ווייל אין קעלער ליגן קאַרטאָפל. עס וועט סטייען אויף דעם גאַנצן ווינטער פאַר אַלעמען.

— אָבער ווי לעבט מען מיט בלויז קאַרטאָפל?

— מען לעבט... — האָט מיקיטאַ געענטפערט און אין זיין קול האָט אָפּגעקלונגען בטחון און זיכערקייט.

איינע איז געווען, וואָס האָט זיך נישט געלאַנגווייליקט דאָס בלאָנדע מיידל אָלגאַ באָגאַטאָוואַ. זי האָט דאָ פאַרבלאָנ־זשעט צופעליק. ווען מען האָט אָנגעהויבן שיסן, איז זי דאָ אַריינ־געלאָפן.

איצט איז זי שוין נישט קיין פרעמדע. זי קען אַלעמען, רופט יעדן מיטן נאָמען, שפּילט זיך מיט די קינדער. און די קינ־דער שפּילן זיך מיט איר.

איינמאָל, בעת מען האָט גערעדט וועגן דעם שווידער פון די גאַס־שלאַכטן, וועגן בלוט און אכזריות, האָט זי זיך אָנגע־רופן:

— מיך וועלן זיי נישט רירן...

— מיט וואָס זענט איר אַזוי זיכער?

— איך... איך וועל אַ קוק געבן אויף זיי מיט מײַנע בלויע קוקערס, און זייערע בייזע נשמות וועל איך אַרײַנקוקן... זיי וועלן מיך נישט רירן.

מען האָט געקוקט אויף איר, מען האָט זיך געפרייט מיט דער זיכערקייט פון דעם פרעמדן מיידל און יענע האָט געאַרבעט מעשים. זי האָט די אַלע מענער, וואָס זענען דאָ געוועזן, דורכגע-טאַסירט, ווי קאָרטן, מיט דעם, מיט יענעם געשפּילט, געפליר-טעוועט און צום סוף זיך אויסגעקליבן איינעם, אַ יונגן אַדוואָקאַט, אַ בלאָנדער שווײַגעדיקער יונגערמאַן. זי האָט זיך אָנגעהויבן מיט אים אַלץ מער אָפּזונדערן. די איבעריקע האָבן דאָס צוגעקוקט און געביסן די ליפּן. זי האָט נישט געמאַכט קיין סוד פון איר געפיל צו וולאַדימיר איוואַנאָוויטש טיכאָנאָוו. אַזוי האָט געהייסן דער יונגער אַדוואָקאַט.

— איר ווייסט, חברה, איך האָב מיך פאַרליבט אין אים. דאָס וועט זײַן די אינטערעסאַנטסטע ליבע אין דער וועלט. אין דער שויס פון דער רעוואָלוציע, אין סאַמע ברען פון פײַער, אונ-טער די קוילן איז געבוירן געוואָרן אונדזער ליבע.

וואָס רעדט זי דאָס אַרויס? וואָס פּײַניקט זי מענטשן, אַלע זענען דאָך אין איר פאַרליבט, געוואַלט! וואָס רעדט זי אַזוי הויך וועגן דעם?

איר ליכטיקער קאָפּ האָט געשוועבט איבן און אונטן. אויף די טרעפּ, אין קאָרידאָר, אין קעלער, אירע טיף-בלויע אויגן פלעגן זיך באַווײַזן און איבערלאָזן אין די טונקעלע ווינקעלעך פון אָנגעשראָקענעם הויז אַ ביסל בלויקייט. באַלד אַנטלויפט זי און באַהאַלט זיך ערגעץ מיט „איר“ וולאַדימיר איוואַנאָוויטש. פאַר-לירן זיי זיך, רופט זי:

— וולאַדימיר איוואַנאָוויטש, ווו זענט איר?

און עס קלינגט איר קול און מונטערט און פרייט. עס זאָגט, אַז בײַ אַלע רעוואָלוציעס וועט די יוגנט נישט אָפּשטאַרבן און מענטשן וועלן זיך ליבן, מענטשן וועלן בענקען און שטרעבן.

דרײַ טעג, פיר טעג זענען אַריבער. די שרעק איז געוואָרן

באַנאַטאַן, אַזוי ווי דאָס שיסערײַ... נו, און וואָס ווײַטער? צי וועט זיך גאָרנישט בײַטן?

אויפֿן פֿינפֿטן טאָג האָט זיך אָנגעצונדן אַ הויז. דער פֿיר־שטיין באַגאָריאַבאַט הויז, וואָס איז געשטאַנען קעגנאיבער.

און דאָס איז, דאַכט זיך, נײַטיק געווען, עס האָט זיך גע־פֿאָדערט אַן עפֿעקט. אַ רעוואָלוציע אָן פֿײַער — וואָס פֿאַר אַ רע־וואָלוציע איז דאָס?

אַ סך פֿון די שכנים זענען אַרויפֿגעלאָפֿן אויפֿן העכסטן שטאָק און פֿון די פֿענצטער אַרויסגעקוקט. די, וואָס האָבן נישט מורא געהאַט פֿאַר דעם שיסערײַ, זענען פֿון פֿענצטער נישט אָפּ־געטרעטן... פֿײַער רײַניקט, פֿײַער מונטערט, פֿײַער האָט עפּעס אַ סוד אין זיך, מען האָט געקוקט אויפֿן פֿײַער און מען וואָלט גע־וואָלט דערגיין בײַ אים, ווי לאַנג דאָס וועט געדויערן און וואָס וועט פֿון דעם אַרויסקומען?

און די אָלגאַ באָגאַטאָוואַ איז געשטאַנען צוגעשטוליעט צו איר וולאַדימיר איוואַנאָוויטש און געקוקט אויפֿן פֿײַער, געשוויגן. נאָר ווען דאָס פֿײַער האָט גענומען ברענען העליקער, שטאַרקער:

- גוט אַזוי!

- וואָס איז גוט, אָלגאַ! מיט וואָס פֿרייט איר זיך אַזוי?

- איך וויל, עס זאָל ברענען, איך האָב ליב פֿײַער!

— אַ משוגענע קאָן עס נאָר פֿאַרלאַנגען...

און זי האָט זיך גענומען פֿאַרענטפֿערן:

— איך ווייס, אַז דאָס איז נישט פֿײַן פֿון מײַן זײַט, נאָר איך זאָג שטענדיק דעם אמת, איך זאָג עס אײַך איצט. איך ווייס נישט פֿאַרוואָס, נאָר איך וויל עס זאָל ברענען... זי האָט זיך גע־נומען פֿאַנטאַזירן:

— דאָס פֿײַער וואַרפֿט זיך אַריבער אויף לינקס און אויף רעכטס, עס וועט זײַן ליכטיק איבער גאַנץ מאָסקווע...

מיקיטאַ האָט אויף איר בײז אַ קוק געגעבן.

— און די צערקוועס, וויל די באַרישניע, זאָלן ברענען? האַ! די צערקווען זאָלן אויך ברענען, „סטראַסטנאַי״ זאָל ברע־נען, „וואַסיל בלאַזשעני״ זאָל ברענען?

זי האָט אויף אים אַ קוק געגעבן און זיך דערשראָקן פֿאַר זיין בייז קול.

— ניין, איך שפּאַס... — זי האָט זיך גענומען צלמען.

דאָס פייער האָט נישט געהערט נישט מיקיטאַן און נישט דאָס ואַרגלאָזע מיידל. עס האָט געשלונגען שטיקער מויער, פון די פענצטער איז עס געקראָכן און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס פייער איז דאָרט לאַנג באַהאַלטן געלעגן אין די ווענט פון דער נירשטיינס הויז. איצט איז געקומען זיין צייט...

אַ צווייט הויז האָט שוין געברענט און די פלאַמען מיטן גערדיכטן רויך האָבן אריינגעפירט אַלעמען אין טעות. מען האָט געמיינט, אַז האַלב מאָסקווע ברענט שוין.

אַלע האָבן געקוקט נייגיריק. מיטאַמאָל דערהערט זיך מיקי-טאַס בייז קול:

— אָך, זאָל אייך דער נישט-גוטער...

מען קוקט זיך ארום און —

אַלגאַ באַגאַטאַוואַ קושט זיך מיט דעם יונגן אַדוואָקאַט. זיי האָבן געטראַכט, אַז אַלע זענען פאַרנומען מיטן פייער, וועט מען זיי נישט באַמערקן... מיקיטאַ איז פאַר כעס אַראָפּ דער ערשטער.

די זעקסטע נאַכט איז צום אָנהייב דורכגעגאַנגען גאַנץ רויק, אַלע האָבן זיך צונויפגעקליבן בײַ איינעם פון די שכנים אין פּאַרטער, מען האָט אָנגעצונדן אַלע עלעקטרישע לאָמפּן, מען האָט פעסט פאַרהאַנגען די פאַרהאַנגען און פאַרבראַכט, געזונגען, געשפּילט, געטאַנצט.

פון צייט-צו-צייט פלעגט זיך ווער אָפּרייסן און אַ קוק געבן אין קאָרידאָר, צי די גאַס קערט זיך נישט איבער. ער פלעגט קומען צוריק און אַ סך מענטשן באַפאַלן אים מיט דער פראַגע:

— וואָס? וואָס הערט זיך?

און שטענדיק איז געווען דער זעלבער ענטפער

— מען שיסט!

דאָס שיסעריי איז געוואָרן אַ געוויינלעך נודנע געשעעניש.

און אַלגאַ באַגאַטאַוואַ האָט נאָר געהאַט איין פראַזע:

— עס מוז ברענען. אויב עס ברענט נישט, איז דאָס

נישט קיין רעוואָלוציע. די נעכטיקע שרפה איז היינט שטילער געוואָרן, דער הימל איז געווען רויט. פייער-צונגען האָבן געגלעט די סקעלעטישע ווענט פון די אויסגעברענטע מויערן, אָבער דאָס פייער איז גרעסער נישט געוואָרן, עס האָט זיך געפילט זיין אוממאַכט.

מען איז געגאַנגען שלאָפן שפּעט. אַלע פייערן האָבן זיך פאַרלאָשן און אויף די טרעפּ האָבן זיך אויסגעלייגט די מענער. אין אונטערשטן צימער לעבן דער ווינדע האָבן זיך געמאַכט אַ באַקוועמער געלעגער די פרויען...

און מערקווירדיק: געשלאָפן איז מען גאַנץ געשמאַק אין יענע גרויסע טעג פון איבערקערעניש. דער טאָג איז געווען שווער, אָבער באַנאַכט פלעגט עס אַלץ פאַרשווינדן ווערן.

פלוצלינג דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר. אַ שטאַרק קלאַפּן. איין מאָל, צוויי מאָל. די שכנים כאַפּן זיך אויף און זיי דערהערן אַ פראַזע:

— עפנט! ווייל מיר רייסן באַלד אויף די גאַנצע מויער.

מען האָט געעפנט און אין קאָרידאָר איז אַריין אַ גאַנצע מחנה מענטשן, מיט פעלצן און אָן פעלצן, מיט בערד און אָן בערד.

— פון אייער בוידעם האָט מען געשאָסן.

— ווו? ווער? מיר שלאָפן אַלע.

עס האָבן נישט געהאָלפן די אַלע רייד. איינער פון די באַ-וואָפנטע מענטשן האָט נאָכאַמאָל פאַרזיכערט, אַז פון דעם בוידעם האָט מען געשאָסן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו באַזוכן דעם בוידעם און אויספאָרשן צי קיינער איז דאָרט נישט פאַראַן.

— אָבער וועלכער משוגענער וועט פון אונז קריכן אויפן בוידעם?

און דאָך...

בעת אַלע זענען אַרויף אינדערהייך: די שכנים מיט פיל באַוואָפנטע מענטשן, האָבן זיי דאָרט געפונען צוויי „פאַרברעכער“.

אַלגאַ באַגאַטאָווא און דער יונגער אַדוואָקאַט.

אַלע האָבן אָן זיי פאַרגעסן און איצט האָבן זיך אַלע דער-שראָקן, מען וועט זיך אָפּרעכענען מיט דעם הויז אויף סקאַטערטנע...

— וואָס טוט איר דאָ? ווו איז אייער געווער?

די אַלע באַוואָפנטע האָבן געשריגן און געזידלט.

דער אַדוואָקאַט איז געווען טויט בלאַס, נאָר אַלגאַ באַגאַ-שאַווא האָט זיך נישט פאַרלוירן.

— מיר האָבן נישט קיין געווער, וואָס ווילט איר פון אונז?

— וואָס האָט איר דאָ געטון אויפן בוידעם?...

— מיר האָבן זיך דאָ געקושט — האָט אויסגעשריגן די אַלגאַ, — מיר האָבן זיך געקושט... יעי-באָגו.

עמעץ האָט צוגעטראָגן צו איר פנים אַן עלעקטריש לעמפל און זי באַלויכטן...

— געקושט, צו אַלדי שוואַרץ יאָר, אויף די גאַסן גיסט זיך בלוט און דאָ שפּילט מען זיך אין ליבע...

— יעדער שפּילט זיך, ווי ער קאָן — האָט זי פריילעך געענטפערט.

די שטימונג איז געוואָרן אַן אַנדערע. אַלע האָבן גענומען לאַכן, מען האָט די פּאַרליבטע צראַפּגעפירט פון בוידעם און אָנגעזאָגט, אַז קושן זאָלן זיי זיך אונטן אין קאָרידאָר.

די באַוואָפנטע זענען אַוועקגעגאַנגען און ערשט האָט זיך אַלגאַ באַגאַטאָווראַ געכאַפּט:

— ווער זענען זיי געווען, באָלשעוויקעס, צי מענשעוויקעס?

דאָס האָט זי אויך געוואָלט וויסן. —

# אַ טאָג אין מאָסקווע

די קינדער ווייסן פון גאָרנישט. זיי שפּילן זיך מיטן שניי, וואָס ליגט דאָ אַזוי זיכער אין די לאַנגע חדשים פון ווינטער. זיי האָבן צונויפגעשאַרט אַ גרויסן באַרג אויפן הויף. דער באַרג איז פאַרפרוירן געוואָרן אין זיין איינגעפרעסטקייט און איצט לאָזן זיך די יאַטלעך ווילגיין מיט זייערע מיניאַטור־שליטלעך. די בעקלעך פאַררויטלט, די אויגן רויק און פריילעך.

די קינדער ווייסן פון גאָרנישט און אין יעדן הויז, אין יעדן צימער איז טרויער, שרעק, בייזע דערוואַרטונגען, הונגער און אומזיכערקייט.

איך קוק אַרויס פון פענצטער און איך דערפיל די גרעסטע קנאה צו די קינדער. קיינמאָל האָב איך דאָס קליינוואַרג אַזוי מקנא נישט געווען. איך וואָלט זיך וועלן באַהאַלטן אין זייער זאָרגלאָזיקייט, מען זאָל מיך נישט זען. ווייל איך האָב זיך דערפילט מאַכטלאָז און איבעריק אויף דער וועלט, ווייל איך קאָן נישט זיין גלייכגילטיק צו די טעג, וועלכע הייבן זיך אָן מיט בלוט און ענדיקן זיך מיט בלוט.

איך ווייס, אַז אין דער צוקונפט וועט עס זיין העראָאישע היסטאָריע. קינדער וועלן דאָס לערנען, מאָלערס וועלן צייכענען מאָמענטן פון מיין היינטיקן טאָג, דיכטער וועלן באַזינגען די גרויע־בלוטיקע שעהן פון היינט.

אָבער איצט, איצט איז דאָס אַ שוידערלעכע בוכהאַלטעריע, געשריבן מיט רויטער טינט, מיט בלוט...

נעכטן בין איך געגאַנגען אויף דער זנאַמענקע, דאָרט איז פאַרהאַן א „פּאָליציי-אוטשאַסטאָק”. די גאַנצע גאַס איז ווייס געווען. ווייס און ליכטיק פון שניי, כאָטש א בייזקייט האָט געשוועבט אויף דער גאַס, די בייזקייט פון די היינטיקע אומרויקע טעג, אָבער די ליכטיקע ווייסקייט האָט דאָך רגעווייז רויק געמאַכט די נשמה.

א מענטש איז אימשטאַנד אין אַזאַ ליכטיקער ווייסקייט צו גלויבן אין אַלץ, אַפילו אין אַ בעסערער צוקונפט מיט אַ בעסערן מענטש...

פּלוצלינג עפנט זיך די טיר פון דער פּאָליציי-געביידע. עס גייען פון דאָרט אַרויס דריי מענער. דריי מענטשן, אַלע דריי כמעט ענלעך צו זיך, אין קורצע פּעלצן, מיט פוטערנע היטלען. צוויי פון זיי נעמען אַרויס רעוואָלווערן פון די קעשענעס און שיסן אין דעם דריטן. אַ שוידערלעכע רויִקייט איז געווען אין זייער אַרבעט. דער דריטער פאַלט, ציטערט מיט אַ האַנט, מיט אַ פוס און בלייבט ליגן אומבאַוועגלעך. צו דער רויִקער גאַס איז צוגעקומען נאָך אַ שטיק רויִקייט, אַ טויטער קערפּער.

איך בלייב כמעט איינער אויף דער גאַס. איך, אַ לעבעדי-קער, דערפיל אויף אַ מאָמענט מיין שרעקלעכסטן שונא — דעם טויט...

איך גיי צו נענטער, עטלעכע שטראָמעלעך פון בלוט, רויטע לענטעס ציִען זיך און זאַפּן זיך איין אין דעם ווייסן שניי. די איבעריקע פאַרבייגייער גייען האַסטיק אַוועק. אין די טעג טאָר מען נישט פרעגן, ווער — וועמען האָט געשאָסן ?...

ווער איז דער געווען, דער, וואָס ליגט דאָ פאַר מיר אום-באַוועגלעך, ווען מיין האַרץ קלאַפּט פון שרעק, ווען מיינע אויגן זעען זיין בלוט ? ווער איז ער געווען ? אַ באַנדיט ? אַ גנב ? אָדער גאָר אַ פּאָליטישער געגנער ? אין די טעג טאָר מען נישט פרעגן. איך דערפיל אין זיך אונזער שוואַכסטע שטאַרקייט : דעם אינ-שטינקט צום לעבן, זעלבסטשוץ, און איך פאַרלאָז די זנאַמענקע...

און בא איר אין הויז, דאָרט, ווו איך האָב מיין צימער.
די טאָכטער פון מיין באַלעבאָסטע.
אַנושקאַ הייסט זי. מיט בלאָנדע האָר, העלע אויגן און העלע

ברעמען. זי איז באמת נישט שולדיק, וואָס רוסלאַנד האָט זיך אַזוי־לאַנג געהאַלטן אין שקלאַפעריי. זי איז נישט שולדיק, וואָס הונ־דערט און זעכציק מיליאָן מענטשן האָבן געלעבט אָן רעכט. זי איז אין דער בלוטיקער מלחמה נישט שולדיק. זי האָט געלעבט מיט איר קליין וועלטעלע: פאַרליבן זיך און חתונה האָבן.

האָט זי זיך פאַרליבט און די חתונה האָט געדאַרפט אין ניכן פאָרקומען. דער חתן — אַ געוועזענער אָפיציר.

איז מען געקומען באַנאַכט און מען האָט אים צוגענומען, געוואָר בא אים געפונען, פאַרדעכטיקע פּאַפּירן און...

מיט דריי טעג צוריק האָט מען אים ערגעץ־ווו געזען באַנאַכט אין אַ קעלער דערשאָסן.

אַלע ווייסן דאָס שוין, איר אַלטע מוטער, די דינסט, איך, דער גאַנצער הויף ווייסט דאָס, נאָר זי אַניושקאַ, זי האָפט נאָך אַלץ, מען פאַרבאַרגט פון איר, מען האָט מורא פאַר איר זינען. זי איז אַזוי אָפּגעשוואַכט!

עס עפנט זיך די טיר פון מיין צימער און זי קומט אַריין, יעדן טאָג קומט זי צו מיר אַריין:

— וואָס הערט זיין? פון פּאַוועלן איז אַלץ נישטאָ קיין נייעס.

— מען דאַרף זיין שטאַרק אין אַזעלכע טעג, אַננאַ מיכאַי־לאָוונאַ!

קוקט זי מיך אָן מיט שרעק אין די אויגן:

— וואָס הייסט שטאַרק? וואָס מיינט איר מיט דעם? איר ווייסט שוין עפּעס?

דערשרעק איך זיך. איך? איך וויל נישט ברענגען די בשורה פון טויט און איך רוף אַרויס אַ שמייכל אויף מיין פנים:

— איך ווייס גאָרנישט... איך, איר, אַלע דאַרפן זיין שטאַרק אין אַזעלכע טעג.

ווערט זי רויק. און זי זעצט זיך אַוועק. אַ שאָטן, אַ פרוי, וויפיל נעבט איז זי שוין נישט געשלאָפן, וויפיל שרעקלעכע נעכט!

— ווען איר וואָלט וועלן, זאָגט זי, איר וואָלט געקאָנט אַ סך טון, איר זענט דאָך אַ ייד, טראָצקי איז אויך אַ ייד...

וואָס זאָל איך איר ענטפערן? אַז טראָצקי איז מיר אַ קנאָ־פּער שותף צו מיין יידישקייט, אַז לענין איז נישט קיין ייד, אַז די רעוואָלוציע איז אויך קיין ייד נישט, אַז מענטשלעכע ליידנשאַפטן און מענטשלעכע ווילדקייטן האָבן נישט צו טון מיט יידישקייט צי קריסטלעכקייט... וואָס זאָל איך איר ענטפערן? בײַ איר האָט מען צוגענומען איר חתן, איר ליבע, איר לעבן. זי האָט איר וועלטל, און דער גרויסער שטורעם איז איר פרעמד, זי קאָן אפילו נישט טראַכטן פון דעם.

צום גליק קומט אַריין איר אַלטע מוטער, און זי נעמט זי צו פון דאַנען.

איך אַליין אַנטלויף, ווייל די אַנושקע מיט אירע פראַגן, מיט אירע שפּומע אויגן... זי וועט זיך און מיך משוגע מאַכן.

איך גיי און זינק אין שניי. קיינמאָל, דאַכט זיך מיר, איז דער שניי אַזוי ווייך נישט געווען, דער ברוק וועט זיך באַלד עפענען און איך וועל אַריינפאַלן אין אַ טיפעניש... איך גיי און איך שאָקל זיך, די פיס האָבן פאַרלוירן זייער קראַפט... דאָס איז פון הונגער.

און איך האָב אַ קעשענע מיט געלט — ס'איז נישטאָ אָבער ווו צו קויפן, וואָס צו קויפן.

שפּעטער זיץ איך בײַ מיינעם אַ פריינט. אַ רייכער מענטש, אַ גוטער ברודער. איך בין געקומען פונקט צו דער צייט, מען האָט מיך געבעטן צו מיטאָג, נאָר ווען איך האָב דערזעען די דינע פיצעלעך ברויט, די מאָגערע פּאָרציעס פלייש, האָב איך ערשט פאַרשטאַנען, אַז איך בין דאָ איבעריק. די, וואָס זענען געזעסן בײַם טיש, זענען שווייגנדיק געווען, און אויסגעדאַכט האָט זיך מיר, אַז זיי שווייגן פון כעס צו מיר, וואָס איך בין דאָ אַריינגעקראָכן צו זיי אין שטוב.

און מיר דאַכט זיך, אַז זיי איילן גיכער אויפצועסן דאָס ברויט...

ווער איך דרייסטער און שאַר־צו איין פיצל לחם צו זיך — זאָל זיין וואָס עס וויל — איך בין אויך אַ מענטש, איך וויל עסן און איך האָב ערגעץ געהערט, אַז אַ מענטש דאַרף פריער זאָרגן

פאַר זיך... איך ווייס נישט ביזן היינטיקן טאָג, וואָס די מענטשן האָבן דעמאָלט געטראַכט וועגן מיר — איך געדענק אָבער שטאַרק מיין „העלדישן" טריט.

נאָכמיטאָג איז דאָרט בעקומען אַ יונגערמאַן, אַ באַקאַנטער פון מיין פריינט. אַ מענטש מיט אַ רויטער סטענגע אין לאַץ, מיט אַ רויטער שלייף. מען האָט גערעדט וועגן די געשעענישן פון טאָג, וועמען מען האָט דערשאָסן און וועמען מען האָט דערשיסן. דער יונגערמאַן האָט אַלץ געוווסט. דער יונגערמאַן איז נישט געווען איינער, ער האָט עפּעס געהאַט שותפים, אַ מחנה...

ער האָט כסדר גערעדט און כסדר באַנוצט דאָס וואָרט: „מיר", „מיר" און „מיר":

— מירן ברענגען אַ נייע אָרדענונג.

— מירן אַוועק איבער אייראָפּע.

און געוווסט האָב איך, אַז מיט דריי חדשים צוריק האָט זיך דער זעלבער יונגערמאַן זייער ווייניק אינטערעסירט מיט דער וועלט און אייראָפּע, ער איז געווען אַן אַגענט פון לעדער בראַנזשע.

צו מיר האָט ער זיך געווענדט:

— וואָס גייט איר אַרום אַזוי אויף דער וועלט, מיר באַדאַרפן מענטשן, קומט!

איך האָב באַדאַנקט דעם אַלמעכטיקן „מיר". איך בין זיך געזעסן אויף מיין שטול, מיד פון טאָג, פון אַ סך אַזעלכע טעג און פון אַ סך אַזעלכע ניי-געבאַקענע מענטשן-רעטערס. אַ לאַנד האָט זיך צעשמעטערט, אַריינגעפאַלן אין תהום... מיליאָנען מענטשן! זיי וועלן זיך אַן עצה געבן, אָבער די ברואים מיט די רויטע שלייפן, די, וואָס פּאַסן זיך צו צום מענטש און צום טייוול — אָן זיי וואָלט די וועלט באַשטימט שענער געווען און די רעוואָלוציע אויך.

עס איז שוין נאַכט, ווען איך אייל צוריק צו זיך. גיכער אַהיים! מען שליסט צו פרי די טויערן. מענטשן באַהאַלטן זיך און פאַרמאַכן זיך. די גאַס אַליין זעט אויס, ווי אַ פאַרשלאָסענע וועלט.

בלויז די בייכיקע צערקוועס מיט די פינף ביזאנטישע קופאלן קוקן ארויס אויף דער טויטערליידיקייט...

*

די קינדער ווייסן פון גארנישט. עס איז שוין פינצטערע נאכט, נאר דער בארג אויף מיין הויף האט נישט פארלוירן זיין חן פאר די קינדער.

זיי שליטלען זיך און גליטשן זיך און עס איז אזוי מאדנע אין אזא פחד-נאכט, ווען יעדע שעה ווערן טאטעס און ברידער דערשאסן. עס איז אזוי מאדנע צו הערן די זארגלאזע קוויטשע-רייען, די קינדערישע — אפשר אן אפקלאנג פון א בעסערער צו-קונפט ?

איך פיל זיך איצט אין די נאכט-שעהען נאך מער געפאנ-גען אין מיין צימער, איך בין נאך איצט מער אליין. דאס איז א צימער פון דער אלטער וועלט, א פארטרעט הענגט אויף דער וואנט. א גענעראל מיט קרייצן און מעדאלן, מיין באלעבאסטעס פארשטארבענער מאן. ער פילט שוין נישט, אז ער איז איצט נאכאמאל געשטארבן מיט זיינע מעדאלן. דאס צימער איז אויסגע-שטעלט מיט אלט מעבל, מיט צוויי שאפעס ביכער. דא אטעמט אין שימל א שטיק פארגאנגענהייט.

איך ווייס, אז עס איז נאך גארנישט שפעט, נאר די גאס, דער הויף און די חדרים הינטער מיינע ווענט, — אומעטום הערשט שוין אזא שטילקייט, אזוי פיל נאכט.

— אזוי פיל נאכט, רעד איך צו זיך אליין.

און עמעצער ענטפערט פון אונטער די אלטע ביכער-שענק :

— שוין צופיל נאכט, בא די מענטשן, בא די הימלען, בא דער נאכט אליין...

עס שלאפט זיך נישט. דאס צימער ווערט ענג, ווייל די וועלט איז ענג געווארן. זאל מיר זאגן די נאכט : איז דאס נישט צופיל א ביסעלע פאר איין דור אזוי פיל דערגרייכונגען און אזוי פיל מפלות. אזא מלחמה און אזא איבערקערעניש ? צו ברענגען

די מענטשן נישט צופיל קרבנות פאר דער אומבאוווסטער און פרעמדער צוקונפט? נאר די נאכט שווייגט און די אויגן מיינע שוועבן איבערן צימער, ביז איך קוק זיך גוט איין אין ביכער־שאנק. איך זוך צום לייענען.

עפעס אזוינס, וואס זאל ווייט זיין פון מיין היינטיקן טאג.

„דאן קישאט" אין א לעדערנעם פאליאנט מיט אפגעריבן גאלד. איך פארטיף זיך אין א בוך, ווו דאס לעבן שפרייזט אויף די קרומע פיס פון גראטעסק, לעבן, שטרעבונג, ליבע, טויט, ליידנ־שאפט, — אלץ קנוילט זיך און קייקלט זיך אין א ליכטיקן אפגרינט, ווו סאטירן מיט הערנער און ציגענע בערדלעך טאנצן און קייכן פון געלעכטער...

איך האב מיטגעלאכט. ווייזט אויס, אז איך האב זייער שטארק געלאכט, ווען איך האב געלייענט סערוואנטעסן, ווייל מיין טיר האט זיך געעפנט, די אלטע באלעבאסטע האט אריינגערוקט איר גרויען קאפ, נאך דער באלבאסטע איז געגאנגען איר טאכטער אנגא מיכאילאווגא, די דינסט און דאס הינטל איז אויך אריינגעלאפן אין מיין צימער.

זיי קוקן מיך אן, זיי מיינען, אז איך בין משוגע געווארן.

ניין! איך לייען א בוך, א קאמיש בוך. איך לייען „דאן קישאט".

די דינסט צלמט זיך.

די באלעבאסטע מיינע זיפצט:

— האספאדי! איך האב זיך אזוי דערשראקן.

און איך פיל זיך שולדיק אנטקעגן די מענטשן. אין אזעלכע טרויעריקע טעג פאר זיי טאר מען נישט לאכן.

איך ווארף אוועק דאס בוך. עס בלייבט מיר ווידער איבער די נאכט. מיט איר אליין קאן מען ערנסט זיין.

# דער אַש־בעכער

איך האָב געהאַט אַ צימער בײַ אַן אַלטער מאָסקווער פּריצהשע. דאָס איז געווען אַ מוזיי נישט קיין צימער. אַ סך בילדער אויף די ווענט. מיט הונדערט־יעריקע אַלטמאָדישע ראַמען צו די בילדער. מעבל פון עכט שוואַרץ האָלץ, אַ פּאָטעל איז דאָרט געווען מיט מאָזאַיק פון זילבער און פּערלמוטער. דאָס בעט מײַנס, אַ נידעריקס, נאָר זייער אַ ברייטס, מיט פיר אָרנאַמענטן פון אַלע ברעגן, אַן אויסגעשניצט בעט פון ביזאַנטישן סטיל, פּונקט ווי דאָס בעט וואָלט געווען אַ קרוב צו די הונדערטער צערקוועס אין מאָסקווע...

ווען איך פלעג ליגן אין יענעם בעט... אין די טעג פון רוסישן שוידער, ווען צו מיר פלעגט נישט דערגיין קיין איין עכאָ פון דער גאַס, ווען איך פלעג ליגן אין יענעם בעט, פלעגן מיך פאַרשידנאַרטיקע שטימונגען באַפאַלן... אין דער שטילקייט פלעגט מיר אָפט זיך אויסדאַכטן, אַז איך ליג דאָ באַגראָבן אין אַ פּרעכטיק קבר, אָבער דאָס קבר איז אַ פרעמדס און מיך פלעגט עס שרעקן, וואָס איך האָב אַ פרעמד קבר פאַרנומען.

מאָסקווע, אַלט־מאָסקווע, האָט זיך געפילט אין יעדן ווינקעלע פון פרעמדער היים. דער שרייבטיש איז געווען פאַרוואָרפן מיט טייערע קלייניקייטן פון בראָנז און העלפאַנטביין. אויסגעשניצטע געשיכטעס פון רוסישן פאָלקלאָר, פאָלקסטימלעכקייטן, פון רוסישער פאַרגאַנגענהייט. אַ סך, אַ סך חפצים זענען דאָרט געווען פאַרשטענדלעכע און אומפאַרשטענדלעכע, פרעמדע בילדער פון אַלטע גענעראַלן מיט אָרדנס און מעדאַלן... אַ פרעמדע וועלט האָט מיר די ערשטע טעג געדריקט, אויסגעדאַכט האָט זיך מיר,

אַלע חפצים מאַכן דאָ ענג, עס בלייבט פאַר מיר קיין פּלאַץ נישט, אָבער גאַנץ; שנעל האָב איך דאָס גרויסע חדר ליב באַקומען. אַלץ איז מיר דאָ נאָענט און היימיש געוואָרן, און איבערהויפּט האָב איך ליב געקריגן דאָס צימער, צוליב די שטילע, שטומע שאָטנס, וועלכע זענען איינס אויפן צווייטן געלעגן צווישן די פיר ווענט.

דאָס צימער מיט זיינע אַלטע חפצים, מיט זיינע געדיכטע שאָטנס, האָט מיך אָפּגעזונדערט פון דער וועלט,

און דאָס האָב איך געוואָלט.

אין יענעם צימער האָט זיך געלאָזט טראַכטן, די געדאַנקען פלעגן זיך אויסלייגן ווי אויף סאַמעט, און איין געדאַנק צום צווייטן איז צוגעגאַנגען אין זיידענע שיכעלעך, שטיל, אויף די שפּיץ פינגער. איך פלעג גערן קומען צו זיך אַליין און אויסקוועטשן זיך אין ברייטן פאָטעל און אָנגעצונדן אַ פשוט ליכט, כאָטש דאָרט איז אויך געווען עלעקטריע, נאָר צוגעפּאַסט צום גאַנצן רומל איז געווען אַ פשוט ליכט. אויף די טירן זענען געהאַנגען שווערע פּאָרטיערן אַזוי, אַז שטענדיק, ווען איך פלעג זיי אָפּרוקן, פלעג איך האָבן דעם איינדרוק, אַז עמעצער באַהאַלט זיך הינטער די פּאָרטיערן... ווער? אַוודאי עפּעס אַ שאָטן פון דער פאַרגאַנגענהייט...

דאָס איז נישט געווען קיין געוויינלעך צימער, אין וועלכן דו ווערסט איינגעפּירגעט אין אַ וואָך צייט, ווי דו באַזעצט זיך אין אים. אין אַ פשוט צימער צעלאָזט זיך איבער די חפצים און וויפיל קאַפּלעס דער אויוון פאַרמאָגט און וויפיל טויטע פליגן עס הענגען אויפן סופיט. ניין! דאָ איז שטענדיק געבליבן עפּעס נישט אויסגעפּאַרשט. אין די שופלאָדן זענען געלעגן פרעמדע בריוו מיט נאָטיצן, אַלטע שפּילערייען און סטאַטועטקעס האָבן שטום גערעדט, דערציילט און אָנגעזאָגט מיט אַ רמז פון נאָך „עפּעס" אַזוי פיל ביכער אין ביכער-שאַנק. פרעמדע ביכער אין אַ פרעמדער ביכער-שאַנק. „דערנאָך עפּעס" איז אַוודאי געווען די פרעמדע נשמה פון יענעם, ווער עס האָט פריער די ביכער פאַר מיר געלייענט.

מיין באַלעבאָסטע, די אַלטע פּריצהטע, אַלט און שלאַנק איז זי געווען, קנייטשן אויפן גאַנצן פּנים, אָבער די קנייטשן האָבן אויסגעזעען פריש, זיי האָבן נישט געשראָקן מיט אַלטקייט. דערצו האָט זי נאָך געהאַט פרישע אויגן, מיט אַ שמייכל, מיט אַ גוט קול. זי האָט געזאָרגט פאַר מיין רויקייט, פאַר מיינע באַקוועמלעכקייטן, און גערופן האָט זי מיך נישט אַנדערש ווי:

— גאָלובטשיק, דאַראָגאָי!

נישטאָ אַזאַ שפּראַך, וועלכע האָט אין זיך אַזאַ וואָרט, וואָס זאָל פאַרבייטן דאָס וואָרט: „גאָלובטשיק". מען קאָן עס נישט איבערזעצן, דאָס איז נישט קיין וואָרט אין אַ גוטמוטיק רוסיש מויל, דאָס איז האַרץ-מוזיק...

דאָסדאָזיקע צימער, די באַלעבאָסטע מיט די ווייסע האָר, דער „גאָלובטשיק" און די שטילקייט אַרום, דאָס אַלץ צוזאַמען פלעגט מיך אַרומנעמען מיט גוטער, פרעמדער היימישקייט. איך האָב זיך דאָרטן קיינמאָל נישט געלאַנגווײַליקט...

גענוג געווען אַ קוק צו געבן אויף די ווענט און איך בין שוין פאַראינטריגירט אין דער פאַרגאַנגענהייט. יעדע קלייניקייט פון יענעם צימער האָט מיר עפּעס דערציילט און אָנגערעגט צו אונטערפעניקייט, צום אומעטיקן טראַכטן און מיר איז גוט געווען דעמאָלט מיט מיין אומעט... איך האָב עס געטרונקען, ווי מען טרינקט אַלטן וויין אַליין באַם טיש...

איך בין דעמאָלט געווען שטאַרק זינדיק אין מיין איינזאַמקייט מיט דעם נאָגנדיקן אומעט, דאָס איז אַ שטראָף געווען פאַר מיינע זינד. איך האָב זייער געזינדיקט, איך האָב געהאַט די העזה נישט צו גלייבן אין מענטשנס גליק. ווען דאָס גליק איז באַ יעדערן אויף דער שוועל געלעגן, דורך טיר און פענצטער האָט זיך דאָס גליק געריסן.

און איך האָב נישט געגלייבט.

גענוג געווען איז דאָס אין יענע טעג, ווען מאָסקווע האָט מאַרשירט אויף די גאַסן מיט דער מאַרסעלעזיע...

טויזנטער, טויזנטער מענטשן מיט רויטע פענער. איך פלעג אויך זיין אויף די גאַסן אין יענע טעג. צוערשט האָב איך זיך

געפרייט מיט אַלעמען צוגלייך, דערנאָך האָב איך זיך פאַרטראַכט, דערנאָך האָב איך גענומען צווייפלען...

ווייל איך האָב געזעען אַ מענטש דערהרגענען. אַ שמחה, אַן אמתע גרויסע שמחה האָט דעמאָלט געהערשט, מען האָט געשטורעמט און צעשטערט די נעסט פון נארישע און דעספּאָטישע הערשער...

אַ גרויסע שמחה, נאָר אַלע קרבנות וואָלט איך אָפּגעגעבן פאַר דערדאָזיקער שמחה, אַלע קרבנות, נאָר נישט קיין לעבעדיקן מענטש, און דאָ האָב איך געזעען ווי מען האָט איינעם אַרויסגע־כאַפּט פון דער גרויסער מחנה...

אַ שלעפּ, אַ האָרך, אַ זעץ מיט אַ פויסט, מיט אַ פוס, מיט אַ שטעקן, און צום סוף מיט אַ שטיין...

נישט געהערן שוין מער קיין מענטש, נאָר אַ שטיק צעבלו־טיקטער גאָרנישט האָט זיך געוואַלגערט אויף דעם טראָטואַר אין צעבלוטיקטע שמאַטעס־בגדים...

דער עולם איז ווייטער געגאַנגען און ווידער געזונגען די מאַרסעלעזיע...

דער עולם...

מיט ברייט געעפנטע אויגן און געעפנטע מיילער... ווי זענען זיי געגאַנגען? גאַסן נאָך גאַסן, ווי אַ לעבעדיקער שטראָם אין די קאָרידאָרן צווישן די מויערן.

וווהין זענען זיי געגאַנגען? צום ג ל י ק. באַפרייט זענען זיי שוין געווען, זענען זיי איצט געגאַנגען שעפּן גליק מיט פולע הויפנס.

נאָר פאַר מיר האָט זיך שוין דאָס גליק אויסגעגלישט... דער איינער, וואָס איז געלעגן אויפן טראָטואַר, אויסגעטינקט אין זיין אייגן בלוט, דער איינער, דער טויטער האָט מיין גליק, אַלע־מענס גליק צוגענומען...

איך האָב זיך אַליין דערשראָקן פאַר דעם המון, וועלכער האָט אַ מיליאָן הענט און וועלכער שלאָגט מיט די הענט אויף רעכטס און אויף לינקס. ער האָט זיין גערעכטיקייט, דער המון. און ווי איז צו דעם, וואָס פאַרזינדיקט זיך קעגן אים... איך האָב

גענומען שפרייזן צוריק, און דאָס איז מיר אָנגעקומען נישט אַזוי לייכט. גיין צוריק, ווען אַ מאַסע פון טויזנטער גייט פאָרויס, מען קאָן זייער לייכט צעטראָטן ווערן פון מענטשן-שטראָם... און וואָס איז דאָס פאַר אַ גיין צוריק, בעת אַלע גייען פאָרויס? פאַרדעכטיקע בליקן פאַלן אויף דיר. אפשר ביסטו אַ פאַרברעכער, אַ פאַררעטער?

איך האָב פאַרראַטן, איך האָב נישט געגלייבט אין גליק, ווען דאָס גליק איז שוין געהען אויף די פענער, און יעדער קלאַנג פון די געזאַנגען האָט געהאַט דעם רוף אין דעם עכאָ פון גליק. איך האָב זיך געמאַטערט אַרויסצורייסן מיין גוף פון די טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן מיך אַרומגערינגלט. איך האָב זיך דערשראָקן פאַר די טויזנטער, אַלע צוזאַמען, איך מיט אַלעמען אינאיינעם... נאָר ווו בין איך אַליין? פלייצעס, הענט, קעפּ, פיס — אַלץ צוזאַמען, און מיר האָט זיך דעמאָלט שרעקלעך געוואָלט אַ קוק טון אין שפּיגל און זעען זיך אַליין, זיך אַליין.

איך האָב זיך אַרויסגעשטראָגן פון דער מענטשן-לאַווע און איך האָב געאיילט, איך האָב געאיילט צו מיין אַלט צימער, און ווען איך בין אַ מידער אריינגעפאַלן אין אַלטמאָדישן פאָטעל, האָט נאָך לאַנג געשוועבט פאַר מיר אַ קאָפּ מיט צען טויזנט אויגן, און אין די אויערן האָט נאָך געקלונגען, געהילכט אַ געוואַלטיקער גרילץ פון טויזנטער מיילער...

מענטשן!

איך האָב צו זיך, דורך זיך צו אַלעמען גערעדט:

— מענטשן! איך האָב זייער ליב דעם מענטש, דעם איינציקן, דעם אָפּגעזונדערטן, דעם מענטש, וואָס אַרבעט אין פעלד, אין ווערקשטאַט, דעם מענטש דעם דערפינדער, דעם טרוימער. איך האָב ליב יעדן אויף זיין פּלאַץ, אין זיין היים, צווישן זיינע אייגענע. אָבער אַלעמען צוזאַמען, אין אַ כאַאָטישן מאַרש, ווען איינער פאַרשווינדט אין צווייטן, ווען מען קאָן אייך אַזוי לייכט אָנרייצן און צערייצן... דעמאָלט ציטער איך פאַר אייך, פאַר אייער מענטשלעכקייט.

איך בין געזעסן אין אַ טיפער שטול, און די געדיכטע

שאָטנס פֿון מײַן חדר האָבן מיך אַלץ טיפֿער אַרומגעוויקלט, ביז איך האָב דערהערט די שטימע פֿון מײַן עלטער באַלעבאָסטע:

— וואָס האָט איר זיך אַזוי פֿאַרטיפֿט. גאָלובטשיק, דאָראָגאָיִ!

דאָס איז געווען אַ קול פֿון אַן אַלטער פֿרוי. פֿרעמד און ווײַט איז זי מיר געווען, פֿרעמד, ווי די אוראַלטע מעשׂיות מיט איר בינעדישער וואַנט, מיט די טויזנטער גלאָקן, און דאָך דאָס האָט גערעדט צו מיר אַ מענטש, איין מענטש. נישט קיין המון, נישט קיין כאַאָס, און איך האָב מיט פֿרייד אויפֿגעציטערט פֿאַר דעם מענטש, פֿאַר דעם איינציקן, וועלכער קאָן זײַער ווײַט זײַן פֿון דיר...

אָבער ער קאָן דאָך אויך נאָענט זײַן צו דיר...

און איך האָב מיט האַרץ געענטפֿערט:

— ניטשעוואָ... דאָראָגאַיאַ! גאָרנישט, טײַערע! אָט אַזוי, מען זיצט און מען טראַכט אַ ביסל וועגן זיך און אַ ביסל וועגן אַלעמען... עס איז גוט צו טראַכטן...

זי קוקט מיך אָן, שאָקלט צו מיטן קאָפּ. אפֿשר אין אַן אַנדער אָרט וואָלט זי מיך אויסגעלאַכט אַ ביסל:

— משונה! וואָלט זי געזאָגט, נאָר דאָ אין דעם צימער, וווּ די שאָטנס שימערן, וווּ דער „נאָך עפּעס" באַהאַלט זיך אונטער די קאָטאַרן... זי רעדט עפּעס פֿרײַנטלעך, פֿרײַנטלעך ביז האַרציקייט און לאָזט מיך איבער אַליין. איך פֿיל, אַז זי איז אַרײַן צו מיר מיט דעם איינציקן ווונטש: זאָגן צו מיר, אויסרעדן צו מיר אַ גוט וואָרט, און ווען זי האָט דערפֿילט, אַז מיר איז גוט אין מײַן אַליינקייט, איז זי שנעלער אַוועק, נישט געוואָלט אפֿילו מיט גוטסקייט שטערן...

אין אַזעלכע מינוטן פֿון אינערלעכער אויפֿרעגונג און באַגײַסטערונג, פֿאַר דעם איינציקן מענטש, גיי איך צו מײַן טישל. איך וויל שרײַבן אַן אָדע פֿאַר אים, פֿאַר דעם, וואָס גייט צו צו דיר און רופֿט דיך האַרציק.

איך שרײַב און איך רײַכער דערבײַ.

דאָס אַש וואַרף איך אין אַש־בעכער, וואָס שטייט אויף מײַן טישל.

און מיטאָמאָל פאַרטראַכט איך זיך. די פעדער פאַלט אַרויס פון מיין האַנט, די נייגעבוירענע געדאַנקען אַנטלויפן, ווי דער רויך פון פאַפּיראָס...

מיין אַש-בעכער...

מיין אַש-בעכער איז פון אַ מעשענעם שאַרבן. אַ שיסעלע פון שוואַרץ-ברוין קאָליר, אַ שאַרבן, אַן אמתער שאַרבן. די באַלע-באָסטע האָט מיר שוין איינמאָל געזאָגט, אַז דערדאָזיקער שאַרבן איז באַ איר זיידן אויפן טיש געשטאַנען.

— פונוואַנען שטאַמט ער? האָט זי געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

און דאָ אין מיין צימער, אין דעם לאַבירינט פון אַזוי פיל אַלטקייטן, איז דערדאָזיקער שאַרבן געווען, ווי די לעצטע פּרעסקע אויף אַ גרויסן בנין.

איך פלעג נישט וועלן קוקן אויף דעם שאַרבן, אויף מיין אַש-בעכער, בעת איך פלעג אַרבעטן. אַ סך מאָל פלעגט זיך מיר דאָס איינגעבן. די שורות האָבן נאָכגעיאָגט די געדאַנקען מיינע און זייטלעך פּאַפּיר פלעגן פאַרשריבן ווערן. איך פלעג אָפּקלאַפּן דאָס אַש פון פּאַפּיראָס און ווייטער שרייבן...

אָבער אָפט פלעגט עס פּאַסירן: דער שאַרבן פלעגט מיך דערמאַנען אָן זיך, און פון שאַרבן פלעגט אויסוואַקסן אַ קאָפּ, אַ קאָפּ מיט אויגן...

די פעדער פאַלט אַרויס.

דאָס איז דאָך געווען אַ מענטש, און ער האָט אויך אַזוי געבלוטיקט און געליטן. און אפשר אַ געוועזענער גזלן און אפשר אַ קייזער, אַ פירשט... דער שאַרבן קוקט אויף מיר יעדעס מאָל מיט אַנדערע אויגן. איך קאָן שוין נישט אַרבעטן.

און איך הער זיך צו:

אויף דער גאַס גייען מחנות מענטשן און מען שרייט:

— עס לעבע!

— עס לעבע!

און מיר דאַכט זיך, אַז מיין אַש-בעכער פאַרענטפערט מיר אַלע פראַגן.

לעבן און קעמפן, ראנגלען זיך און אויסקעמפן. וואָס ? דעם טויט ? ווערן אַ שאַרבן און אַריינפאַלן צו אַזאַ איינעם, ווי איך...

מיין אַש-בעכער. יעדער מענטש איז אַ וועלט, יעדער מענטש איז די וועלט און אַט וואַרף איך אַש פון מיין פּאַפּיראָס אין דער וועלט אַריין.

צוערשט האָב איך געליטן פון מיין אַש-בעכער. איך וואָלט זייער געוועזן צופרידן, ווען מיין באַלעבאָסטע נעמט אים צו פון מיין טישל.

דערנאָך בין איך געוואָרן גלייכגילטיק צו דעם, דערנאָך האָב איך זיך פשוט צוגעבונדן צום שאַרבן, צו מיין שטענדיקן „מאָמענטאָ“. קוקנדיק אויף אים, האָב איך אַזוי ווי פאַרשטאַנען דעם זין פון אונזער זינלאָז לעבן און שטאַרבן. אַ סך ווייטיקן האָט ער מיר באַרויקט.

אַלץ איז גאָרנישט — עס בלייבט אַ שאַרבן.
אַלץ איז גאָרנישט...

פאַראַן איין ביסעלע הנאה, דאָס איז דאַן, ווען די זון וואַרעמט אונזערע ביינער, פאַרשטייט זיך, ווען מיר לעבן נאָך...

## „קופּי יעווריעסקאַוואָ באַגאַ!"

די רוסישע אַרמיי איז דעמאָלט אָפּגעטרעטן פון ווילנע...

אַ מחנה פון העכער אַ מיליאָן זעלנער האָט זיך געלאָזט אין צו־ריקמאַרש. איבער צענדליקער שאָסייען און נישט רעגולירטע וועגן, איבער בלאָטעס און וועלדער. עס האָבן זיך געצויגן לעבע־דיקע קייטן פון מענטשן אין גרויע שינעלן. און אַזוי שפּרייזנדיק צוריק האָבן זיי פּשוט מיטגעשלעפּט די איינוואוינער פון די קליי־נע שטעטלעך, אַרויסגעיאָגט מיט געוואַלט פון די אַלטע איינגע־זעסענע נעסטן.

אַ מיליאָן רוסישע זעלנער, אַ מיליאָן פּאָר זעלנערישע שטיוול... וויפיל ישובים האָבן זיי געטראָטן מיט זייערע שווערע פּאָדעשוועס? וואָס פאַר אַ קראַפט האָט זיך געקאָנט אַקעגנ־שטעלן?

מען האָט געדאַנקט גאָט פאַר דעם ביסעלע לעבן און מען האָט אַלץ געפאָלגט, וואָס די זעלנער האָבן געהייסן.

מענטשן איינצלנע, גאַנצע ישובים, קליינע שטעטלעך און גרויסע שטעט. פאַר אַ שטיקל פּאַפּירענעם פּריקאַז פון אַ צעבושע־וועט רוסיש קאָמענדאַנטל האָט מען געציטערט און געקניט.

גערעכטיקייט...

פּאָלעמיאָטן ווייסן נישט פון גערעכטיקייט.

— „אַרויס!"

— „אין צוויי שעה צייט זאָל דאָ קיין איינער פון אייך

נישט בלייבן !" און יידן פלעגן כאַפּן זייערע קראַנקע קרובים, אפילו די משוגעים פלעגט מען מיטנעמען. קאַליקעס, בלינדע, פּאַ-ראַליזירטע. עס פלעגט גיין אַ מחנה און אין וועג פלעגן פאַלן טויטע. אפילו באַגראָבן פלעגט מען נישט לאָזן.

מענטשן האָבן שוין איצט נישט דערמאָנט דאָס נארישע וואָרט : „געזעכטיקייט !"

הארבסט...

טרוקענע וועגן. ליכטיקע טעג. די לעצטע זון באַשטראַלט די וועלדער. אומעטום רויטע, קופּערנע, געל-ציטרין קאָליר פון די ביימער. די נאַטור בלייבט שטענדיק די זעלבע מיט אַלע אירע פאַרבן און קלאַנגען. און אין דער שטילקייט פון דער נאַ-טור, אויף דעם ווייסן שאָסיי נעמען זיך ציען ראָטע נאָך ראָטע, באַטאַליאָן נאָך באַטאַליאָן, פּולק נאָך פּולק. פוסגייער, דערנאָך קאַוואַלעריע, קאָזאַקן מכל המינים, מיט הויכע פּיקעס און קורצע שווערדן, שווערע און לייכטע אַרטילעריע. עס דויערט אַ טאָג, צוויי טאָג און דער שאָסיי ווערט נישט ליידיק, דאָס קלאַפּן פון די האַרמאַטן הערט נישט אויף. די מענטשן שווייגן, מען איז שוין מיד פון גיין און פון שעלטן זיך. די רוסישע „ברכה" פאַלט דאָ און דאָרטן, אַלע שפּרייזן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ... נישט דער-פאַר, ווייל דער דייטש גרייפט אַלץ שטאַרקער אָן, נאָר דערפאַר, ווייל מען איז ווייט פון ווייב און קינד, פון מאַמע און ברו-דער. זאָל זיך ווער באַהאַלטן אַ ביסעלע ווייטער אין וואַלד, זאָל ער צולייגן דאָס אויער צו דער ערד, וועט ער הערן דאָס ריטמישע קלאַפּן פון טויזנטער פּאָר שטיוול. דער גאַנצער מענטש איז אַזוי ווי פאַרגליווערט געוואָרן, בלויז די פיס באַוועגן זיך און קלאַפּן, קלאַפּן...

אַן אייביקער, אַן ענדלאָזער מאַרש פון זעלנער. ראַז, דוואַ, ראַז, דוואַ...

שטויב הייבט זיך אויף און ווינט טראָגט דעם שטויב צו די מענטשן אין די אויגן, אין די אויערן, אין די נאָזלעכער. די אַרמיי, די רוסישע, גייט צוריק...

ראַז דוואַ, ראַז דוואַ... די טריט רעדן, די שטיוול רעדן, אָבער די מענטשן, דער מיליאָן שווייגט. אָפּגערעדט שוין אַלץ, אַלע קללות אויסגעלאָדן.

מיטאַמאָל רייסט זיך אַריין אַ ווילדער געשריי אין דעם שטיל-קלאַפּעדיקן, אין דעם שטום-הילכעדיקן מאַרש: אַ פערד, נישט קיין מענטש... אַ פערד האָט זיך צעבונטעוועט און עס שפּרינגט אויף די הינטערשטע צוויי שטאַרקע פיס, עס הירזשעט מיט חיה-שער צעדרייצטקייט, עס דונערט מיט זיין קול ביז די הימלען. אַ פּראָטעסט, אַ צאָרן...

און די זעלנער, וועלכע זענען אַליין געגאַנגען ביז, נעמען שלאָגן דאָס צעווילדעוועטע פערד, וועלכעס וויל נישט גיין אין שפּאַן...

אויב אַ מענטש גייט — גיי אויך, דו פערדישער קאָפּ, וואָס ביסטו אַ גרעסערער יחסן פאַר אונז?

אויב אַ מענטש שווייגט — שווייג דו אויך און שפּריינ שטומערהייט, דו האָסט דאָך פיר פיס, איז דיר גרינגער, און הירזשע נישט, און מאַך דיך נישט גרויס, איין גראַנאַט קען צערעכט מאַכן אַזעלכע צוואַנציק ווי דו... שווייג, פערד! ווייל אַ מענטש שווייגט...

צוזאַמען מיט די מענטשן, מיט די זעלנער פלעגט מען טרייבן גרויסע טשערעדעס מיט בהמות: קי, אָקסן, שעפּסן. געדענק איך, אין איין שטעטל האָט מען געבראַכט עטלעכע טויזנט קי. די קי האָבן געטראָגן גרויסע אייטערס מיט מילך, אַזוי אַז זיי האָבן פּשוט נישט געקאָנט שפּרייזן, האָט מען אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו די איינוווינער:

— קומט און מעלקט!...

האָבן זיך פאַרנאַכט אַרויסגעלאָזט קריסטן און יידן, יעדענעס מיט די קינדער.

אַלע מיט עמערס, מיט קאַנען, מיט טעפּ און מען האָט געהאַלטן אין איין מעלקן...

אַ מבול, אַ פאַרפלייצונג מיט מילך.

און אויף מאָרגן, ווען די זעלנער זענען אַרויס פון שטעטל

האָבן זיי אָפּ געגומען פאַר דער מילך מיט פּראָצענט: בלויז אַ מינוט צוואָנציק האָבן זיי געראַבעוועט, טויזנטער זעלנער, און יעדער האָט בלויז אין צוואָנציק מינוט גענומען, וואָס אים האָט זיך גע-וואָלט.

קיין סך פאַרמעגן איז אין דעם שטעטל נישט גע-בליבן.

דערנאָך... די לעצטע רגע פאַרן אַרויס-מאַרש קומט פּלוצ-לינג אַ באַפעל פון אַ רוסישן באַשיבוזוק:

— יידן, אַרויס פון דאַנען, אין אַ שעה צייט זאָל אייער געדעכעניש דאָ נישט זיין.

מען האָט געפאָלגט...

די שאָסעען פון די רוסישע גובערניעס, די טיפע שטעגן אין די וועלדער... זיי האָבן זיך אָנגעהערט אַביסל יידישע קרעכצן.

שפּרייזט צוריק די אַרמעע אויף די ברייטע וועג, און עס שפּרייזן יידן אין גרעסערע און אין קלענערע מחנות, מען טראָגט פּעקלעך, דאָס לעצטע ביסל רייכקייט, אַ קישעלע, אַביסל וועש, אַ בעסערן בגד, וועלכן מען האָט אָפּגעראַטעוועט, און נאָך עפּעס...

איינער אַן אַלטער ייד, קוים וואָס ער שפּרייזט. ער טראָגט עפּעס אונטערן אָרעם, איינגעוויקלט אין אַן אַלטער צעריבענער טערקישער פאַטשיילע...

דעם פּאָרטרעט פון ווילנער גאון...

אַ יידענע דריקט צום האַרצן דעם קרבן-מנחה. מען גייט אין מאַרש, אין זעלנער-מאַרש.

מען הערט אויס אַלע קללות, אַלע באַליידיקונגען, מען פּלאָנטערט זיך צווישן פערד און מענטש, מען איז יעדע רגע אין סכנה. נאָר טיף אין האַרץ לעבט אַן אַלטער געדאַנק, וואָס טרייסט און מוטיקט:

— מען איז דאָך עפּעס יידן, מען וועט איבערקומען, מען מוז איבערקומען, אויף דעם איז נאָך פאַרהאַן אַ גאָט אויף דער וועלט...

ביינאַכט רוט מען.

דאָרט ליגט אַן מחנה מיט ביקסן און שלאָפט...
דאָ ליגט אַ מחנה מיטן ווילנער גאון און שלאָפט נישט.
נאַכט, פינסטערניש, שרעק...
מיטאַמאָל.. עס גנבעט זיך ווער. אַ מענטש מיט אַ ביקס האַקסט אַרויס אין דער יידישער מחנה.
וואָס וויל ער?
גאָרנישט, שרעקט זיך נישט. ער איז עפּעס געקומען פאַרקויפן, ער האָט געבראַכט אַ גאַנצן פּאַק מיט קליידלעך, ווייבערישע וועש און אַ פּאָר „מענסקע“ שיך...
— קויפט!
יעדער מענטש איז מיט אַ ביקס און אַז ער קומט און זאָגט אַרויס אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט: — קויפט!
קויפט מען ביי אים, נאָר ווען מען קוקט זיך צו צו די זאַכן, דערקענט מען דאָס אייגענע ביסל האָב און גוטס.
ביי זיי אַליין האָט עס דער זעלנער צוגערויבט...
נאַכט, פינסטערניש, שרעק...
ניין! ווען אַ בליק רייסט זיך אָפּ פון דער ערדישער פינסטערניש, ווען אַ פּאָר אויגן הייבן זיך אויף צום הימל, דערזעען זיי, די אויגן, ווי שטערן לייכטן רויק און עס פאַלט אַראָפּ די רויקייט אויף דער ערד, און אַ ייד מורמלט צו זיך אַליין:
— מען מוז גלייבן.
נישט נאָר יידן, מען האָט קריסטן אויך אַ סך אַרויסגעטריבן, אַ סך פּריצים זענען געלאָפן אין זייערע קאַרעטעס, איינגעשפּאַנט די טייערסטע פערד... אָבער נאָך עטלעכע טעג איז שוין פאַר די פערד נישט געווען וואָס צו עסן, האָט מען די פערד מיט די בריטשקעס געלאָזט אויף גאָטס פרייער וועלט, אין מיטן פעלד, אָדער מען האָט עס פאַרקויפט פאַר גראָשנס.
איך האָב אַליין געזען אַ קאָטש מיט צוויי טייערע שוואַרצע פערד, וואָס אַ פּריץ האָט פאַרקויפט פאַר דריי רובל. פאַר צוואַנציק קאָפּיקעס האָט מען פאַרקויפט אַ פערד...
איבער. מינסקער גאַסן האָבן אין יענע טעג אַרומגעבלאָנדזשעט אַ סך פערד. אויסגעמאַטערטע, אויסגעמאָגערטע פלעגן זיי

אַרומקריכן, אפילו אויף די הויפּט־גאַסן, אויף זאַכאַריעווסקאַ איז אַזאַ פערד אַריין אין אַ מאַנופאַקטור־געשעפט. . .

איך געדענק דעם צוריקמאַרש פון די רוסישע זעלנער אי־בער מינסק.

אַ טאָג, צוויי טעג, צען טעג. . . עס האָט נישט אויפגעהערט. מען האָט שוין לאַנג די גאַס נישט געקאָנט דורכגיין. די שווערע האַרמאַטן האָבן צעקלאַפּט און צעריסן דעם ברוק. . . די פערד האָבן געשפּרונגען און געשוימט. . .

און די אָרעמע פוס־גייער האָבן געשפּרייזט פאַרשטויבטע און פאַרביטערטע. עס האָט זיך געשפּירט פון זיי אַ שלעכטע זוי־ערקייט, אַ ריח פון די זעלנערישע שטיוול האָט פאַרשטיקט די לופט.

געפירט דעם מאַרש האָבן די נידעריקע אָפיצירן. די על־טערע יחסנים האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין שטאָט הוליען. אַן אָרנטלעך מיידל האָט זיך אין גאַס נישט געטאָרט ווייזן. . .

איינער אַ רוסישער פּולקאָווניק מיט אַ רויטן קאַרק האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף זאַכאַרעווסקע מיט אַ גרויסן פּאַק צאַרישע אַסיגנאַציעס און יעדע פרוי, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען, האָט ער באַוויזן די אַסיגנאַציעס:

— סקאַזשי, סקאָלקאָ כאָטשעש? זאָג וויפיל ווילסטו? ביי־נאַכט האָט מען אין די האָטעלן געהוליעט. די געשרייען פון די שיכּורע אָפיצירן און צעווילדעווועטע גאַסן־פרויען האָבן קיינעם שלאָפן נישט געלאָזט.

די רעלסן אַרום מינסקער וואָקזאַל זענען געווען פאַרשטעלט מיט וואַגאָנען, און אָפיצירן האָבן געהוליעט. פון שטאָט האָט מען געשלעפּט צו זיי גאַנצע טראַנספּאָרטן מיט פרויען. איינע אַזאַ פרוי האָט זיך אָנגעשיכּורט, איז זי אַרויסגעלאָפן אויפן דאַך פון וואַגאָן. אַ יונגער אָפיציר איז איר נאָכגעלאָפן און זיי האָבן זיךביידע געלאָזט טאַנצן, ביז... מען איז אַזוי טאַנצנדיק אַראָפּגעפאַלן און העגט און פיס האָבן זיך ביידע צעבראָכן.

און אין דער זעלבער צייט האָבן נייע מחנות געשפּרייזט איבער מינסקער גאַסן, אָן אַ סוף, טאָג און נאַכט.

פערד האָבן געהירזשעט, האַרמאַטן האָבן מיט זייערע אייזערנע קערפּערס פאַרהילכט די לופט און זעלנערישע שטיוול האָבן געקלאַפּט צום טאַקט אין די טויזנטער:

ראַז-דוואַ, ראַז-דוואַ!

רוסלאַנד גייט צוריק, פון פּוילן, פון ליטע, פון לעטלאַנד, רוסלאַנד גייט צוריק.

שיינע שלאַנקע קאַצאַפּעס, קאַלמיקן מיט פּיטשינקע אייגעלעך, מאָנגאָלן, טאַטאַרן, טשערקעסן, קאָזאַקן.

מענטש און פערד, פערד און מענטש; אפילו די פערד זענען אויך געווען פון אַלע ראַסן. די סיביריער קאַרליקעס מיט די „אָרלאָווער אָדלערס".

עס איז געווען וואָס אָנצוקוקן אין יענע טעג. אָפּט, גאַנץ אָפּט, שוועבן אַזעלכע בילדער פאַר מיינע אויגן. דאָס טופּעריי פון די טויזנטער שטיוול הער איך ווידער און דעם צער פון די געיאָגטע יידן פיל איך...

דער דייטש האָט געטריבן די רוסישע זעלנער און די רוסישע זעלנער האָבן אונז געטריבן. דאָס זענען שוין נישט געווען קיין מענטשן. אַ זעלנער-מאַסע, אַ כאַאָס. אַ שטראָם, וועלכן מען האָט אָפּגעקירעוועט אין איין ריכטונג.

אַ ווילדע מחנה, וועלכע האָט זיך נאָך געהאַלטן מיט די לעצטע רעשטלעך פון דיסציפּלין...

מיר אַלע... אונזערע שטעטלעך, אונזערע ישובים זענען צעריבן געוואָרן פון זייערע מאַרשן, ווי אַ הייזשעריק פלעגן זיי באַפאַלן אַ יידיש שטעטל.

און אַלטע אידילישע ישובים זענען פון דער ערד אָפּגעמעקט געוואָרן...

עס טרעפן איצט שעהן, ווען עס קומען אָן די דערינערונגען פון יענע טעג, אַ שווידער גייט דורך. איך האַלט עס פאַר אַ נס. דאָס, וואָס מיר זענען געבליבן נאָך אַזעלכע יסורים...

און איין בילד..

איין מאָמענט קרוינט די אַלע שוידערלעכע מאָמענטן פון יענע טעג.

מיטאַמאָל וואַקסט ער אויס, דער הויכער זעלנער, א טשער־קעס מיט אַ דריימעטערדיקער פּיקע.... ער שטייט מיר שטענדיק פאַר די אויגן...

ער פרעסט שאָקאָלאַד מיט דעם איינפּאַקעכץ, מיט דעם פּאַ־פּיר אינעווייניקסטנס, און לאַכט מיט אַ פּאָר ווילדע אויגן צו אַ יידיש מיידל, וועלכע אַנטלויפט מיט שרעק.

דער זעלנער רייסט זיך אַרויס פון מאַרש איבער די מינ־סקער גאַסן.

רייסט זיך אַרויס פון מאַרש אין איילעניש און לויפט אַריין אין אַ בשמים־געשעפט...

— יעוורעי? — פרעגט ער בייב קרעמער, — טי יעוורעי? דו ביסט אַ ייד?...

— דאַ! — ענטפערט דער ייד.

— טאָ קופּי יעווריסקאַוואָ באָגאַ...

און ער וויקלט אויף פון אַ זעלנערישער שמאַטע אַ ספר־תורה...

דער באָרדאָ־פּליוש פון מענטעלע באַלויכט דאָס קרעמל, די גאַס... פונקט ווי אַ רייכער מאַרקיז וואָלט אין אַן אָרעמען קע־לער אַריין...

דער זעלנער כאַפּט עטלעכע קערבלעך און אַנטלויפט צוריק אין מאַרש...

# א „הייליקער מענטש"

עס האָט זיך געשלעפּט אַ צוג אויף די רוסישע פעלדער. לאַנגזאַם, אָן ווילן, די קייט פון די וואַגאָנעס האָט זיך געצויגן אָן אימפּעט. אַ קראַנקער לאָקאָמאָטיוו, מיט שוואַכער באַהייצונג. דער צוג איז מער געשטאַנען, ווי געגאַנגען. געבליבן שטיין, אָפּט אין מיטן פעלד. מחנות שוואַרצע קראָען האָבן זיך געדרייט איבער די רויטע און בלויע וואַגאָנעס. זיי האָבן געקראַקעט אין דער קעלט אַריין, אין ווייסן שניי אַריין, אין די אָנגעשראָקענע נשמות פון די אויסגעמאַטערטע פּאַסאַזשירן.

דער צוג איז געגאַנגען פון טאַמבאָוו קיין מאָסקווע. אין מאָסקווע איז געווען אַ נייע רעגירונג און אַ נייע אָרדנונג. אין טאַמבאָוו איז געווען ברויט.

זענען דאָס געווען מערסטנס פּאַסאַזשירן, וועלכע האָבן בעשמוגלט ברויט. זעק מיט מעל און זעק מיט פּאַרטיקע לאַבנס ברויט. גרויסע שוואַרץ-ברוינע לאַבנס ברויט.

מענטשן האָבן עס געפירט קיין מאָסקווע, פאַר אייגענע און פרעמדע, אויף צו עסן און אויף צו שפּעקולירן מיט דעם.

אַ פּאַסאַזשיר אָן אַ זאַק איז אין דעם צוג געווען אַן אויס-באַם. מענטשן און זעק. פּאַק אויף פּאַק, מענטש אויף מענטש.
רוסן. . .

ברייטפּלייציקע, מיט ברוינע, געלע און גרויע בערד, קאַ-צאַפּעס מיט רוקנס פון העלפאַנטן, מיט שטימען — באַס-אָקטאַוועס. עס האָט איינער דעם צווייטן געשטופּט, איין ריז האָט דעם צווייטן ריז געשטויסן, מען האָט זיך געזידלט מיט רוסישע זידלע-רייען, מיט דרייגאָרנדיקע קללות. קאַצאַפּעס פון ערשטן סאָרט, די פון אָריאָל און קאָסטראָמאַ, די פון מאַטושקאַ-מאָסקוואַ, און

אביסל פון מיזערנעם סאָרט, די פון קאָנאַניער גובערניע, האַלב טאַטעריש, האַלב פּאָניש.

און די וואַגאָנעס נישט געהייצט, אָבער הייס איז געווען, ווי אין אַ קאַלך-אויוון, ווען אין יעדן וואַגאָן איז געווען העכער הונדערט, העכער הונדערט צוואַנציק מענטשן. איינער דעם צווייטן האָט געוואַרעמט און אַלע צוזאַמען האָבן געוואַרעמט יעדערן באַזונדער.

אַ מענטש איז גאָרנישט געווען, טרעט אַיוואַנען אויף די פיס, שפּײַ אויף זײַן בגד, פאַרשיט אים די אויגן מיט בלאָטיקן שניי פון דײַנע שטיוול, ווען דו קריכסט אויף דער אויבערשטער פּאָליצע פון וואַגאָן. דאָס איז גאָרנישט, נאָר פּרוּוו אָנצורירן זײַן זאַק מיט מעל, אָדער זײַן זאַק מיט די ברוינע לאַבנס ברויט. דעמאָלט ריזיקירסטו מיט דײַן לעבן. ער וועט דיר דעם קאָפּ אַראָפּדרייען.

אויס מענטש... דער יחסן איז דער זאַק. זײַן מאַיעסטעט דער זאַק מיט ברויט און טאַמבאַוו האָט אַ סך ברויט געהאַט, אַ גאָלד-גרוב פון ברויט. אַ כּפּרה די גאָלד-גרובנס פון אוראַל, פון אַלאַסקע, אַ כּפּרה די בריליאַנטן-פעלדער פון אַפריקע.

איידער מען איז אָנגעקומען קיין טאַמבאַוו...

איידער מען איז אַריינגעקראָכן מיטן זאַק אין וואַגאָן, כּדי צו פאָרן צוריק...

איידער מען האָט עס דערלעבט. וויפיל ביטערער שווייס, וויפיל כיטראָסט און פלינקייט מען האָט דערבײַ אויסגענוצט. איצט רעדן זיי די מענטשן פון דעם, זיי באַרימען זיך איינער פאַר דעם צווייטן. פונקט ווי אַ מלחמה-שלאַכט איבערגעקומען.

הייס. דושנע, אַ לופט ביז צו איבלען, האָט מען דאָ און דאָרט אויסגעקלאַפּט אַ שטיקל שויב, מען האָט געזוכט אַ ביסל לופט. האָט מען געזען פאַר זיך ווייסע ענדלאָזע פעלדער און וועלדער, און קראָען, וואָס וואַרטן אויף אַ פּגירה. קראַ, קראַ...

טעג האָט זיך דאָס געצויגן די דאָזיקע רייזע. צוערשט איז נאָך געווען אַ קאָנדוקטאָר, דערנאָך איז ער פאַרשוווּנדן געוואָרן.

זאָלן דאָ אַריינקריכן אין וואַגאָן טויזנט מענטשן — וועמען גייט עס אָן ?

עס קריכט אַ צוג, אַ הפקר־צוג. קיינער קויפט נישט קיין בילעטן, קיינער פאָדערט עס נישט. עפּעס קומט פאָר דאָ אין לאַנד אַ קריג, אַ בירגער־קריג און די אַלע מאַכט־האָבער זענען פאַרנומען.

וואָס דאַרט ! וועמען גייט עס אָן, וואָס דאָ שלעפּט זיך אַ צוג מיט מענטשן! וואָס דאָ איז שמוציק, ווי אין אַ מיסט־קאַסטן, וואָס מענטשן שפּייען איינער אויפן צווייטן, פּשוט דערפאַר, ווייל עס איז נישט פאַרהאַן, ווו צו שפּייען.

אַ פלאַנטער פון פיס און הענט. זיצט ווער אויף דער באַנק, זיצן אויף אים נאָך צוויי. ליגט ווער אויסגעצויגן אויף דער ערד אין שמאָלן דורכגאַנג פון וואַגאָן, ליגן אויף אים נאָך עטלעכע. . .

איינער קרעכצט:

— באַטיושקי !

און דער צווייטער ענטפערט:

— מאַטושקי. . . האָ האָספּאָדי !

אָי, די נעכט ! געפרעסטע קערפּערס איינער אויפן צווייטן. די לופט. . . פגירות פאַרסמען אזוי די לופט נישט און דער מענטש לעבט דאָס איבער. די חושים שטאַרבן נישט אָפּ, זיי ווערן נאָך שאַרפער, עמפּינדלעכער. . .

אָי, די נעכט ! אַזאַ וואַגאָן איז אַוודאי פון גיהנום אַרויס און די לעבעדיקע בירגער פון רויטן לאַנד, וועלכע זענען דאָס איבערגעקומען, זיי וועט דער גיהנום אויסזעען, ווי אַ מאָדערנע קינדער־היים. . .

און נאָך דער בלייענער נאַכט, קומט אַ שטיינערנער טאָג, מיט די זעלבע קללות פון נעכטן, סאַראַ געמיינעם רינשטאָק די מענטשן קאָנען מאַכן פון זייער מויל.

מען פרעסט דאָס ברויט. מען פרעסט, מען קייט, ווי די בהמות. אַביסל פון הונגער־פּסיכאָז, און אַ שיין ביסל פון לאַנגווייליקייט. יעדער איינער קריכט אין זיין זאַק און רייסט אָפּ מיט די הענט אַ ציגל ברויט און שטאָפּט עס צו זיך אין מויל אַריין. גאַנצע טעג

און נעכט שטאָפּט מען זיך מיט דעם שוואַרצן ברויט... די לופט איז פאַרסמט און דער מענטש באַווייזט דעם גרעסטן וואונדער: ער לעבט אינגאַנצן אָן לופט, ער לעבט בלויז מיט שוואַרץ ברויט, אפילו צו טרינקען איז נישטאָ, ווייל דאַן ווען דער צוג בלייבט שטיין איז שווער אַרויסצוגיין פון וואַגאָן, און אויב איינעם גיט זיך דאָס איין, ווערט ער אַ בעל־חסד און ער דערלאַנגט אַלעמען דורכן פענצטער גאָמעלקעס שניי, מיט וואָס די מענטשן שטילן זייער דורשט...

ווייט דאָרט אַרום אונז, פאָרויס און נאָך אונז איז אַ ווייסע אומשולדיקע וועלט, שרעקלעך־ווייטיקלעך צו קוקן אויף דער ווייסער ריינקייט, בעת מיר זענען דאָ אַזוי שמוציק. פאַרוואָס נישט אַוועקגיין? פאַרוואָס נישט לאָזן דעם פראָסט, ער זאָל אונז אויף אייביק באַלזאַמירן?

אונזער ריח און אונזער אויסזעען... ס'איז אַ גאָט־לעס־טערונג און אַ מענטש־לעס־ערונג.

ראַטעווע, ווייסער ווינטער!

שוין צוגעקלאַפּט די טיר... נישטאָ קיין רעטונג.

עס איז פּשוט אַ ווונדער, וואָס דאָרט אויף דעם לאָקאָמאָטיוו זיצט אַ מאַשיניסט און ער שלעפּט דאָך אַביסל פאָרויס. ער קאָן דאָך אויך אַוועקגיין, פאַרשווונדן ווערן אַזוי, ווי דער קאָנדאָקטאָר איז אַוועק. ווער האַלט אים? ווער צווינגט אים, ער זאָל פירן די מענטשן מיט די זעק?

אין לאַנד איז אַ מלחמה, אין לאַנד איז אַ הונגער... און דאָ האָבן מענטשן זעק מיט ברויט, מען שטאָפּט זיך מיט דעם...

מ'פאַרשטאָפּט דעם קאָפּ, די נאָז־לעכער, די נשמה, אַלע חושים...

שוואַרץ ברויט פון די רוסישע פעלדער...

עס דוכט זיך שוין, אַז נישט די מענטשן פרעסן עס, נאָר דער פּאַראַזיט, די לאַנגווייליקייט שלינגט עס איין אַזעלכע שטיקער פון שווערן לחם. אויב עס וועט נאָך געדויערן עטלעכע טעג

די רייזע, וועלן זיי גאָרנישט ברענגען קיין מאָסקווע, אַלץ וועט אויפגעפרעסן ווערן.

ביינאַכט שלאָפט מען איין. דאָס איז אַ מאָדנע געלעגער: מען זעט אַ קאַרק פון אַ מענטש און מען ווייסט נישט, ווו ער האָט אַריינגערוקט זיין קאָפּ. מען זעט אַ קאָפּ און מען ווייסט נישט אויף וואָס, אויף וועמען עס שפאַרט זיך אָן זיין קערפּער. איינעם דריקן דעם צווייטנס פיס און ער ווייסט נישט, ווער דער צווייטער איז. קלאַפּט ער אָן צו איינעם אין פּלייצע:

— העי! באַרין, נעם צו די פיס!

— וועלכע פיס?

— דיינע פיס ליגן אויף מיין בויך...

— פּאָשאָל מיט דיין בויך, מיינע פיס האָב איך בא זיך...

עס זענען דאָ אין וואַגאָן פרויען. רוסישע באַבעס, באַי-באַבעס, אַזעלכע וואָס האָבן ריזיקירט אויף אַזאַ שווערער רייזע נאָך אַביסל מעל און ברויט. הערט מען ביינאַכט פון דער צווייטער זייט וואַגאָן, ווי מען פּאַטשט זיך. אַזאַ באַבע קען פּאַטשן און עס דערהערט זיך אַ געשריי:

— קודאַ מערזאַוויעץ!

דאָס איבעריקע אין וואַגאָן שלאָפט און כראַפּעט. מען כראַפּעט נישט ווי מענטשן, אַ מחנה בערן, קראָקאָדילן, פערד פון סטעפּ, זשאַבעס, לייבן... ווער ווייסט נאָך, וועלכע באַשעפענישן דאָס זענען. מען כראַפּעט און מען ברומט. אָי, ס'איז אַזוי שרעקלעך אין אַזאַ נאַכט, ווען אַ פרעמדער, אַזעלכער, וואָס שטאַמט פון פוילן, צי פון דער ליטע, אַ ייד, אַ יידל פון אונזעריקע, ווען ער פאַרוואַלגערט זיך אין אַזאַ וואַגאָן... אַ דאַר מענטשל פּלאָנטערט זיך צווישן די ברייט-פּלייציקע ברויט-פרעסער. ער איז קליין און דאַר, און דאָך קען ער זיך קיין אָרט נישט געפינען. ליגן אויף אַ צווייטן, לאָזט מען אים נישט. איין טרייסל און ער פליט אַוועק. לאָזן ליגן אויף זיך אַזאַ קאַצאַפּיש שטיק פלייש, טאָר ער אויך נישט. איין קוועטש און פון אַזאַ נפשל גייט אַרויס די נשמה...

נאָר פאַרגעס אָן זיך און הער זיך צו:

— קינדערלעך! האָט רחמנות... אַביסעלע וואַסער...

עטלעכע מאָל האָט זיך דאָס קול געהערט. אַ קול פון אַן עלטערן מענטשן, אַ קול פון אַ קראַנקן...

קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן.

נאָר איינמאָל האָט זיך אין וואַגאָן איינער אויפגערעגט:

— ווער קרעכצט דאָרט?

— איך, גוסינאָוו, אַן אַלטיטשקער בין איך, אַ מאָסקווער בין איך, געפאָרן אין טאַמבאָוו נאָך ברויט.

— טאָ וואָס ווילסטו?

— אַביסעלע וואַסער, דאָראָגאָי! איך שטאַרב. האָספּאָדי! איך וועל נישט דערפאָרן.

— פאַרדריי נישט דעם קאָפּ, אַלטער נאַר! וווּ וועט מען דיר דאָ נעמען וואַסער. וואַרט ביז אין דערפרי.

— האָספּאָדי, האָספּאָדי!

דערנאָך איז שטיל געוואָרן, בלויז די כראָפּעריי אָדער אַ הירזשעריי...

פון די שנייקע פעלדער קריכט דער טאָג אין וואַגאָן אַריין. מענטשן כאַפּן זיך אויף פון זייער משונהדיקן שלאָף. גליקלעך איז דער, ווער עס קאָן זיך אַביסל אויסציען, אויסגלייכן די ביינער. כמעט אַלע קרעכצן, איינער פילט נישט זיינע אייגענע פיס, דעם צווייטן האָט מען צעקוועטשט די זייטן. דער טאָג הייבט זיך אָן מיט קללות. איינער האָט צום צווייטן פּרעטענזיעס. אָט באַלד וועט מען זיך בעמען שלאָגן, נאָר די העלדן זענען אָפּגעשוואַכט, צו די פויסטן דערגייט עס נישט, בלויז מיטן מויל באַגראָבט מען טויזנט מאָל דעם צווייטן.

און מען קריכט ווידער אין די זעק אַריין, מען פּאַקט אין זיך ווידער דאָס שוואַרצע ברויט, מען פּרעסט, מען פּרעסט. פון הונדערט מיילער טראָגט זיך אַ טויטלעכע זויערקייט, זייערע קליידער זענען שמוציק, שווייסיק.

פאַרהאַן רגעס פון אחדות. אַלע פילן, אַז אַלעמען איז שלעכט און דאָס טרייסט אַביסעלע, דאָס באַרויקט. נאָר פאַרהאַן רגעס, ווען די בייזקייט צינדט זיך אין די אויגן. די חיהשע בייזקייט. יעדער איינער פילט דעמאָלט איין זאַך: דער צווייטער איז

שולדיק. דער צווייטער פאַרנעמט זיין פּלאַץ. ווען נישט דער צוויי־
טער, וואָלט דאָ אַזוי ענג נישט געווען. אָבער אויך אין די רגעס
פון אַלגעמיינער בייזקייט, דערפילט יעדערער, אַז ער דאַרף אַביסל
אָפּטרעטן. אויב נישט, וועט מען זיך באַלד נעמען בייסן, ווי די
אמתע חיות.

און דער מענטש האָט אַן אינסטינקט, דער מענטש גיט זיך
אונטער.

שוין האַלבער טאָג, און איין פּאַסאַזשיר שלאָפט נאָך אַלץ.
האָט זיך איינגעגראָבן מיט דעם קאָפּ אין זיין זאַק, וועלכער שטייט
לעבן אים, ווי אַ טישעלע. ער שלאָפט אויף זיין זאַק, די הענט,
דעם קאָפּ האָט ער איינגענורעט אין זיין ברויט־אוצר.

אַרום פּראָטעסטירט מען:

— זע נאָר, אַ באַרין!

— דאָ איז נישטאָ, וווּ אַ פוס צו שטעלן, און ער שלאָפט
זיך.

— אודאי פון די אַמאָליקע יהסנים.

— העי! סטאַטסקי סאָוויעטניק, שטיי אויף!

מען טרייסלט אים, און יענער רירט זיך נישט פון אָרט.

געפינט זיך איינער אַ היציקער. און ער דערלאַנגט דעם
שלאָפעדיקן אַ שטויס מיטן גאַנצן כח. פאַלט ער אַראָפּ פון זאַק
און פון באַנק, און רירט זיך נישט פון אָרט.

בייגט מען זיך איין, און מען הייבט אויף אַ קאָפּ מיט פאַר־
גלאָצטע אויגן.

— האָספּאָדי!

— ער לעבט נישט.

— אויסגעגאַנגען, אַן אַלטיטשקער.

איצט ערשט דערמאַנט מען זיך, אַז ביינאַכט האָט עמעצער
געקרעכצט:

— אַביסעלע וואַסער, קינדערלעך!

אַ רגע פון ערנסט. אַ רגע פון טויט, די עלטערע צלמען זיך
און באַלד נאָכדעם הייבט זיך אָן אַ באַראַטונג, וואָס צו טון מיט
אים, לאָזן אים אין וואַגאָן, אַ טויטן צווישן די לעבעדיקע

גיין!

ביז אַ סטאַציע איז נאָך ווייט. דער צוג שטייט שוין שעהן אין מיטן פעלד און דער מאַשיניסט זאָגט, אַז אזוי שנעל וועט מען ניט פאָרן.

ווערט באַשלאָסן דעם אַלטן צו באַגראָבן דאָ אין נאָענטן וואַלד.

באַגראָבן, אוודאי באַגראָבן און טאַקע באַלד.

די, וואָס זענען געזעסן לעבן אים די גאַנצע צייט, די האָבן זיך דערפילט פּאַר זיינע קרובים און זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיט זיין טויטן גוף. מען האָט ביים מאַשיניסט באַקומען אַ רידל און אויסגעגראָבן אַ פלאַך קבר אין וואַלד, מען האָט דעם אַלטיטשקען, דעם גוסינאָוו פון מאָסקווע, פאַרשאָטן מיט געפרוירענער ערד און מיט שניי.

פון צוויי צווייגן אַ צלם געמאַכט און אזוי עס איבערגעלאָזט.

דערנאָך איז מען ווידער געזעסן אין וואַגאָן און געזשועט ברויט.

די, וואָס האָבן דעם אַלטן באַגראָבן, האָבן זיך דערפילט פאַר זיינע יורשים און זיי האָבן זיך גענומען צו זיין זאַק, מיטאַמאָל האָט מען אים גענומען בענטשן:

— אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן.

— סוויאַטאָי טשעלאָוויעק... יעי באָגו

פאַרוואָס האָט מען אים אזוי געבענטשט

אין זיין זאַק האָט מען אויסער ברויט געפונען צוויי לאַנגע ווורשטן.

## מען טײלט רײכקײט

אין מאָסקווע האָט שוין אָנגעהויבן ווערן רויקער, דער גרויסער שטורעם איז אַריבער, עס איז געווען דער איבערגאַנגס-פּעריאָד. מען האָט נאָך נישט געוווּסט, וואָס די נײַע מאַכט וויל און פאַרלאַנגט. קײנער האָט אויך זיכער נישט פאַרשטאַנען, וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט. מען האָט געקוקט צו דער גאַס. מען האָט זיך צוגעהערט צו יעדן קלאַנג.

לענין און טראָצקי זענען געקומען פון פּעטערבורג. זײ האָבן זיך באַזעצט אין קרעמל. עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן דעקרעטן, בײזע, שטרענגע, קאַטעגאָרישע, אָבער שוין מיט אַ טאָן פון מלוכהשאַפט, וואָס פאָדערט אָרדענונג און געהאָרכזאַמקײט.

די בירגער האָבן געשוויגן און געוואַרט, אַ מידקײט איז געלעגן אויף אַלעמען. מען איז מיד געווען פון דער לאַנגער מלחמה, פון ראַספּוטינען, מען איז מיד געווען פון דער ערשטער רעוואָלוציע, פון קערענסקין, פון די אַלע מיטינגען, וועלכע האָבן זיך געצויגן אין מאָסקווע פון מערץ ביז אָקטאָבער, מען האָט אַזויפיל גערעדט אַ גאַנצן זומער, טאָג און נאַכט האָבן זיך מיטינגען געצויגן.

איצט האָט זיך דאָס אַלץ געענדיקט. אַ וואָך צײַט האָט מען באַגראָבן די קרבנות פון לעצטן צוזאַמענשטויס און אַזוי ווי די מענטשן זענען שטיל געוואָרן, אויפגעהערט מיטאַמאָל צו דרשענען, האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מען האָט די אַלע רעדנערס באַגראָבן.

די בירגער האָבן געשוויגן. עס זענען געווען טעג, וואָס די נײַע באָלשעוויסטישע מאַכט האָט אויך געשוויגן, פּונקט ווי זײ האָבן נאָך נישט געוווּסט, וואָס צו רעדן. די אײנציקע, וועלכע

האָבן דאַמאָלס געטומלט און גערודערט אין מאָסקווע, זענען געווען די אַנאַרכיסטן.

אויף פּיעטראָווקע און אַביסל ווייטער פון פּיעטראָווקע, אונטער אַרבאַט, אין דעם קוואַרטאַל פון די רייכע מאַגנאַטן, אויף די שענסטע פּאַלאַצן פון די מאָסקווער מיליאָנערן, זענען געהאָנ־גען שוואַרצע פאָנען.

דאָס זענען געווען כמעט די איינציקע פענער אין מאָסקווע, שוואַרצע פענער. דאָס שוואַרצע האָט געפלאַטערט אין די טעג פון די גרויסע איבערקערענישן. דאָס שוואַרצע האָט גענייגערט און געשראָקן. אויב דער באָלשעוויזם איז נאָך פאַר ווענען קלאָר גע־ווען, אַנדערע האָבן דאָך יאָ פאַרשטאַנען און געפילט, צו וואָס לענין שטרעבט און וואָס ער האָט שוין דערגרייכט.

אָבער די אַנאַרכיסטן, די שוואַרצע פענער, די געשרייען, וואָס פלעגן גיין פון דאָרטן, פון די צערויבטע פּאַלאַצן.. א גע־היימניש האָט געשוועבט אַרום די דאָזיקע נעסטן

מען האָט דערציילט פון ווילדע אָרגיעס, וואָס דאָרטן קו־מען פאָר, מען האָט דערציילט פון די גוואַלטיקע פאַרמעגנס, וועל־כע זענען צוגערויבט געוואָרן. און אינעווייניק איז געגאַנגען א פאַרבאָרגן לעבן מיט געהיימע באַראַטונגען: אידעאַליסטן מיט די ערגסטע אַפּעריסטן האָבן זיך פאַר־ייניקט אונטער איין שוואַרצער פאָן.

זיי האָבן געהאַט א סך געווער. זיי האָבן געהאַט אויטאָמאָ־בילן, אויטאָבוסן. פון די ווייטסטע, פון די אָרעמסטע קוואַרטאַלן, האָבן זיי געבראַכט אָרעמע משפחות, אַלטע לייט און ברעקלעך קינדער, אָפּגעריסענע, אַרשמאַכטע, מיט ברודנע חושכדיקע פנימער. דאָס האָבן זיי דורכגעפירט דעם מאַרקסיזם פון זייער פּראָגראַם; די וועלט פאַר אַלעמען און פרייער פאַר אַלץ פאַר די אָרעמסטע.

מען דערציילט לעגענדעס וועגן זיי. לעגענדעס פון די בעסטע אידעאַליסטן און מען האָט דערציילט שוידערהאַפטע גע־שיכטעס וועגן רציחות און גנבות, וועגן זנות, וועגן פאַר־שוועכונגען.

די אויטאָבוסן פלעגן וואַרטן ביי אַזאַ צוגערויבטן פּאַלאַץ

מען פלעגט פון דאָרטן אַרויסטראָגן טייערע בגדים. פעלצן, וועש, בילדער, מעבל. . . מען האָט דערציילט, אַז די אַנאַרכיסטן צעטיילן עס צווישן די אָרעמסטע פון מאָסקווע.

מען האָט אָבער אויך גאַנץ גוט געוווּסט, אַז נישט איין ווייַן-קעלער האָבן זיי שוין צערויבט. . .

אויף פּיעטראָווקע איז געווען אַ מורא דורכצוגיין. אונטער דער שויץ פון די שוואַרצע פענער, אין די נעסטן פון נייעם לעבן האָט זיך דערווייל געגאָסן דער אַלטער ווייַן פון דער אַלטער וועלט. . .

האָט אַלטע וועלט פאַרמאָגט אַביסעלע גאָלד און צירונג, די אַלטע וועלט האָט פאַרמאָגט פּאָרצעליי פון די טייערסטע אַנטיקן, בילדער, זייד, דיוואַנעס — דאָס אַלץ איז ערגעץ אַנטרונען געוואָרן אין די געהיימע גנבישע נאָרעס פון דער מאָסקווער אונטערוועלט, אָבער דעם אמת מוז מען זאָגן: אַ טייל פון די אַוועק גערויבטע זאַכן זענען ווירקלעך צעטיילט געוואָרן צווישן פאָלק, אָדער צווישן המון.

מען האָט טאַקע געטיילט פון אַלדאָס גוטס. נישט איינמאָל האָב איך געזען אַזעלכע סצענעס:

אויף סוכאַרעווקע. דעם גרעסטן מאַרק פון מאָסקווע, און טאַקע פון גאַנץ רוסלאַנד.

טויזנטער מענטשן קומען דאָ קויפן און פאַרקויפן.

אין די טעג פון די איבערקערענישן, ווען ברויט האָט אויסגעפעלט, ווען אַ קריגל מילך איז געוואָרן אַ זעלטנהייט.

דאָ האָט זיך גאַנץ מאָסקווע אַ לאָז געטון זוכן שפּייז.

דאָ האָט מען פאַרקויפט קליידער, בילדער, ביכער. . .

פאַר גראָשנס, פאַר אַ שטיקל ברויט, פאַר עטלעכע שטיקלעך ברודנעם צוקער פלעגט מען אַוועקגעבן טייערע אַנטיקן: וואַזעס, טייערן פאָרצעליי, טעפּיכער, ברוסעלער שפּיצן.

עס איז געווען פשוט צו באַוווּנדערן דעם צווייטן צד, די, וועלכע האָבן געהאַט דאָס ברויט צו פאַרקויפן, דאָס זענען געווען פשוטע גאַסן-הענדלער, פויערים פון די נאָענטע דערפער. . . פון וואַנען זענען זיי געוואָרן אַזעלכע מבינים אויף די אַלע אַנטיקן?

מיט חידושדיקע בליקן פלעגן זיי אַריינדרינגען אין די אַלע חפצים און נישט אָפּלאָזן די קרבנות...

נאָך אַ שטיקל ברויט, נאָך עטלעכע קאַרטאָפל און די טראַנזאַקציע איז געמאַכט.

אין דעם הו-הא פון מאַרק-לעבן. אין דעם גערויש פון סו־כאַרעווקע רייסט זיך פלוצלינג אַריין אַ גרויסער אויטאָבוס.

עטלעכע מענטשן שטייען אינעווייניק. יונגע און עלטערע, מיט לאַנגע האָר, מיט בליצנדיקע אויגן.

— חברים! — שרייען זיי — זאָל לעבן דער אַנאַר־כיזם.

— זאָל לעבן! — ענטפערן אָפּ עטלעכע גאַסן־יונגען.

און עס גייען אַוועק פייערדיקע רעדעס צום „פאָלק".

מען רעדט, ווי אַזוי די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן מיט אַלע רייכקייטן און ווי אַזוי די שטאַרקע, די פאַרדאַרבענע, האָבן צוגענומען די רייכקייט פאַר זיך..

— נידער מיט די רייכע...

— נידער! — ענטפערן עטלעכע באַסיאַקעס.

אָבער דער גאַנצער עולם שווייגט, מען האַנדלט, מען זוכט וואָס צו קויפן, מען וויל פאַרקויפן.

מיט אַמאָל ווערט דער ברייטער עולם איבערראַשט און עלעקטריזירט...

אַ ווונדער, אַ נס, אַ משוגענער נס.

פון אויטאָבוס, פון דעם אָרט, ווו די אַנאַרכיסטן האָבן גע־פּרעדיקט, איז דער נס געקומען.

עס נעמען פליען צום עולם פאַרשידענע זאַכן:

— חברים! נעמט, דאָס איז אייערס, מען האָט עס בײַ אייך צוגערויבט, נעמט עס צו, ס'איז אייערס.

און די קאַצאַפּעס מיט די קאַצאַפּקעס ווייסן נישט קיין חכמות, מען שטרעקט אויס די הענט, מען כאַפּט...

זיידענע דאַמען-קליידער, מאַנטלען, הוטן, מופטעס, שאַלן. אַ ווייסער שאַל פון גאַרנאָסטאַי הויבט זיך אויף איבער אַלעמענס קעפּ, עס גייט דורך אַ ווילדער ברום...

— אאאך, פאַ־אַר מיר...

פון אויטאָבוס שרייט מען:

— נעמט! סאיז אייערס!

אָבער דעם ווייסן שאָל פון גאָרנאָסטאַי, דאָס כאַפּן עטלעכע פאַר הענט, שפּאַרקע, אייזערנע, רוסישע הענט, און בײַ יעדערן בלייבט אַ שטיקל ווייסקייט פון דעם טייערער פעל...

גלייכהייט אויף דער וועלט, קאָמונע!

מען דאַרף נאָר אַ קוק געבן אויף די פּנימער. די ערגסטע ווילדקייט האָט זיך אויפגעוועקט אין די, וואָס נעמען צו די מתנות פון די אַנאַרכיסטן...

נאָך אַ רגע, נאָך אַ מאָמענט, מען וועט באַלד די מענטשן־רעטערס אויף שטיקלעך צערייסן.

— חברים! ווער האָט קליינע קינדער?

—איך, איך, איך...

אַלע האָבן קליינע קינדער און אַלע כאַפּן די קינדערישע מאַרינאַרקעלעך פון די רייכע יאַטלעך, די קאָלירטע קליידעלעך פון יענע קינדער, וועלכע האָבן געהאַט רייכע טאַטעס.

איינער האָט באַקומען אַ צילינדער. ער כאַפּט אים אַרויף אויף זיין קאָפּ. אַ גלאַנציקער צילינדער אויף אַ רויט פּנים מיט אַ שנאָפּס־נאָז, אַ נפש אין שמאַטעס, ער לאַכט און שטשירעט מיט די ציין.

דער עולם האָט אַ רגע פאַרווײַלונג, נאָר באַלד זענען אַלעמענס אויגן צוריק אויף דעם אויטאָבוס. מען וואַרט אויף נייע מתנות.

איינער עפנט אויף אַ קליין קעסטל, איינער פון די אַנאַרכיסטן, ער נעמט אַרויס פון דאָרטן אַ פּאַק מיט גאָפּל־מעסער־לעפל.

— זילבער! — דערלאַנגט מען אַ געשריי פון עולם.

— יאָ, חברים! זילבער, ס'איז אייערס.

און ער וואַרפט עס אַריין אין עולם.

עס דערהערט זיך אַ ברומערייי פון הונדערטער מיילער, מען

פאַלט אויף דרערד. מען שטיקט איינער דעם צווייטן. די שוואַ־
בערע קרעכצן, די שטאַרקערע שעלטן.

ווען מען הייבט זיך אויף פון דרערד, האָבן עטלעכע צע־
בלוטיקטע פנימער, בלוט אויסגעמישט מיט בלאָטע פון בריק.

די, וואָס טיילן, גייען אַריין אין אַזאַרד, זיי רעדן שאַרפע
רייד, זיי שעלטן די בורזשויעס און מען זעט, אַז זיי האָבן הנאה
פון זייער שליחות.

— ווער וויל די פּאָר הויזן ?

און איבער אַלעמענס קעפּ באַווייזן זיך אַ פּאָר שוואַרצע
הויזן.

— איך וויל, איך, איך... באַרין, טאָוואַרישטש, איך גיי נאַ־
קעט, איך, איך...

אַ האַנד שטרעקט זיך אויס, אַ צווייטע האַנט.

צוויי קאַצאַפּעס האָבן געכאַפּט יעדערער צו הויז און אַזוי
לאַנג זיך געראַנגלט, ביז זיי האָבן די הויזן איבערגעריסן אויף
דער העלפט.

און די גאַס לאַכט.

און די גאַס פילט, אַז די וועלט איז טאַקע איבערגעדרייט
געוואָרן מיטן קאָפּ אַראָפּ.

עפּעס איינער אַ מאַניאַק האָט געכאַפּט אַ קאָפּ פון ברוין־
רויטלעכן מאַרמאָר, אַ סטאַטוע מיט פאַרגליווערטע אויגן, אַ ספינקס
אַ קאָפּ: צער, שפּאָט און צאָרן אין איין פאַרגליווערטן בליק. דער
נפש דער מאַניאַק מיט די לאַנגע האָר, מיט די פיבערישע אויגן
ער האָט די סטאַטועסקע אַוועקגעשטעלט אויף זיין קאָפּ און גע־
שפּריינט צווישן עולם און גערעדט און געשריגן :

— אַנטיכריסט איז געקומען !

דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט.

צו ערשט האָבן די באָלשעוויקעס זיי געדולדעט, ווייל
אין די אָקטאָבער־טעג האָבן די אַנאַרכיסטן זיי געהאָלפן צו באַ־
קעמפן קערענסקין און קאָרנילאָוון.

שפּעטער, ווען די מאַכט האָט זיך באַפעסטיקט, שפּעטער
האָט מען די שוואַרצע פאָנען אַראָפּגעריסן און פון די שיינע

פראַכט-פּאַלאַצן האָט מען אַרויסגעפּירט די באַזיגטע מענטשן-רע-טער. צווישן זיי זענען געווען אַ סך אידעאַליסטן, אַלטע אַנאַרכיסטן, מענטשן, וואָס זענען געקומען פון קאַטאָרגע, אָבער דאָרט זענען אויך געווען אַ סך גנבים, באַנדיטן, אַלערליי אַפּעריסטן, וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן אונטער דער שוואַרצער פאָן...

מען פלעגט זיי אַרויספירן אויף דער גאַס און רעווידירן. די, בא וועמען מען האָט געפונען גרויסע סומען געלד אָדער צי-רונג, פלעגט מען דערשיסן גלייך אויפן אָרט.

איינער זוכט אין די קעשענעס, שוין געפונען אַ שנור פּערל. ער זוכט אין די איבעריקע קעשענעס, און דער צווייטער באַלשע-וויק האַלט שוין אָנגעגרייט דעם רעוואָלווער...

— מער נישטאָ? — פרעגט ער מיטן רעוואָלווער.

— ניין, — ענטפערט דער, וואָס זוכט...

דער רעוואָלווער שיסט אויס. איינמאָל, צוויי מאָל.

אַ מענטש פאַלט. מען נעמט באַזוכן אַ צווייטן.

אין עטלעכע טעג האָט מען ליקווידירט דעם אַנאַרכיזם אינגאַנצן, נאָר סוכאַרעווקע, דער גרעסטער מאַרק אין מאָס-קווע, האָט נאָך לאַנג געהאַנדלט מיט די צעטיילטע זאַכן פון די רייכע פּאַלאַצן...

## א „מענטש"

באַטאָג איז מען געגאַנגען פון טיר צו טיר, מען האָט אויסגעפרעגט, ווער עס קען האַלטן אַ ביקס אין דער האַנט, ווער עס איז אַ געוועזענער זעלנער.

מען האָט מיין נאָמען פאַרשריבן.

— יאָ, איך קאָן האַלטן אַ ביקס.

מיר זענען דאַן פון קיין זאַך שוין נישט איבערראַשט געוואָרן. אין קיעוו, אין יענע טומלדיקע יאָרן.

די רעוואָלוציע, אָדער בעסער געזאָגט, די רעוואָלוציעס זענען געגאַנגען איבער אונזערע קעפּ, יעדער פּאָר וואָכן האָט זיך געביטן די מאַכט.

דער העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי, די ווייסע, די רויטע, פּעטליורא און ווידער די רויטע.

און יעדע מאַכט האָט געפאָדערט אונטערטעניקייט, טריי־הייט...

איך בין איינער פון די מיליאָנען, פאַר וועלכע מענטשן קעמפן. זיי טראַגן זייערע אמתן אויף פאַרשידענע פאָנען. און איך מוז שווייגן.

האָב איך געשוויגן.

נאָר געקוקט מיט די אויגן.

איינמאָל אין דער פרי האָב איך געזען אַ פּלאַטפאָרם פון אַ לאַסט־אויטאָמאָביל. אויף דעם באַלאַסט זענען געזעסן צוויי מענטשן מיט ביקסן...

זיי האָבן רויק גערויכערט און לאַנגזאַם געפאָרן איבער דער גאַס קרעשטשאַטיק...

דער באַלאַסט...

דאָס זענען געווען צעשאָסענע מענטשן, הענט, קעפּ, און

פיס געפלאָכטן צוזאַמען. די גאַס האָט געזאָגט, אַז דאָס זענען רעוואָלוציאָנערן, וועלכע די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן האָבן דערשאָסן.

די גאַס האָט געזאָגט...

און מיין האַרץ האָט געשריגן: דאָס זענען מענטשן..

אין צוויי טעג אַרום האָב איך געזען איבער דער זעלבער גאַס באַ אַ פּופּציק פּויערישע פּירלעך, אויף יעדן פּירל אַ טרומ־נע פון נייע ברעטער, אויף יעדער טרומנע אַ פּאָר שטיקלעך גרינס, סכך...

אין די טרומנעס זענען געלעגן „ווייסע" אָפיצירן, וועלכע די „רויטע" האָבן צעשאָסן...

ווען אַ מענטש, וועלכער איז נישט רויט און נישט ווייס, ווען ער זעט אַזעלכע שרייקע בילדער פון טויט.

טאָג־איין, טאָג־אויס.

ווען אַ מענטש זעט, ווי די מענטשן האָבן געמאַכט פון דער וועלט אַ שעכט־הויז, גלויבט ער דעמאָלט נישט אין זייערע גלוי־בענס און ער לאָזט דעמאָלט דעם וווייטיק פּרעסן דאָס אייגענע האַרץ. פון אַזאַ אָפּגעזונדערטקייט ווערט באַשאַפן אַ קאַלטע פילאָ־זאָפיע, פון אַזוי פיל בלוט ווערט מען גלייכגילטיק צו בלוט, צו מענטשן, צו אידעען.

אידעען.

אַמאָל פלעגט מען פריידיקן אידעען, מענטשן האָבן גערעדט און געשריבן מיט האַרץ, מיט בלוט. פאַר זייערע אידעען האָבן זיי זיך געלאָזט פאַרברענען... היינט פאַרברענען זיי אַנדערע, ווער עס טראַכט אַביסל אַנדערש. מען צווינגט: גלייב אַזוי, ווי איך גלייב, טו דאָס זעלבע, וואָס איך טו, אויב נישט — ביסטו נישט ווערט, וואָס די ערד טראָגט דיך...

אויפן שפּיץ פון שאַרפן שטיק ליגט יענעמס אידעע.

נעם!

קלויב־אויס! דאָס שטיק אין האַרץ, אָדער מיין דאָגמע...

איך האָב ביידע זאַכן נישט גענומען. אָפּגערוקט זיך און אויסגעמיטן... ווייל מ י י ן ג ל ו י ב ן מוז איך זיך פריער צו־ניפרעדן מיט מיין אייגן האַרץ...

אַן אידעע איז נישט קיין טראַמוויי־בילעט.

אַ גלויבן איז נישט קיין קאָמונאַלער שטייער.

איך האָב געהאַט פריינט, וועלכע האָבן דאָס זעלבע געטראַכט. אין די קיעווער קאַפע־הייזער און איבערהויפּט באַ סעמאַדענע אויף וואַסילקאָווסקאַ... דאָרט פלעג איך זיך באַקענען מיט די פריינט מיינע...

אין טעג פון הונגער, אין טעג פון בלוט, אין טעג, ווען פולווער־סקלאַדן האָבן שיער די שטאָט נישט חרוב געמאַכט. נישט אָנגעפּרעסענע בורזשויען, מיר זענען אַלע אין יענע טעג נישט זאַט געווען. מיר פלעגן קומען צו אַ טישל און איבערגעגעבן איינער דעם צווייטן...

וועגן אַ נייער שחיטה גערעדט, געשושקעט זיך וועגן די רויטע און וועגן די ווייסע. איינס האָבן מיר געוווסט און געפילט, אַז פון די צוויי צדדים זענען ביידע נישט גערעכט, ווייל ביידע האָבן געזוכט וואָס מער ביקסן, וואָס מער האַרמאַטן..

און דער, וואָס וועט געפינען מער געווער, יענער זאָל דאָס דער גערעכטער זיין?

איך האָב געהאַט פריינט, וואָס האָבן דאָס זעלבע וואָס איך געטראַכט... היינט טראַכטן זיי אַנדערש, זיי האָבן שוין אַ גלויבן, גליקלעכע מענטשן! זיי צווייפלען קיינמאָל נישט.

נעכטן, היינט און מאָרגן, שטענדיק די זעלבע קללה פאַר דעם, וואָס צווייפלט יאָ.

נאָר דעמאָלט אין קיעוו אין דער טונקעלער געביידע פון סעמאַדעניס קאַפע, באַ אַ האַלב גלאָז שוואַרצער קאַווע, ווען די רעוואָלוציעס זענען געגאַנגען איבער אונזערע קעפּ, מען איז דעמאָלט געווען אַלמענטשלעכער און מענטשלעכער..

איינמאָל האָט מען אונז אָנגעזאָגט, אַז די פּעטלוראָווצעס טרעטן אָפּ און די באָלשעוויקעס דערנעענטערן זיך צו קיעוו.

איז וואָס? שוין נישט צום ערשטן מאָל.

נאָר די פּעטלוראָווצעס האָבן אונז איבערגעלאָזט אַ מתנה אין שטאָט, זיי האָבן אויפגעעפנט אַלע תפיסות און אויף דער פריי־

געפינען זיך איצט בא א צוויי טויזנט פארברעכער — גזלנים, גנבים, וואלד-מערדער, קעפ-שניידער פון ערגסטן מין.

אלץ איז איצט אין סכנה, דער כבוד און דאס לעבן פון יונגע פרויען, זיי די פארברעכער, וועלן נישט שאנעווען קיינעם, זיי וועלן ראבעווען אויף רעכטס און אויף לינקס.

עס איז פאר אונזערע אויגן אויסגעוואקסן דאס בילד, דער שודער, דאס הערשן פון צוויי טויזנט באנדיטן איבער א שטאט...

א פשוטער אמת האט זיך פאר אונז אנטפלעקט: מען דארף באשיצן די שוצלאזע, מען מוז קעגן די פארברעכער מאביליזירן א קראפט. דאס האבן מיר אלע פארשטאנען. א סך בעסער פאר־שטאנען, ווי די אלע מלחמות, וואס זענען פארגעקומען פאר אונזערע אויגן אין דער אלטער שטאט קיעוו. ווען מענטשן שרייען אין נאמען פון גאט, אין נאמען פון פאטערלאנד, אין נאמען פון דער מענטשהייט — גיי טרעף דעמאלט וואס עס איז בילכער.

אבער א קאמף מיט אמתע באנדיטן... דאס איז אזוי פאר־שטענדלעך.

קאמף מיט אן אנשיקעניש.

שנעלער, דרייסטער!

די שטאט האט גערודערט. צום שטאט-ראט איז מען געלאפן. דארט טיילט מען ביקסן און איך בין א פארשריבענער, איך קען האלטן א ביקס, בין איך אויך געלאפן נעמען א ביקס. איך האב זיך צוגעקוקט, ווי טויזנטער מענער זענען געקומען זיך בא־וואפענען. אנדערע האבן זיך געצאצקעט און געשפילט מיט דער רוסישער ווינטאוועקע און אנדערע האבן עס גענומען ערנסט: א ביקס, עטלעכע שאכטלעך מיט קוילן. פארשריבן דעם נאמען און אוועקגעגאנגען.

פעטלידורא האט ארויסגעלאזט אויף אונז צוויי טויזנט קארטאר־זשניקעס און דער שטאט-ראט האט ארויסגעגעבן פינף טויזנט ביקסן... מירן זען, ווער — וועמען.

מיר זענען אזוי געשטאנען מיט די ביקסן צוויי טעג און צוויי נעכט. קיינער איז צו אונז נישט געקומען, מיר זאלן אין

אים שיסן. ערגעץ אויף די פאָרשטעט זענען יאָ פאָר געקומען עס לעכע אָנפאַלן, אָבער אין צענטער האָט די חברה זיך מורא געהאַט באַווייזן.

אַזוי ווי איינגעמויערט אין דער וואַנט בין איך געשטאַנען און געקוקט אין דער נאַכט-פינצטערניש, טאָמער באַווייזט זיך ווער.

אַ מאָדנע זאַך מיט דער ביקס, האָסט זי פיינט ביזט אַ רודף-שלומניק אַ פּאַציפיסט דורך און דורך, נאָר אַז דו האַלטסט אַ ביקס אין דער האַנד, ווילט זיך דערמיט עפּעס טון. דיין גאַנץ וועזן ווערט עפּעס אַגדערש, ווערסט שטייפער, דרייסטער און גרייט אויף עפּעס. שט..נדיק, יעדע רגע גרייט אויף עפּעס.

א שוואַרצע יעשען-נאַכט אין קיעוו. מען האָט מורא פאַר באַנדיטן, אין די הייזער די פייערן פאַרלאָשן. דער ווינט שאַרט איבער די גאַסן פאַרטריקנטע בלעטער פון די שטאָטישע ביימער און דו ווייסט נישט, צו וואָס באַדאַרפן די בלעטער דעם אַספאַלט פון טראָטואַר, אויף וועלכן זיי שאַרן זיך און שאַרכן אַזוי פאַר-דעכטיק. . .

איך שטיי איינגעפּרעסט אין אַ ווינקל פון אַ מויער, איך וואַרט דאָך אויף וועמען. זאָל כאָטש קומען איין באַנדיט. מען האָט מיך אָוועקגעשטעלט, איך האָב זיך אַליין אַוועקגעשטעלט היטן די גאַס, די הייזער, אין וועלכע ווייבער און קינדער שלאָפן. אָבער אַ שטיקל טומל ווילט זיך. זאָל זיך כאָטש באַווייזן איין שאָטן, וועל איך אויסשרייען:

— קטאָ טאַם

וועט יענער בעמען לויפן און איך וועל שיסן. עס וועט ווערן אַ טומל און מיין וואַך-זיין וועט זיין מיט עפּעס באַרעכטיקט, נאָר די באַנדיטן האָבן אונז אָפּגעטון, זיי זענען נישט געקומען. איך פלעג גיין זיך אָפּרוען אין מיין צימער, ווי אַ באַליידיקטער, פּונקט ווי אַ זעלנער, וועלכער קומט צוריק פון מלחמה און ער האָט אין קיין איין שלאַכט נישט אַנטייל גענומען.

אויף דעם דריטן טאָג, ווען איך בין אין דערפרי אין גאַס אַרויס, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די רויטע זענען שוין ווידער די בעלעבאַטים פון שטאָט.

איך האָב געלייענט אַ פּלאַקאַט: „ווער עס האָט בײַ זיך געזען, מוז עס ברענגען אין פּאַרלויף פון פיר און צוואַנציק שעה, פאַר געפינען ביי עמעצן געווער, — „טויט־שטראָף".

מיין ביקס...

איך בין געלאָפן אַ היים, געכאַפּט מיין ביקס און געבראַכט אַהין, וווּ מען האָט זי געהייסן ברענגען.

אַ רונד־פּנימדיקער ברונעט, אַן טאָטער צי אַ אַרמענער האָט בײַ מיר געפרעגט:

— פון וואַנען האָסטו אַ ביקס?

— מען האָט מיר זי געגעבן...

— ווער?

— אין שטאָט־ראַט צו פאַרטיידיקן זיך קעגן די מערדער, וואָס פּעטליוראַ האָט פון די תּפיסות אַרויסגעלאָזט.

— דו ביסט אַ באָלשעוויק?

— ניין!

— אַ ביעלאָגוואַרדיעץ?

— ניין.

— טאָ וואָס ביסטו?

— אַ מענטש — האָב איך אַביסל צעשראָקן אַרויסגערעדט.

איך האָב אַלץ נישט געוווּסט פאַר וואָס איך האָב זיך דערשראָקן פאַר די פראַגן, וואָס זענען געפאַלן אויף מיר, ווי אַ האָגל, צי דערפאַר האָב איך זיך דערשראָקן, ווייל איך בין אַ מענטש, מען האָט אָבער באַמערקט, אַז איך בין צעשראָקן און דאָס האָט אויסגעזען פאַרדעכטיק, מען האָט מיך פאַרהאַלטן מען האָט מיך פאַרשפּאַרט אויף עטלעכע שעה.

אין אַ באַזונדער צימער פון שטאָט־ראַט, נאָר אַרום און אַרום זענען נאָך אַרעסטירטע געווען, הונדערטער און אפשר טויזנטער. איך האָב זיך דערשראָקן: ווען וועט מען זיך מיט אונז אַלעמען אַן עצה געבן?

שפּעטער האָט זיך מיין צימער געעפנט און עס האָט זיך באַוויזן איינער פון מיינע באַקאַנטע, איינער פון די, וואָס איז גע-

זעסן מיט מיר בא סעמאַדעני, בא א טישל מיט שווארצע קאַווע.

— דו ? ווי קומסטו אַהער ?

איך האָב אים אַלץ דערציילט און צום סוף געפרעגט :

— און דו ? ווי קומסטו אַהער.

נאַר איך האָב שוין נישט באַדאַרפט פרעגן : אין צוויי־מעת לעת האָט ער אַ גלויבן באַקומען, ער האָט מיך געהייסן באַ־פרייען. באַם ארויסגיין פון מיין קאַמער האָט ער פון מיר גע־לאַכט :

— ווען מען האָט דיך געפרעגט, וואָס דו ביסט, האָסטו געענטפערט : אַ „מענטש" .

— אַ „מענטש", וואָס דען האָב איך באַדאַרפט ענטפערן ?

וואָס ? אַ חיה בין איך, אַ פּיפּערנאָטער, אַ גריל. . . וואָס בין איך ?

מיין באַקאַנטער איז געוואָרן ערנסט :

— אין אַזאַ ווילדער צייט איז דיין ענטפער געווען נישט אויפן אָרט. . .

אפשר איז ער גערעכט געווען.

# קאַזאַרמע־נעכט

עס פאַרגעסט זיך נישט און עס וועט זיך נישט פאַרגעסן: פינף הונדערט טעג און נעכט פון מיין לעבן האָט צוגענומען די רוסישע קאַזאַרמע, זיי האָבן אַ שטיק ליכטיקייט פון מיין נשמה פאַרזיגלט. אויף אייביק, אויף שטענדיק, אַזוי ווי אַ בראַנד־צייכן אויפן לייב, עס גייט נישט אַראָפּ, עס לאָזט זיך נישט אָפּוואַשן און עס לאָזט זיך נישט אויסברענען...

מאָראַלישע און פיזישע יסורים, יסורים פון אַ שקלאַף, וועלכער האָט שטענדיק דאָס באַוווסזיין, אַז ער איז אַ שקלאַף. מען האָט נישט געלאָזט טראַכטן און עס האָט זיך געטראַכט מען האָט נישט געלאָזט פילן און עס האָט זיך געפילט...

היינט בין איך פריי, ווו איך וויל גיי איך. מיין ווילן איז דאָך מיין באַלעבאָס אויף מיר, איך קלויב אויס פריינט, איך מייד אויס שונאים. ווען איך וויל אַרבעט איך און אַז די געבענטשטע פוילקייט האַלט מיך נאָך אַ שעה אויף מיין געלעגער, איז אויך קיין אומגליק נישט — היינט בין איך פריי.

נאָר דעמאָלט, ווען איך האָב געלעבט מיט די באַפעלן, מיט די בייזע קאָמאַנדע פון אַ טעמפּ־קעפּיקן אינסטרוקטאָר:

— שפּריין!

— שטיי!

— לייג זיך!

ווען אויף מיר האָבן פון אַ מענטשלעך פּניס אַראָפּגעקוקט אַ פּאָר ווילדע אויגן. דעמאָלט האָב איך פאַרשטאַנען די חיות אין זאָאָלאָגישן גאָרטן, זייער אַרומשפּרייזן אין דער אייזערנער שטייג. איך האָב פאַרשטאַנען די לייבן אין צירק, ווען זיי זענען אָנגעשראָקן און פאָלגן דעם דרעסירער.

נאָר די נעגל פון אַ לייב האָב איך נישט געהאַט און מיין

מאַכטלאָזיקייט איז געווען גרעסער, ווי מיין צאָרן. היינט, ווען איך דערמאַן זיך יענע טעג, פרעג איך בא זיך: ווי אַזוי האָב איך עס אויסגעהאַלטן? אַזוי פיל באַליידיקונגען, אַזוי פיל הילפסלאָזיקייט... און איך קום צום באַשלוס, אַז אַ קליין ביסעלע ניכטערקייט האָט מיך געראַטעוועט. איך האָב זיך איינגעשפאַרט און געוואָלט זען מיט מיינע אויגן, ווי ווייט די שלעכטקייט פון מענטשן קאָן דערגיין. ווען אַ צוואָנציק־יעריקער איינבענדלדיקער „נאַטשעלניק" פלעגט מיט די פיס שלאָגן אַ פערציק יעריקן פויער, אַ מאָביליזירטן טאַטן פון קינדער, פלעג איך זיך מוזן צוקוקן און פילן ביידע, דעם ווייטוק פון איינעם און די אכזריות פון צווייטן.

די ניכטערקייט, די נייגיריקייט צום מענטש האָט מיך אַביסל אויפגעהאַלטן, כאָטש פיל מאָל האָב איך געטראַכט, אַז איך וועל מער נישט אַ'בערטראָגן. איך האָב געהאַט אַ ביקס אָן קוילן, נאָר די דאָזיקע עסטרייכישע ביקס האָט געהאַט אַ שאַרפן שטיק, אַ גלאַנציק מעסער. אָט אויף דעם מעסער האָב איך געקוקט, ווי אויף מיין גואל... פינף הונדערט טעג האָב איך געשפּרייזט אַזוי, ווי מען האָט מיך געהייסן און געשטאַנען אַזוי ווי מען האָט מיך געהייסן. איך האָב די חכמה פון שטיי, לויפן און שפּרייזן זיך גוט אויסגעלערנט, די זעלנערישע קונצן האָב איך פאַרשטאַנען, נישט דערפאַר, ווייל איך האָב דאָס ליב געהאַט, נאָר ווייל איך האָב נישט געוואָלט הערן קיין איבריקן „זשיד".

און סוף־כל־סוף, אַמביציע איז אומעטום פאַראַן, אפילו אין דער רוסישער קאַזאַרמע פון ניקאָלאַי דעם צווייטן איז דאָס אויך געווען... איך האָב געוואָלט זיין אַ גוטער זעלנער.

געקענט זעלנעריי, נאָר קיין זעלנער אין דער נשמה נישט געוואָרן, אויסגעלערנט זיך דאָס פרעמדע, נאָר צו מיין אומגליק האָב איך זיך נישט פאַרגעסן, זיך אַליין... דער „זוואָדני" האָט דרעסירט דעם גוף און די נשמה, האָט געשריגן אינעווייניק — זי האָט זיך געביסן פון ווייטיק, געראַנגלט זיך, יעדן טאָג, יעדע שעה, ביי יעדער קאָמאַנדע פון כאַם. וואָס איך האָב געמוזט פאָלגן...

בייטאָג פלעגן מיר אַנדערע פייניקן און ביינאַכט פלעג איך

זיך אַליין פֿייניקן. דאַכט זיך, אַזוי פֿיל זיך אָנגעמאַטערט, אַזוי פֿיל מאַרשירט, געשפּרונגען, געלאָפֿן און איצט ליג איך מיט אָפֿענע אויגן אויף די נאַרעס און איך קוק אויף די ביקסן, וועלכע זענען אויסגעשטעלט סימעטריש אין די קראַטקעס אויף דער וואַנט אַנטקעגן מיר, ביקסן מיט שטיקעס און איבער די ביקסן אַן „איקאָנע" מיט אַ רויט לעמפּל, דער אָפּגלאַנץ פֿון לעמפּל פֿאַלט רויט אויף די שטיקעס. נעם איך טראַכטן פֿון דער מלחמה, נעם איך טראַכטן און איך דערמאָן זיך, אַז מיין שינעל, מיט וועלכן איך דעק זיך איצט צו, מיין שינעל האָט פֿריער אָנגעהערט צו אַ צווייטן זעלנער און יענער — ווער ווייסט, צי ער לעבט? צי ער איז בלויז פֿאַרוואונדערט געוואָרן אויפֿן שלאַכט-פֿעלד? זיין שינעל איז איצט מיין שינעל, מיין קאָלדרע, און גאָרנישט. . .

וואָס ציטער איך אַזוי אויף? איך דערמאָן זיך, וואָס איך האָב בייטאָג דערקענט אויף מיין שינעל, בלוט-פֿלעקן. טונקעלע פֿלעקן און אַ קליין לאַטעלע אויף דעם אָרט, וווּ אַ קויל איז דורכגעגאַנגען. דער, וואָס האָט פֿריער געטראָגן דעם שינעל — צי לעבט ער נאָך? און ווי איז זיין נאָמען געווען? פֿון וואַנען איז ער געקומען?

איך טראַכט וועגן אים און איך פֿיל, ווי דער שינעל ווערט מיר אַלץ שווערער, פּונקט ווי אַ טויטער קערפּער וואָלט אויף מיר געלעגן.

ביינאַכט אַרבייט דער קאָפּ און די פֿאַנטאַזיע פֿון שרעק און שווידער צעוואַקסט זיך, איך בין אַליין נאָך נישט געווען אויף דער פּאָזיציע, נאָר אין מיין ראָטע זענען פֿאַראַן גענוג זעלנער, וועלכע האָבן שוין נישט איין שלאַכט דורכגעמאַכט און זיי דערציילן שרעקלעכע זאַכן מיט דער טעמפּער רויִקייט פֿון פֿאַרטעמפּטע מענטשן:

— ווען איך בין אין מיין אָקאָפּ געלעגן, איז פּלוצלינג צו מיר אַ קאָפּ פֿון אַ מענטש אַריינגעפֿלויגן פֿון אַ צווייטן אָקאָפּ. אַ גראַנאַט האָט אים אָפּגעריסן און צו מיר פֿאַרטראָגן.

אַזוי דערציילט אַ זעלנער פֿאַרן צווייטן.

— דו האָסט זיך דערשראָקן?

— צו וואָס שרעק? ס'איז דאָך מלחמה, נאָר פאַרדראָסן האָט מיך.

— וואָס האָט דיך פאַרדראָסן?

— ווען דער קאָפּ בלייבט דאָרט און דער קערפּער פאַלט צו מיר אין אָקאָפּ אַריין, וואָלט איך אפשר עפּעס אין די קעשענעס געפונען.

די אַלע מעשיות קלויבן זיך איצט צונויף בײַנאַכט אַרום מיר, לעבן מיר, זיי דעקן מיך צו, ווי אַ באַרג פון שטיינער, זיי דעקן מיך צו מיט דעם שינעל, אויף וועלכן עס זעען זיך נאָך די רויטע פלעקן פון אַזאַ איינעם, וואָס לעבט שוין אפשר נישט.

און אַרום שלאָפן פיר הונדערט זעלנער, זיי שלאָפן מיט אַ כראָפּעריי, פון וועלכן מען קען משוגע ווערן.

אָ, איך וועל דידאָזיקע פינף הונדערט נעכט נישט פאַרגעסן, דאָס איז אַן אייביקייט, וועלכע וועט מיך אין מיין אייביקייט באַגלייטן...

עס פלעגט קומען אַזאַ פאַרצווייפלונג, אַזאַ פינסטערניש פאַר די אויגן, נאָר איך פלעג זיך ראַטעווען ווידער... אַ טראָפּן ניכטערקייט האָט געלעבט אין מיין נשמה', איך פלעג אויסציען מיינע ביינער אויף מיין נאַרע, אויסגלייכן מיין קערפּער און דערביי אַ טראַכט געבן:

— ס'איז אינטערעסאַנט מיט וואָס דער גיהנום וועט זיך ענדיקן. געוועזן בין איך נייגיריק צו זיך אַליין, צו מיינע יסורים און איינשלאָפן פלעג איך דאַן, ווען דער סיגנאַל פלעגט זיך דערהערן... דער סיגנאַל, מען זאָל שוין אויפשטיין

עך! צוליב דעם איז אַ טאָג באַשאַפן געוואָרן, זון, ליכט... צוליב דעם באַשאַפן, איך זאָל גוט די טיר פון גיהנום זען און נישט פאַרבלאָנדזשען.

באַגינען.

איך ווייס נישט, צי אַ מעסער אין האַרץ לאָזט זיך אַזוי פילן, ווי ווייטיקלעך דער סיגנאַל דער שניידיקער פלעגט זיך אונז, זעלנער, לאָזן פילן. מען פלעגט זיך אויפכאַפּן, אויפהייבן

זיך פון אָרט און ווידער אַראָפּפאַלן, ווי אַן אָנטערגעשאָסענער פון מידקייט. ווייל די נאַכט איז געווען קורץ און דער שלאָף, דער איינציקער טרייסטער, דער שלאָף, וואָס פלעגט ברענגען רויִקייט, האָט זיך שוין געענדיקט. מען רירט זיך נאָך נישט. די זעלנער וואַרטן, ס׳איז אַ קרן צו כאַפּן נאָך אַ סעקונדע...

דערהערט זיך דער צווייטער סיגנאַל און דאָ גילט שוין נישט קיין חכמה, מען מוז אויפשטיין.

פיר הונדערט זעלנער שפּרינגען אַראָפּ פון די האַרטע בערטער, איין באַוועגונג, איין שפּריז, מען שטייט שוין לעבן די שטיוול. די פיר הונדערט פּאָר שטיוול זענען געווען איינגעטיילט אין פיר בערגלעך, פיר פּיראַמידעס פון כאָלעוועס, וואָס מיך פלעגט שטענדיק איבעראַשן, אַז עס געווען דאָס, וואָס יעדער זעלנער פלעגט זיינע פּאָר שטיוול אויגנבליקלעך געפינען, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין קאַזאַרמע איז באַגינען נאָך פינסטער געווען און די שטיוול זענען געווען אויסגעמישט אין איין קופּע, ווי קאַשטאַנעס. אָבער יעדער זעלנער האָט זיין פּאָר שטיוול געפונען אין איין סעקונדע.

ווי אַזוי געשעט עס? איך האָב זיך לאַנג אויף דעם מיין קאָפּ געבראָכן, ביז איך האָב זיך אָנגעשטויסן: יעדער זעלנער האָט זיינע שטיוול געפונען לויטן ריח...

ווי פאַרמשפּטע פלעגט מען אויף זיך אַרויפציען די בגדים דער טאָג, יעדער טאָג איז געווען אַן אינקוויזיציע. דאָס פעלד וווּ מיר האָבן זיך געלערנט מיט די ביקסן, דאָס פעלד איז געווען דער תּליה-פּלאַץ... ניין! די מענטשן, וואָס האָבן אונז געלערנט, זיי איז נישט געגאַנגען אפילו אין דעם, צו מאַכן פון אונז גוטע זעלנער, מיר זאָלן זיך גוט שלאָגן פאַר ניקאָלאַיען, ס׳איז געווען ביי זיי אַ ספּאָרט צו פּייניקן. די „זוואָדנעס" מיט די „פעלדפעבעלס" — זיי פלעגן זיך צווישן זיך באַרימען, ווער עס פּייניקט בעסער די זעלנער.

אָט יאָגט מען די גאַנצע ראָטע אַרויף אויף מיין פּלאַץ, וווּ דער שניי איז צעגאַנגען, אַרום און אַרום איז צעגאָסן אַ וואַ־

סער, מיר שטייען אין וואַסער. אין די זעלנערישע שטיוול מאַכט עס נישט אויס, נאָר אָט דערהערן מיר אַ קאָמאַנדע:

— לאָזשיס! לייג זיך!

און מיר ציען זיך אַלע אויס — בוכטש, מאָמענטאַל אין וואַסער, מיט די ביקסן אויסגעשטעלט. מיר ליגן און וואַרטן אויף ווייטערע באַפעלן און דאָס וואַסער קריכט דורך די אַרבל, דורך די פיס, ווי קאַלטע שלאַנגען רירן אָן די שטראָמעלעך אונזער לייב...

און פעטרעטנקאָ, אונזער „זוואָדני" און דער תּלין — ער נעמט אַרויס אַ בלעכענע פּושקע מיט טאַבאַק, אַ ביכעלע מיט פּאַפּיראָסן-פּאַפּיר, ער מאַכט פאַר זיך אַ פּאַפּיראָס, ער קלעבט עס און וועלגערט עס זייער לאַנגזאַם אין די פינגער זיינע...

מיר ליגן אין וואַסער און מיר וואַרטן אויף זיין באַפעל..

און ער האָט צייט...

געווען ביי אונז אין ראָטע אַ שוואַרצע קראָ, וואָס די זעלנער האָבן אַמאָל געכאַפּט. מען האָט איר אָפּגעשוירן די פליגל און געלאָזט אַרומטאַנצן אויף די נאַרעס און אונטער די נאַרעס.

אַ קראָ איז אַ מיאוסער פויגל, אָבער דאָך אַ פויגל, פריער איז ער געפלויגן און געשוועבט, געווען פריי. ביי אונז אין קאַזאַרמע האָבן זיך די זעלנער מיט דער קראָ געשפּילט, געמאַטערט און געפייניקט, דרעסירט און געלערנט פאַרשידענע קונצן. פּונקט אַזוי ווי די מענטשן האָבן אונז געפייניקט. נאָר די קראָ איז געווען גליקלעך. ווען זי פלעגט זאַט ווערן, פלעגט זי זיך באַהאַלטן אונטער די נאַרעס, קיינער פלעגט זי דאַן נישט קאָנען געפינען. זי האָט פיינט געהאַט די ליבהאַרציקע מענטשן, וועלכע האָבן איר די פליגל אָפּגעשניטן. זי האָט געקוקט אויף אונז מיט שוואַרצע אויגן, געכאַפּט די ברעקלעך ברויט און זיך באַהאַלטן.

הלוואַי וואָלט איך זיך געקאָנט אַזוי באַהאַלטן. נאָר גאַנץ אָפט ביינאַכט, ווען אַלע פלעגן שוין שלאָפן אַרום, פלעגט זי אַרויס-קריכן פון איר באַהעלטעניש און נעמען פלאַטערן איבער דער גרויסער געביידע פון אונזער קאַזאַרמע.

פלאַטערן מיט די אונטערגעשוירענע פליגל. אויף דער ביקסן־קראַטקע פלעגט זי זיך אַוועקשטעלן:

— קראַ...

און איינמאָל איז זי אַרויפגעפאַלן אויף מיין געלעגער, אויף מיין פאַרבלוטיקטן שינעל:

— קראַ...

אין מיטן נאַכט, ביי אַ שוואַך לעמפל, ביי אַ ווינט, וואָס האָט געיאָמערט אין סטעפּ. עס וועט קיינער נישט באַגרייפן, ווי שרעק־לעך די קראָ האָט מיר דעמאָלט אויסגעזען.

קראַ! קראַ! אָט אַזוי שניידט אַ שאַרף מעסער דאָס לעבע־דיקע לייב פון אַ מענטש.

יענע טעג, יענע שוואַרצע טעג פון אונזער קאַזאַרמע־לעבן אין לעצטן ווינטער פון די ראָמאַנאָווס...

פעטרענקאָ דער וואָדנע פון מיין אָפּטיילונג האָט געהאַט איין ווערטל, מיט וועלכן ער פלעגט זייער אָפּט זיך וואַרפן אויף אונז מיט אַ פרישער ווילדקייט:

— מען האָט מיר געגעבן הענט מיט פיס, איך זאָל פון דעם זעלנער מאַכן. און ער האָט געמאַכט פון אונז זעלנער: גע־האָרכזאַמע, טויטע, האַלב־טויטע מאַנעקענען. ער האָט מער נישט געזען, ווי די גרויע שינעלן, וועלכע זענען געהאָנגען אויף אונ־זערע אויסגעמאַטערטע לייבער. פעטרענקאָ פלעגט נישט פאַרטראָגן קיין קרעכץ, קיין מידקייט. קראַנק זיין האָט קיינער נישט גע־טאָרט.

זיינע הענט און פיס, זיינע הונדערט מאַנעקענען, זיינע זעל־נער ער האָט געקאָנט פאַריאָגן פון אונז די נשמה. מיר האָבן זיך אויפגעהערט צו פילן, בלויז די אויערן האָבן זיך צוגעהערט צו פעטרענקאָס קאָמאַנדע. מיר זענען טויט געווען, נאָר אַ מאָדנער טויט איז דאָס געווען — אַ טויט, וואָס טוט וויי.

אין מיטן דער גרויסער געביידע, ווו אונזער ראָטע האָט זיך געפונען, אין סאַמע מיטן פון גרויען גיהנום־צימער, איז גע־שטאַנען אַ בעטל, — פעטרענקאָס געלעגער. אַן אייזערן גרוי בעט מיט אַ גרויער קאָלדרע, אַ האַרטע קאָלדרע, וואָס דערמאָנט תפיסה.

אָבער ווי גרויס איז אונזער קנאה געווען, ווען מיר האָבן געקוקט אויף פּעטרענקאָס געלעגער. אַ מענטש שלאָפט באַזונדער, אַ מענטש קאָן זיך אויסציִען אויף זיין שעניק, אַ מענטש ליגט אויף אַ קישן.

ווייל מיר האָבן געהאַט אַ שרעקלעך האַרטע נאַרע און ענג איז געווען אויף דער נאַרע, מען האָט געמוזט ליגן איינגעצויגן, צוגעפּרעסט איינער צום צווייטן, ווי די הערינק אין פאַס און די ביינער טון וויי. נעכט פון ווייטיק. עס נאָגט דער גאַנצער קערפּער און פון די נאַרעס פליען בליקן צו פּעטרענקאָס געלעגער און יעדער איינער טראַכט מיט קנאה: „אים איז גוט", „אים איז ווויל".

פּעטרענקאָס בעט איז געווען דער הויפּט-צענטער פון אונזער קאַזאַרמע, דאָס איז געווען דער מיטל-פּונקט פון דער וועלט, דער טראָן פון וואַנען עס דאַרפן קומען צו אונז באַפעלן, וועלכע מיר מוזן אין אויגנבליק דערפילן, ווי אַ לאָרד איז ער געשלאָפן, אונזער תליון. מיר טון זיך אָן באַגינען און ער ליגט זיך אויף זיין געלעגער.

ער ציט זיך אויס מיט הנאה און קאָמאַנדעוועט און שיקט קללות פון זיין געלעגער.

דאָס בעט איז געשטאַנען לעבן אַ זייל, וועלכער האָט אונמערגעהאַלטן דעם סופיט. אויפן זייל איז געהאָנגען אַן איקאָנע מיט אַ רויט פייערל, אונטער דער איקאָנע עטלעכע באַטאַליע-בילדער: סוּוואָראָוו אין שלאַכט, סקאָבעליעוו אויף אַ פערד. די נייע זעלנער, וועלכע האָבן נאָך נישט געוווּסט פּעטרענקאָס קאָדעקס, פלעגן זיך אָפּט צורוקן גאָר נאָענט צום זייל און קוקן אויף די בילדער, פלעגט זיי פּעטרענקאָ כאַפּן און שעלטן און שלאָגן — דו זאָלסט מיר נישט קריכן, דאָ איז נישט דיין אָרט! — און אָנווייזן פלעגט ער אויף דער נאַרע:

אָט דאָ איז דיין אָרט מערזאַוויעץ!

זיין בעט איז געשטאַנען צווישן אונזערע נאַרעס און געוואָרפן אַ בייזע אומרויקייט. ביסלעכווייז האָבן מיר אויך דאָס בעט אָנגעהויבן פיינט צו האָבן... ס'וואָלט גוט געווען, ווען דער זייל פאַלט אום און דער סופיט לאָזט זיך אַראָפּ אויף פּעטרענקאָן, אויף אונז, אויף אַלץ און אַלעמען.

איך האָב זיך געראַנגלט צווישן טויט און לעבן פון מיין נשמה. איך האָב אויך געפּאַלגט, ווי אַלע, נאָר איך האָב געהאַלטן אָפן די אויגן, געקוקט אויף מיינע חברים די שקלאַפן און געקוקט אין זיך אַריין. איך האָב באַמערקט, ווי אַ סך פון מיין ראַטע האָבן אַבסאָלוט אויפגעהערט צו רעאַגירן אויף דעם אַרומיקן. עס האָט אויסגעדאַכט, אַז ווען מען זאָל אפילו עפּענען די שטייג, צו-נעמען די שטעכיקע דראָט, וואָס האָט אַרומגערינגלט אונזער קאַזאַרמע, ווען מען זאָל זיי אַלע פריי לאָזן, וועט עס שוין אויף זיי נישט ווירקן. איך אַליין וויפיל מאָל האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך שטאַרב אָפּ.

איך האָב דערפילט, אַז איך וויל שוין גאָרנישט. איך האָב פיל מאָל אויפגעהערט צו טראַכטן פון וואַנען איך בין געקומען, געשטאַלטן פון פריינט און קרובים האָבן זיך אויסגעמעקט פון זכרון.

איך האָב זיך געלאָזט ווייטער דרעסירן.

און דער פעלדפעבל פעטרענקאָ האָט נישט געוווסט, וועד עס איז שוין איינגאַנצן זיינער און ווער עס האָט נאָך אביסל לע-בעדיקייט אין דער נשמה... אַזאַ איינעם פלעגט ער פאַרפאַלגן ביז משוגעת...

אַזאַ איינער, וואָס האָט אים נישט געפאָלגט, אַזעלכער איז געווען זיין פערזענלעכער שונא און פעטרענקאָ איז גרייט געווען דעם צו פּאַרטיליקן. ער האָט נישט געוואָלט אַ געהאָרכזאַמקייט אָן אויסערלעכע. ניין! אינערלעך, טיף אין דער נשמה האָט גע-מוזט די שקלאַפעריי זיך איינפלאַנצן.

אָט שטיי איך אין אַ ווינקל פון קאַזאַרמע. ס'איז אַ פרייע שעה. מען לערנט איצט נישט. די זעלנער ליגן אויף די נאַרעס, אָדער זיי שפּאַצירן אַרום צווישן די נאַרעס. אַנדערע עסן און אַנ-דערע רייניקן די ביקסן, די שטיוול. איך בין אין אַ ווינקל, אָפּגעזונדערט פון אַלעמען. ווייזט אויס, אַז איך האָב זיך אין עפּעס דערמאָנט, איך בין אין די געדאַנקען ווייט פון דער קאַזאַרמע און פון פעטרענקאָן.

דאָס איז נישט קיין גוטע מינוט פאַר מיר אַליין: ווערן לע-

בעדיק, פלוצלינג זיך אויפכאַפּן אין קבר איז אַ שרעקלעכע זאַך, נאָר דאָס איז נאָך ווייניק...

פּעטרענקאָ האָט מיך באַמערקט, מיט זיינע חיהשע אויגן און ער גייט צו מיר, אויף מיר. די אויגן זיינע קוקן אויף מיר שטאַר, ווי אַ דרעסירער קוקט אויף אַ חיה, די שטעכיקע וואָנסעס דערנענטערן זיך צו מיין אָטעם און איך הער אַ ווילדן ברום:

— וואָס טראַכסטו?

— גאָרנישט... — ענטפער איך.

נאָר מיין מלאך המוות מאַכט מיט זיין האַנט אַזאַ באַוועגונג, אַז ער וואָלט מיך וועלן שטיקן...

— כ'וועל דיר געבן „גאָרנישט", וועסט בא מיר דערשאָסן ווערן דערפאַר...

— פאַרוואָס? — גיב איך אַ פרעג מיט ציטער אין מיין נייגיריקייט.

— פאַרוואָס? פרעג נישט און שווייג... עס וועט זיין שלעכט מיט דיר.

ער גייט אַוועק...

נאָר אין דער לופטן בלייבן צוויי שאַרפע שפּיזן, קאַלטע, גלאַנציקע מעסערס, דאָס פּיצעלע לעבעדיקע האַרץ ווערט דורך די צוויי שפּיזן געשטאָכן... פּעטרענקאָס אויגן.

ער גייט אַוועק פול מיט בייזקייט און אויפרעגונג. איך ווייס, ער וואָלט וועלן כאַפּן מיין נשמה און זי צעטרעטן, ווי מען צעטרעט אַ שפּין, ער האָט דערפילט, אַז איך האָב נאָך אַ שטיקל נשמה, איך בין נאָכנישט אינגאַנצן זיינער, כאָטש מיינע הענט און פיס האָב איך אים אָפּגעגעבן...

פינף און צוואַנציק יאָר האָט ער שוין געדינט, ער האָט קאָמאַנדעוועט מיט נשמות, ער האָט צעטרעטן נשמות און דאָ קומט איינער „און טראַכט עפּעס".

איך פלעג אויסמיידן זיין בליק, נאָר ער פלעגט מיך זוכן און פאָרשן, נישט איך אַליין... ער פלעגט אויך אומרויק ווערן.

ווען אונזערע בליקן פלעגן זיך באַגעגענען. דאָס איז געווען אַ שטומער האַס און מיר דאַכט זיך, אַז איך בין דעמאָלט שטאָלץ געווען מיט אַ שטומען שטאָלץ...

פעטרענקאָ האָט מיך נישט באַזיגט.

איך האָב געלעבט. די בייזע בליקן פון מיין הערשער האָבן מיר שטענדיק צוויסן געגעבן, אַז איך לעב נאָך און נישט איינ-מאָל פלעג איך זיך אויפכאַפּן מיט דער צעבלוטיקטער האָפנונג, מיט דעם אומגלויבלעכן געדאַנק און פאַרלאַנג אַרויסצוטראָגן פון דעמדאָזיקן קבר מיין ביסעלע לעבן צו פרייהייט, צו זון און גרינס, צו פריינט.

אָבער באַלד פלעגט קומען די שרעקלעכע ווירקלעכקייט און דער טראָפּן האָפנונג פלעגט צערינען ווערן. דער לעצטער פונק פלעגט זיך אויסלעשן אין דער נשמה.

עס פלעגט טעמפּ פייניקן דאָס מיאוסע לעבן פון אַ שקלאַף. עס פלעגט פייניקן די באַליידיקונג... אָט שמייסט מען לעבן מיר אַ פערציג-יעריקן פויער, רויטע ריטער פון סטעפּ צעפּאַסעווען דאָס לייב פון אַ מענטש, און איך שווייג. אַלע שווייגן... די גע-האָרכזאַמקייט שטראָפט שרעקלעך, ווערסט פון זיך אַליין דערנידעריקט, באַשפּייסט זיך אַליין... און, און די שווייגסט ווידער...

עס האָט זיך אויסגעדאַכט יעדן טאָג, אַז די פעטרענקאָס האָבן עפּעס אַ פאָרגעפיל, זיי האָבן זיך דערשראָקן אומבאַוווסטער-הייט פאַר עפּעס... פונקט, ווי זיי וואָלטן געגלייבט, אַז אונטער אונזערע גרויע שינעלן האָט זיך עפּעס אויפגעכאַפּט און זיי האָבן דערפאַר מורא באַקומען פייניקן זיי איצט אַזוי שטאַרק. יעדן טאָג שטאַרקער, ווילדער, בייזער. זיי ווילן דערשטיקן די לעבנס, וועלכע זענען אין זייערע הענט...

מיר האָבן פון גאָרנישט געוווסט. דאָס, וואָס עס האָט זיך געטון אין רוסלאַנד הינטער די ווענט פון אונזער קאַזאַרמע... מיר האָבן פון גאָרנישט געטראַכט, באַנאַכט פלעגן די זעלנער זיפצן פון שלאָף. נאָר ווער האָט די זיפצן געהערט?

אָפּגעריסן פון היים און קינד, אויסגעפּייניקט פון אַ גזלני־שער דיסציפּלין — ווער האָט געציילט די זיפצן?

איינמאָל באַגינען האָט זיך איינער געוואָרפן אויף זיין איי־גענעם שטיק, אויף די טונקעלע טרעפּ איז דאָס געווען, מיר זע־נען געגאַנגען אויף די טרעפּ און געטרעטן אין זיין בלוט. שפּע־טער, ווען מיר זענען אַרויס אין פעלד אויף די איבונגען, עס איז ליכטיק געוואָרן. דעמאָלט האָבן מיר דערזען, אַז אונזערע שטיוול זענען אין בלוט אויסגעשמירט.

מיטאַמאָל, אומגעריכטערהייט...

ווייסט איר די וועלט האָט זיך איבערגעדרייט. יאָ, מיר האָבן עפּעס געהערט: אין פּעטערבורג איז אומרויק, אין כאַרקאָוו גייען די סטודענטן אויף די גאַסן... מיר האָבן עפּעס געהערט... נאָר אונז באַדאַרף עס נישט אָנגיין. מיר זענען אין פּעטרעוקאָס העגט. מיר טאָרן נישט הערן פון אַזעלכע זאַכן, מיר טאָרן נישט טראַכטן, מען וועקט אונז אויף פינף פאַרטאָג, מען פירט אונז אין פעלד מאַרשירן און אין אָוונט זינגען מיר „באָזשע צאַריאַ כראַני".

שטייען מיר, טאַקע אַזוי אויסגעשטעלט און מיר זינגען, מיר זינגען; און פּלוצלינג פּראַלט אויף די טיר, עטלעכע זעלנער רייסן זיך אַריין...

גענוג! נישטאָ קיין צאַר...

מיר זענען טעמפּ, מיר ווייסן פון גאָרנישט, מיר זינגען ווייטער, נאָר די טיר איז אָפן און עס קומען אַריין אַ סך זעל־נער, אַ סך פון די אַנדערע ראָטעס. זיי וואַרפן זיך אויף אונז, מיט געוואַלט רייסן זיי איבער דאָס געזאַנג...

און זעט נאָר:

פּעטרעוקאָ איז פאַרשוווּנדן, די איבריקע תּלינים זענען אויך פאַרשוווּנדן געוואָרן פון אונזער קאַזאַרמע...

די טיר איז אָפן, פון דער קאַלטער גאַס קומט אַריין פרי־שע לופט און פון דער נאַכטיקער גאַס טראָגט זיך אַ וואָרט, וואָס מאַכט ציטערן די נשמה:

— רע־וואָ־לו־ציאַ...

אַ מחנה שינעלן, אָן אַ סוף שינעלן.

אַלע טומלען, אַלע רעדן עפּעס און דערציילן...

— אויס צאַר...

— אויס מלחמה...

— מיר'ן אַלע גיין אַהיים...

איך שטיי פון דער ווייטנס. מיר דאַכט זיך, אַז איך בין דער איינציקער, וואָס גלייבט נישט. איך הער די אַלע נייעסן און עס גלייבט זיך נישט. נאָר איינס טרייבט מיך צו גלייבן, דאָס, וואָס פּעטרענקאָ איז אַנטלאָפן געוואָרן, דער אַלמעכטיקער פּעטרענקאָ איז נישטאָ, ער שרייט נישט, ער שלאָגט נישט...

דעמאָלט, ווען די זעלנער רעדן אַזעלכע רייד. עפּעס איז געשען. עס האָבן זיך דערהערט פריילעכע אויסגעשרייען, געזאַנגען, וואָס אַ רגע שפּעטער, אַלץ גרעסער דער טומל... עטלעכע זעלנער באַקומען קוילן און זיי שיסן אין דער שוואַרצער נאַכט אַריין, זיי צעשיסן די פינצטערניש.

איך האָב זיך געפּלאָנטערט צווישן די שינעלן, געגלייבט און נישט געגלייבט, און ווען איך האָב דערפילט די גאַנצע פרייד, האָט זיך מיר פאַרוואָלט אָפּזונדערן פון אַלעמען, אויסרעדן זיך מיט זיך אַליין...

און אפשר זיך אויסוויינען.

איך בין אַוועק ווייט אין פעלד, כ'האָב נאָך לאַנג געהערט די געזאַנגען, די אויסרופן און דאָס שיסעריי, נאָר דערנאָך איז אַלץ שטילער געוואָרן און איך האָב זיך אָנגעהויבן שרעקן: טאָמער איז פּעטרענקאָ צוריקגעקומען.

איך בין פאַרזיכטיק געגאַנגען צו דער קאַזאַרמע. שטיל, אַ מאָדנע שטילקייט... צי דען איז דאָס געווען אַ חלום?

איך בין אַריין אינעווייניק. די זעלנער זענען געשלאָפן. ווער אויף דר'ערד, ווער אויף די נאַרעס. רויקע, זיכערע. אַ סך האָבן אַרומגענומען אין שלאָף זייערע חברים...

און אויף פּעטרענקאָס בעט...

עס שלאָפט ווער אויף זיין בעט... אפשר פּעטרענקאָ? דאָס האַרץ פאַלט מיר אַראָפּ... ניין! אַ געוויינלעכער זעלנער,

איינער פון די גרויע זעלנער האָט זיך, ווי אַ לאָרד, אויסגע-
שפּרייט אויף דעם פעלדפּעבעלס געלעגער און שלאָפט מיט דער
רויקייט פון אַ קינד...

איצט ערשט האָב איך שוין אויף אַן אמת געגלייבט אין
דער רעוואָלוציע...

# אָקטאָבער

פון קרים און קאווקאז זענען זיך שוין צונויפגעפאָרן די לעצטע געסט. דער זומער האָט זיך שוין אינגאנצן געענדיקט. אין מאָסקווע. אין ראַיאָן פון אַרבאַט, ווו איך האָב דעמאָלט געלעבט, האָבן די קאַשטאַנעס זיך געוואַלגערט אויפן טרוקענעם ברוק. עס איז געווען אַ זוניקער האַרבסט.

אין ראַיאָן פון אַרבאַט, אין אַ לאַבירינט פון שמאָלע און ברייטע געסלעך, אַרום דעם „הינטישן פלאַץ", אַרום דער „בער-גאַס", ווו די אָפּגעזונדערטע פּאַלאַצן פון די רוסישע מאַגנאַטן זענען געשטאַנען, דאָרט איז רויק געווען ווי שטענדיק. די אַראָפּ-געהאַנגענע שטאָרן האָבן פאַרשלאָסן די רייכע הייזער, די געל-באַצווייגטע ביימער האָבן אָפּגעזונדערט פון זיך דידאָזיקע הייזער, וועגן וועלכע מען האָט שטענדיק דערציילט לעגענדעס, לעגענדעס פון רייכקייט. די גרעסטע קאָלעקציעס פון פּאָרצעליי, העלפאַנט-ביין, די טייערסטע בילדער פון רובענס, רעמבראַנדט און ראַפאַעל. בלויז גליקלעכע יחידים האָבן עס אָנגעקוקט. איך פלעג דאָרט יעדן טאָג פאַרבייגיין, עטלעכע מאָל אַ טאָג. זעלטן ווען איך פלעג זען, ווי דאָרט עפנט זיך אַ טיר, זעלטן ווען הערן אַ קלאַנג פון מוזיק...

פאַרשלאָסענע פּאַלאַצן, פאַרבאָרגן רייכקייט, אָפּגעזונדערט פון דער וועלט. פאַרוואָס האָבן דידאָזיקע הייזער געשוויגן ? אפשר האָבן זיי שוין געפילט זייער נאָענטן סוף ?

נאָר וואָס מער דידאָזיקע פּאַלאַצן האָבן געשוויגן צווזאַמען מיט די גאַסן, אויף וועלכע זיי זענען געשטאַנען, אַלץ מער האָט

מאָסקווע גערעדט, געליאַרעמט און געטומלט. אויף טװערסקי-בול-וואַר בײַ פּושקינס דענקמאָל, בײַ סקאָבעלעװס דענקמאָל, בײַ מינין און פּאָזשאַרסקי, בײַם קרעמל...

מאָסקווע האָט גערעדט.

אַ ים מיט רייד.

אַן עפּידעמיע פון ווערטער און פראַזן. דאָס האָט חדשים געדויערט, און געטראַכט האָט זיך, אַז פון היינט אָן וועלן שוין מענטשן קיינמאָל מער נישט שווייגן.

הונדערטער יאָר איז אַ פאָלק פאַרשקלאַפט געווען און עס האָט געשוויגן. בלויז די, וועלכע פלעגן זיך אָבשיכורן און ליגן אין רינשטאָק, פלעגן אויסרעדן אַלדאָס בײַז אויף גאָט, מענטש און וועלט... איצט האָבן גערעדט די ניכטערע, איצט האָבן גע-רעדט אַלע, פון חודש מערץ אָן, זינט דער טראָן פון די ראָמאַ-נאָװס איז געפאַלן. — עס איז שוין אַוועק דער פרילינג, דער זומער, עס איז שוין האַרבסט, און דער עולם רעדט, פיר און צוואַנציק שעה פון מעת-לעת שטייט דער עולם בײַ פּושקינס דענקמאָל; אַנדערע גייען אַוועק, קומען פרישע מחנות.

די טריבונע איז פריי פאַר אַלעמען און בלויז שטומע האָבן געשוויגן אין יענע טעג און נעכט. אַלע צרות פון לעבן האָט מען דאָ געבראַכט אויף די ברעטער פון די אימפּראָוויזירטע עסטראַדעס; אַלע פאַנטאַסטישע פּלענער, ווי צו ראַטעווען די וועלט און רוסלאַנד האָט מען דאָ אויסגעהערט...

און איינע פון די פאַנטאַזיעס איז בלוטיק דערגרייכט געוואָרן.

אין אָקטאָבער...

איך האָב זיך געגרייט צום ווינטער צוזאַמען מיט נאָך אַ סך בירגער, קליינבירגער אין בירגעלעך.

איך האָב געהאַט מיין אַרבעט און געזוכט מיינע פאַר-ווײַלונגען.

מיינס אַ פריינט, אַ רייכער ייד, האָט מיר געשענקט אַ מתנה: אַן אַבאָנאַמענט-בילעט אויף דעם ווינטער-סעזאָן, אויף קוסעוויצקיס סימפאָנישע קאָנצערטן...

עס וועט זיין א לאנגער ווינטער מיט מאָסקווער פרעסט, מיט די איינגעפּונדעוועטע שנייען אויף די מאָסקווער גאַסן, עס וועט זיין א ווינטער ווי אַלע ווינטערס. אין די פארנאַכטן אין ציטערדיקן פראָסט וועלן קלינגען די מאָסקווער גלאָקן און די טויזנטער שליטעלעך אויף די גאַסן וועלן צוקלינגען און צורופן... ווער ווייסט ווהין די גלאָקן און די גלעקלעך רופן אין די פּראָסטיקע אָוונטן? איך ווייס אָבער, איך געדענק, אז איך האָב געוואַלטיק ליב געהאַט דעם מאָסקווער ווינטער, די באַגאָסענע גאַסן מיט עלעקטרישן ליכט, די שניידנדיקע באַשטראַלטע ווייסקייט, דעם ווייטן עכאָ הינטער די בריקן פון „מאָסקווע-ריעקאַ". די מענטשן, וועלכע האָבן אויסגעזעען ווי די בערן אין זייערע פעלצן... איך האָב עס ליב געהאַט, הגם איך אַליין, אזא „קאָנטר-רעוואָלוציאָנער", האָב בלויז פארמאָגט א הארבסט-מאַנטל און איך פלעג פירן מלחמה מיט דעם פראָסט אויפן גרויסן אופן. איך פלעג זייער האסטיק לויפן אויף די גאַסן און דער פראָסט פלעגט נאָכלויפן...

אָבער וואָס באַדייט קעלט און הונגער דעמאָלט, ווען מען האָט עפּעס ליב? די מאָסקווער נעכט, די סיבירער קעלט איז געבליבן אין מיין געדעכעניש, ווי א צאַרטע וואַרעמקייט, ווי א באַלויכטענער יום-טוב.

צו די פרעסט איז נאָך ווייט געווען.

אָקטאָבער האָט געלויכטן און געטרוקנט די בלעטער, אויס-געשפּרייט געלע דיוואַנעס אויף דער ערד, אויף וועלכער מיינע זינדיקע פיס האָבן געשפּרייזט. אייגנטלעך בין איך געווען איינער פון די מאַגנאַטן פון די רייכע פּאַלאַצן אויף אַרבאַט. איך האָב זיך נישט צוגעהערט צו דעם, וואָס עס טוט זיך אַרום. איך בין געווען א מאַגנאַט מיט איין אונטערשיד: איך האָב קיין פּאַלאַץ נישט פארמאָגט און דאכט זיך, נישט אַלע טאָג קיין מיטאָג גע-געסן. און איך פארשטיי, אז איך — אַזעלכע ווי איך זענען די ערגסטע שקלאַפן, זיי באַשולדיקן קיינעם נישט, ווען זיי הונגערן א ביסל צו: איך האַלט, אז אַלץ איז א צופאַל. און זאָל מען מיר דאָס מוחל זיין...

איך האָב געבלאָנדזשעט פיל אין יענע טעג און נעכט אויף די מאָסקווער גאַסן. איך בין צו אַ סך זאַכן נייגיריק געווען. איך האָב געזען, אַז אַזוי פיל מענטשן־רעטער אינטערעסירן זיך מיט דעם גורל פון דער מענטשהייט, האָב איך געטראַכט בײַ זיך, אַז די מענטשהייט וועט שוין געראַטעוועט ווערן אָן מיר... דאָס איז ער, דער פאַרשאָלטענער עגאָיזם פון אַזעלכע ווי איך: לאָזן אַנדערע „שאַפן און בויען“ און אַליין אַוועקגיין אין דער שטילקייט...

און אפשר האָבן אַנדערע צו נאַריש געפּלאַפּלט און דאָס האָט מיך אָפּגעשטויסן. מאָסקווע האָט גערעדט. אַ ים מיט ווערטער האָט מאָסקווע אויסגעגאָסן מיט צען יאָר צוריק, אין פרילינג, און זומער פון טויזנט נײַן הונדערט זיבעצן.

נאָר איינמאָל, בעת איך בין אַרויסגעגאַנגען, ווי שטענדיק, באַנאַכט אויף די גאַסן, האָב איך אויף די בולוואַרן מער קיין מענטשן נישט געפונען. פּושקין האָט געגלאָצט מיט די אויגן, ווו זענען זיי? און סקאָבעלעוו אויף זײַן פערד האָט זיך נײַגיריק צוגעהערט:

ערגעץ־ווו, ערגעץ נאָענט, אין סאַמע האַרץ פון מאָסקווע האָבן קוילן געקנאַקט...

דעמאָלט האָט זיך עס אָנגעהויבן. אַזאַ חיכטיקער אָוונט געווען. אַ נאַכט פון וועלט־איבערקערעניש, און איך האָב, ווי שטענדיק, געכאַפּט אַ בליק צו די שטערן און באַהאַלטן צוריק דעם בליק אין זיך מיט אַלע שטערן, מיט דער שטענדיקער איבעראַשונג פון זייער ווייטן גלאַנץ...

איך האָב נישט געוווסט, איך האָב זיך נישט פאַרגעשטעלט, נישט איך אַליין, קיינער. ווער האָט עס זיך געקאָנט ריכטן, אַז יענע טעג וועלן בלייבן אַזוי היסטאָריש. איך וואָלט דעמאָלט ברייטער די אויגן געעפנט, איך וואָלט קיין איין קלייניקייט נישט דורכגעלאָזט... אָקטאָבער אין טויזנט נײַן הונדערט זיבעצן...

איך בין געזעסן פאַרשפּאַרט אין מײַן הויז, אַרויסגעיאָגט דורך די קוילן פון מײַן צימער אויף די טרעפּ און אין קעלער, ביז איך געזעסן מיט אַלע מײַנע שכנים. די רעוואָלוציע איז גע־

ווען אויף די גאַסן, נאָר אין הויז, ווו איך האָב געוווינט, איז אויך פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע. די טירן האָבן זיך געעפנט און די מענטשן, וועלכע האָבן יאָרן אָפּגעלעבט אין איין הויז, האָבן איצט געעפנט די טירן, די אויגן, די הערצער. אַלע צוזאַמען, דער ערשטער שטאָק פון די גאָר רייכע האָט זיך געחברט מיט דעם העכסטן שטאָק, מיט די גאָר אָרימע. קוילן האָבן געקנאַקט, האַרמאַטן האָבן געהילכט, פון די פענצטער האָבן מיר געזעען אָקאָפּעס אויף די גאַסן; נאָר קיינער האָט דאָך געגנוי נישט געוווּסט, וואָס די מענשעוויקעס ווילן און וואָס די באָלשעוויקעס ווילן, קיינעם איז נישט קלאָר געוואָרן צוליב וואָס מען שלאָגט זיך . . .

זיבן טעג און זיבן נעכט. סוף-כּל-סוף האָט מען אויפגעהערט רעאַגירן. מען איז מיד געוואָרן פון דעם שטענדיקן שיסעריי. אויף די טרעפּ האָט מען פאַרגעזעצט דאָס געוויינלעכע פון שטענדיק. מען האָט געגעסן, געטרונקען, געשלאָפן, מען האָט ביכער געלייענט, מען האָט אפילו געפלירטעוועט און אייפערזיכטיק געוועזן איינער צום צווייטן. די באַלעבאַטים האָבן אין קאָרטן געשפּילט.

— האַ !...

און אַז אויף דער גאַס קומט פאָר אַן איבערקערעניש פון די וועלט-איבערקערענישן, אַז אויף דער גאַס איז געוואָרפן געוואָרן אַ לאָזונג, אַן וועלכן מיליאָנען וועלן זיך אָנכאַפּן און מיליאָנען מענטשן וועלן זיך אַקעגנשטעלן.

ניין ! מיר האָבן אַלע געטראַכט, אַז אַלץ וועט בלייבן בּאַם אַלטן. מיר האָבן אפילו נישט געטראַכט וועגן דעם. מען האָט פּשוט געוואַרט, אַז דאָס שיסעריי זאָל אויפהערן און דעמאָלט וועט יעדער גיין צו זיינע ביזנעס.

באמת, עס זענען געוועזן שעהן, ווען די גאַנצע סומאַטאָכע איז געוואָרן לאַנגווייליק.

נאָר דאַן, ווען דאָס שיסעריי האָט אויפגעהערט, איז שוין דער באַנק-דירעקטאָר אין זיין באַנק נישט געגאַנגען. דעם פאַבריקאַנט האָט מען אין זיין פאַבריק נישט אַריינגעלאָזט און די,

וואָס האָבן געהאַט בריליאַנטן און גאָלד אין די באַנק־סייפן, האָט מען באַ זיי די שליסלען פון די אייזערנע קאַסעטקעס צוגענומען... דאָס אייזערנע געזעץ, דאָס טויזנט־יעריקע געזעץ פון אייגנטום איז געבראָכן געוואָרן... מענטשן האָבן געגלאָצט מיט די אויגן, מענטשן זענען אַזוי ווי צעדולט געוואָרן:

— וואָס הייסט, מיינס איז נישט מיינס? אפילו איך, אַזאַ, וואָס האָט גאָרנישט פאַרמאָגט, איך האָב זיך אויך נישט געקאָנט צוגעוווינען צו אַזאַ מין משונהדיקן געדאַנק...

אַי, מיינע בריליאַנטן... מיינע אויסגעליטענע, דורכגעטראַכטע יאָרן — קיינער האָט זיי נישט קאָנפיסקירט.

די אָפגעזונדערטע פאַלאַצן פון אַרבאַטער־ראַיאָן האָט מען צעראַבירט. יעדעס הויז איז געוואָרן אַ מוזעאום, אַ קונסט־הויז. דאָס טייערע פאָרצעליי האָט מען צעשערבלט. איך האָב נישט איינמאָל געשפרייזט אויף די שערבלעך. מיין באַגלייטער, וועלכער האָט שוין געוואַרט אויף אַ פאָסטן באַ דער נייער מאַכט, האָט מיך נישט איינמאָל מיט פראַזן באַשאָנקען:

— אָט אַזוי שטאַרבט די אַלטע וועלט...

— גוט אַזוי, מען באַדאַרף נישט קיין שפילצייג.

און איך האָב געשוויגן און געטראַכט מיינע טראַכטענישן: אויך דאָ האָבן מענטשן געלעבט און אפשר נישט די ערגסטע, זיי האָבן ליב געהאַט שיינקייט... אויך דאָ האָבן מענטשן געלעבט. אין די ווינקעלעך אונטער דעם צעקלאַפּטן אַלטן מעבל איז אָן אומעט געלעגן. פון די קונסט־בילדער האָט אַ צער אַרויסגעקוקט, און ווען איך פלעג טרעטן אויף די פאָרצעליי־שערבלעך, פלעגט עס קרעכצן פון ווייטיק...

אָבער דאָס זענען סענטימענטן...

זאָל איך זיך שעמען מיט דעם?

מיר איז נישט באַשערט צו פילן און מיטפילן דעם גאַנצן קאַמף. די אכזריות פון גערעכטן צום אומגערעכטן באַזיגטן... נאָר דאָס שטילע ליידן פון די באַזיגטע איז מיר גאָר נאָענט — אין מאָסקווע האָט מען גענוג געליטן און טאַקע די, וועלכע האָבן אַ סך געהאַט און אַלץ פאַרלוירן...

איך האָב אויך עפּעס פאַרלוירן.

דעם אַבאָנאַמענט-בילעט, וואָס מיין חבר האָט מיר געשאָנ־קען אויף די סימפאָנישע קאָנצערטן. די נייע מאַכט האָט אָפּגע־שאַפט אַלע אַזעלכע אַבאָנאַמענטן... נישט געווען דערמאָלט קיין צייט פאַר סימפאָניע. וואָכן זענען אַוועקגעגאַנגען און קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס ווייטער וועט זיין.

ווי וועט דאָס אויסזעען די נייע אָרדנונג?

מיקיטאַ דער שווייצער פון הויז, ווו איך האָב געוווינט, — ער פלעגט מיך פשוט פאַרמאַטערן:

— ווי וועט אויסזעען די קאָמונע, באַרין?

פלעג איך אים אָנדידלען:

—מיקיטאַ! איך בין קיינמאָל קיין באַרין נישט געווען און איצט אַוודאי נישט, איך בין אַ טאָוואַרישטש גלייך מיט אַלע טאָ־וואַרישטשעס...

— זאָל זיין טאָוואַרישטש... אָבער, ווי וועט עס אויסזעען אונזער ניי לעבן?

פלעג איך נעמען ערקלערן און זיך פּלאָנטערן אין מיינע ערקלערונגען. ביז איך פלעג באַ מיקיטאַן פרעגן:

— ווי שטעלסטו זיך פאָר די נייע אָרדנונג?

— איך? איך בין אַ פּראָסטער מענטש. איך טראַכט, אַז מען וועט אויף סטראַסטנאָי פּלאַץ אַוועקשטעלן אַ גרויסן קעסל. מען וועט אָפּקאָכן „קאַפּוסטע” און אַלע וועלן קומען מיט הילצער־נע לעפל און וועלן זיפּן...

נאָר ווי מיר ווייסן, שטייען נאָך ביז היינט נישט אויף די מאָסקווער פּלעצער אַזעלכע קעסלען און אין עטלעכע עראָפּעישע קור-ערטער האָב איך באַגעגנט „נעפּלייט” און העכערע באַאַמטע פון רוסלאַנד; אין די רייכסטע האָטעלן האָבן זיי געוווינט און געפירט אַ לוקסוס-לעבן, אויף יעדן בשר-ודם געזאָגט געוואָרן...

איצט צום יובליי פון „אָקטאָבער” ווילט זיך מיר נאָך אַלץ פרעגן מיקיטאַס פראַגע:

— ווי וועט עס אויסזעען אונזער ניי לעבן?

# דער פאַרזאָרגער

עס שלעפּט זיך אַ צוג פון מאָסקווע קיין מינסק. געוויינלעך געדויערט אַזאַ רייזע בײַ צוואַנציק שעה. נאָר דער צוג שלעפּט זיך פון מאָסקווע אין פינפצענטן יאָר אין הערבסט. די רוסן זענען אָפּגעטרעטן פון ווילנע. דער וועג איז באַלאַגערט געווען מיט צוגן, וואָס אײַלן אין טיף רוסלאַנד און עוואַקואירן די פאַרווונדעטע, די קראַנקע זעלנער; מען עוואַקואירט די אַלע רעגירונגס־אינסטיטוציעס...

עס שלעפּט זיך אַ צוג. און אַ סך וואַגאָנעס זענען אָנגעשטיפּט מיט מענטשן, עטלעכע הונדערט, צווישן זיי אַ סך זעלנער, אָפיצירן, מיליטער־דאָקטוירים בּאַרמהאַרציקע שוועסטער און פיל פּריוואַטע פּערזאָנען, די אַלע ווילן צוקומען צו מינסק, אין זייערע אָפּטיילונגען, צו זייערע קרובים... און עס קאָן זײַן, אַז מינסק איז שוין בײַ די דײַטשן, מען פאָרט אין דער אומבאַוווסטקייט... מען פאָרט, ניין! מען שלעפּט זיך, אַ שעה געפאָרן און צען שעה געשטאַנען...

שוין דער דריטער טאָג און מען איז נאָך איצט בײַ וויאַזמע, קיין דריטל וועג נאָך נישט געמאַכט. ענג, שמוציק אין די וואַגאָנעס. מענטשן זענען נישט אויסגעשלאָפן. מענטשן זענען צעקנייטשט געוואָרן, ווי די עופות אין שטייג... נאָר דער עיקר: עס האָט אָנגעהויבן אויספעלן צום עסן. דער הונגער, דער אמתער הונגער האָט גענומען פּייניקן. קיינער האָט זיך נישט גערעכט, אַז דער וועג וועט אַזוי לאַנג געדויערן און האָט זיך אָנגעגרייט עסן אויף אַ מעס־לעת און אין צוג זיצט מען שוין דעם דריטן טאָג.

עסן... מענטשן ווילן עסן. יעדער איינער פאַרמאָגט עטלעכע

רובל אין זיין קעשענע, נאָר געלט איז דעמאָלט ווערט מען זאָל עס שעצן, ווען פאַר דעם געלט באַקומט מען עפּעס און דאָ אויפן אָרט איז גאָרנישטאָ. אַ לאַנד איז ליידיק, פּונקט, ווי אַ היישעריק וואָלט דאָ דורכגעגאַנגען.

קויפן עסן... ווו? ווען? די קליינע און גרעסערע וואַקזאַל־בופעטן זענען אויסגעליידיקט, און גאַנצע מחנות זענען דאָ פאַר־ביי געגאַנגען היימלאָזע; גאַנצע משפחות, זיידעס מיט אייניקלעך; מען האָט מיטגעפירט קי, שעפסן, חזירים; אויפן וועג האָט מען עס געשניטן און געפרעסן, דער וועג באַ די רעלסן איז פאַרזייעט מיט אַזעלכע רעשטלעך פון די בהמות; אַ נאַסע בלוטיקע פעל פון אַ קו, הערנער, געדערים, קראָען טראָגן זיך איבער דעם — זייער יום־טוב.

די מענטשן זענען אַנטלאָפן פון חורבן, פון פייער און שווערד. זיי האָבן אויסגעקויפט אויפן וועג יעדער שפּייז און ווער עס האָט קיין געלט נישט געהאַט האָט גענומען רויבן.

די אַרומיקע פּויערים האָבן דערפאַר אַלץ באַהאַלטן, באַ־גראָבן אין דער ערד, אין די וועלדער... און איצט פאָרן מיר הונגעריקע. מיר ווילן קויפן, מיר ווילן באַצאָלן, אָבער קיינער וויזט זיך נישט מיט אַ ברייטל.

אַ גרויסע הילפלאָזיקייט האָט זיך געלייגט אויף עטלעכע הונדערט מענטשן. מענער, זעלנער און שוואַכע פרויען, אַלע זענען מאַכטלאָז...

דער צוג שטעלט זיך אָפּ און שטייט שעהן לאַנג צווישן ליידיקע פעלדער און שווייגנדיקע וועלדער. דער טרוקענער האַרבסט גלאַנצט מיט גאָלד און בלויקייט פון הימל. די מענטשן קריכן אַרויס פון די וואַגאָנעס, מען קוקט זיך אַרום, מען פילט זיך אָפּגעריסן פון דער וועלט, מען פילט דעם הונגער. אַנדערע וויצלען זיך נאָך דערביי:

— מיר וועלן דאָ אויסשטאַרבן...

נאָר מען שטאַרבט נישט אַזוי גיך. דער צוג שלעפּט זיך ווייטער. אפשר? אפשר וועט מען עפּעס געפינען אויף דער נאָענטסטער סטאַציע... מען לעבט מיט האָפנונג.

און אַרום די פעלדער די נאַקעטע זענען אַזוי שטיל, דאָרט, ווו קיין פגר ליגט נישט, דאָרט איז אַפילו קיין קראָ נישטאָ...
מען זוכט מיט די אויגן, מען שרעקט זיך שוין אויף אַן אמת.

אויף דער נאָענטסטער סטאַציע באַגעגנט מען אַ גרויסן צוג, אַ צוואַנציק וואַגאָנעס מיט פאַרחוּנדעטע מענטשן, אַן הענד און אָן פיס, שטיקער וואַטע פאַרבלוּטיקטע וויקלען זיי איין; רויטע, ווייסע לענטעס פון מערלע הענגען אַראָפּ... און שוועסטערן באַקלאָגן זיך, אַז פאַר די קראַנקע איז נישטאָ וואָס צו עסן.
איין זיפץ באַגעגנט דעם צווייטן און מען גייט זיך פונאַנדער . . .

אין מיין וואַגאָן פון דריטן קלאַס איז געווען אַ יידישער בחור, אַ נידעריקער, אַ דאַרער. די קליידער זענען אויף אים געהאָנגען, קענטיק, נישט אויף זיין מאָס געניייט. די דאַרע האַנט איז שטענדיק אַריינגעלאָפן אין לאַנגן אַרבל, ווי פון מורא פאַר וועמען. דאָס צעקנייטשטע בגד האָט צוגעדעקט אַ צעקנייטשטן קערפער; די גרוי-ברוּדנע באַרשט-האָר האָבן איינגעהילט אין יאוש אַ יונג פנים, און אָט ווען דער הונגער האָט זיך אָנגעהויבן, ווען דער צוג איז איינמאָל געשטאַנען אַ לענגערע צייט אין מיט פעלד, איז דער בחור אַרויס פון וואַגאָן און איז אַוועק איבער די פעלדער, הינטער דעם וואַלד, אַוועק און אָפּגעזוימט זיך אַ צוויי שעה . . .

קיינער האָט אים נישט נאָכגעקוקט. וועמען איז ער אָנגעגאַנגען? פעלד, הפקר. — ווו איינער וויל זאָל ער גיין.
ווי איבערראַשט זענען אָבער אַלע געוואָרן, ווען דער בחור איז צוריקגעקומען.

ער איז געקומען נישט אַליין, מיט אים האָבן געשפּרייזט נאָך עטלעכע מענטשן, פּויערים. דער בחור און די פּויערים האָבן געטראָגן גרויסע לאַבעס ברויט, קעז, רעטעכער.
— וואָס? ווי?
ער איז אַוועק זוכן אַ דאָרף און געפונען.
ער האָט גענומען איינרעדן די פּויערים, זיי זאָלן אַרויסטראָגן

עסן פאַר די הונגעריקע פּאַסאַזשירן פון אַ פאַרשלעפּטן צוג, זיי האָבן נישט געוואָלט הערן פון דעם.

אָבער דער בחור איז נישט אָפּגעטרעטן. געווען אַזאַ, וואָס האָט געקענט ווירקן אויף אַ צווייטן. ער האָט איינגערעדט די פּויערים:

די פּאַסאַזשירן זענען נישט קיין שלעכטע מענטשן, זיי וועלן פאַר אַלץ באַצאָלן.

און מען האָט זיי פאַר אַלץ באַצאָלט.

און דער בחור איז געוואָרן דער העלד פון דער שעה. דער בחור איז געוואָרן אַ וווּנדער-מענטש, אַ מזיק, אַ פאַרזאָרגער פון כּלל. אָבער די אמתע וווּנדער האָט ער ערשט גענומען באַווייזן. עס קאָן זיין, ווען אַ צווייטער וואָלט זיך צו דעם גענומען, וואָלט יענער אויך געוויזן די זעלבע וווּנדער. נאָר ער איז געווען דער ערשטער. אויף אים האָט מען זיך פאַרלאָזט, אים האָט מען אָנפאַרטרויט.

איצט איז די זאַך שוין צוגעגאַנגען אַנדערש: ווי נאָר דער צוג פלעגט זיך אָפּשטעלן אויף אַ לענגערע צייט, פלעגט "אונזער פאַרזאָרגער זיך אָנועקלאָזן זוכן פּראָוויאַנט פאַר אונז. ער פלעגט שוין נישט גיין אַליין. צוויי אָפּיצירן האָבן אים מיטגעגעבן זייערע אָרדינאַנסן. ער פלעגט קומען אין אַ דאָרף און זיך בע-מען אַגיטירן, אויסבעטן און אויסבעטלען בײַ די פּויערים אַלדאָס גוטס: אייער, קעז, פּוטער. און שוואַרצע ערדישע קריגן מיט מילך פלעגן זיי ברענגען. געלט פלעגן מיר פריער צונויפזאַמלען צווישן זיך און אַז ער פלעגט ברענגען דאָס עסנוואַרג, פלעגט ער באַלד אָפּגעבן אַ חשבון, וויפיל יעדע זאַך קאָסט. קיינער פלעגט נישט וועלן הערן דעם חשבון, אַלע האָבן געוואָלט עסן; נאָר ער לאָזט זיך צו קיין זאַך נישט צורירן.

— אַ חשבון.

דערנאָך פלעגט מען זיך נעמען צעטיילן דאָס שפּייז; זאָט איז מען נישט געוואָרן, ווייל פון דער פרישער פעלד-לופט און פון ליידיק אַרומגיין האָט זיך דער אַפּעטיט ביי אַלעמען פאַר-

טאַפּלט, מען איז אָבער גערעטעוועט. געוואָרן פון הונגער און נעראַטעוועט אַלע האָט איינער אַ יידל:

— פאַר אַ מיניסטער דאַרף מען אים מאַכן!

— אורא! קאַטשאַט יעוואָ!

און מען האָט אים גענומען האַצקען, הייבן אין די לופטן, און וועד? רוסישע אָפיצירן האָבן געהאַצקעט אַ יידישן, דאָרן יונגנמאַנטשיק... גערופן האָט מען אים: „דאָראָגאָי יעווריטשיק"!

און ער האָט זיך אַלץ מער געפלייסט, ווי דאָס וואָלט גע־ווען זיין באַרוף, זיין גרעסטער ציל אין לעבן. דאַכט זיך, אַז ער אַליין עסט גאָרנישט, נאָר ער האָט איין זאָרג: מענטשן זענען הונגעריק, מען דאַרף זיי זאַט מאַכן. אים האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען צוקער, טאַבאַק און איינמאָל האָט ער געבראַנגט אַ פּויער מיט אַ וואָגן. אויפן וואָגן זענען געלעגן אַ שטיק צען געשאָכטענע גענז. באַפלעקט די ווייסע פעדערן מיט פרישן בלוט. און עס איז געווען אַ קאָמיש בילד, ווי אַלע פרייען מיט די מענער האָבן אָפּגעפליקט די גענז, און פריער האָט מען געמאַכט און געבאַקן די גענזעלעך. דער יונגערמאַן איז אַרומגעגאַנגען אַ רויקער אַ שטאָל־צער און האָט זיך נישט צוגעהערט צו די קאָמפּלימענטן. פון אַלע זייטן האָט זיך צו אים געטראָגן אַ האַרציקער: „מאַלאַ־דיעץ"!...

ער האָט געקוקט אויף אַלע מיט גוטע און דאָך מיט אַביסל אָנגעשראָקענע אויגן. ער איז צעטומלט געווען פון די גוטע ווערטער, וואָס די מענטשן שענקען אים.

דאָס האָט געדויערט לאַנג, פינף, זעקס, זיבן טעג. דער דאַרער בחור, דאַכט זיך, איז פולער געוואָרן, זיכערער ביי זיך, ענערגיש ביז גאָר, רויק, קאָנצענטרירט... ער האָט געהאַט אַ ציל: זאַט מאַכן הונגעריקע מענטשן...

ווען ער פלעגט אוועקגיין, פלעגן מיר אים לאַנג אויסקוקן. ווי מען קוקט אויס משיחן, יידן זענען געווען אין דעם צוג גע־ציילטע און די מאַסע קריסטן זענען פשוט אַנטציקט געוואָרן פון דעם דאַרן יונגנמאַן. ער האָט אַ סך אויפגעטון, ער האָט טאַקע אַ וווּנדער באַוויזן. מען האָט זיך שוין גענומען צוגעוויינען צו דער

לאַגע, מען האָט זיך שוין אויפגעהערט צו שרעקן: דער פאַר־וואָרגער וועט פאַרזאָרגן.

איינמאָל איז ער צוריקגעקומען מיט די צוויי דינע אָרדי־נאַנסן, און דער עולם האָט אים ווידער באַגריסט מיט א „הורא!" דאָס מאָל האָבן אַלע געקייכט פון געלעכטער, ער איז געגאַנגען פּאַראַדיס און די צוויי סאָלדאַטן נאָך אים, יעדער איינער פון זיי האָט געטראָגן אַ לעבעדיק חזירל. די חזירים האָבן זיך געראַנגלט אין די שטאַרקע הענט און געקוויטשעט...

ער האָט געהאַנדלט, איינגעהאַנדלט צוויי „קוויטשערס". זיי, די קריסטן, וועלן זיך מיט זיי אָן עצה געבן... נאָר ווען מען האָט באַם ערשטן חזיר גענומען רויבן זיין ביסל לעבן, האָט עס אַזוי גענומען קוויטשען אין הימל אריין... דער דאַרער בחור האָט נישט אויסגעהאַלטן און זיך באַהאַלטן אין וואַגאָן. דער עולם האָט גוט־מוטיק געלאַכט פון „דאָראָגאָי יעווריטשיק".

די לופט איז טרוקן געוועזן און ליכטיק. מענטשן האָבן שפּאַצירט אויף די רעלסן, אין וואַלד אַריין. פאַרנאַכט פלעגט מען זיך אויסזעצן אַרום די וואַגאָנעס און זעלנער פלעגן זינגען רוסישע לידער, פון וועלכע ערד און הימל וועלן טרויעריק און ערנסט. די זון פלעגט רויט פאַרגיין און די רויטקייט פון הימל פלעגט דערמאָנען מלחמה און צעשטערונג.

מען האָט געוואַרט מיט געדולד, מען האָט זיך שוין נישט געבייזערט, וואָס דער צוג שלעפּט זיך ווי אַ לאַנגזאַמער גיהנום, אַזוי באַדאַרף זיין.

מענטשן זענען טעמפּ געוואָרן. איין פאַרלאַנג איז גע־בליבן „עסן", און פאַר דעם האָט מער פאַר אַלעמען געזאָרגט אַ דאַר אומבאַוווסט יידל. קוקנדיק אויף אים האָט מען געמעגט טראַכטן, אַז דער יונגערמאַן ווייסט וואָס עס איז הונגערן. אפשר דערפאַר האָט ער אַזוי מיטגעפילט אַלע.

עס איז געקומען די שעה, ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז עס נעמט שוין אַ סוף צו דער רייזע. אין אַ האַלבן טאָג, אין די באַנאַכטיקע שעהן וועלן מיר שוין זיין אין סמאָלענסק

און דאָרט וועט מען שוין באַקומען צו עסן און פון דאָרט וועט דער צוג שוין גיין נאָרמאַל...

מענטשן האָבן אויפגעלעבט, מען איז זאַט געוואָרן מיט דער־דאָזיקער בשורה.

דער פּאַסאַזשיר... עס האָט אויסגעזעען, ווי ער וואָלט אומעטיק געוואָרן. אָבער ער האָט נאָך נישט געענדיקט, ער האָט געבראַכט אַ ביסל קאַרטאָפל — באַם שאָסיי־וועכטער געקויפט פאַר זיינע אייגענע גראָשנס...

דער צוג שטייט לעבן אַ וואַלד, ברענגט ער שפּענדלעך מיט קאָרע, מאַכט פייער און נעמט באַקן די קאַרטאָפלעס. פאַר וועמען? פאַר אַלעמען. ווער עס וועט וועלן, דער וועט נעמען.

צוערשט באַשעפטיקט ער זיך אַליין מיט דעם...

באַלד קומט צו אַ זעלנער, אַ צווייטער, אַ דריטער און יע־דער איינער פון זיי באַמיט זיך דאָס פייער זאָל בעסער ברענען און יעדער איינער פון זיי דרייט אויס די קאַרטאָפל, זיי זאָלן זיך גוט באַקן...

אַזוי פיל הענט פאָרען זיך אַרום דעם שייטער. מען האָט שוין פאַרגעסן ווער עס האָט געבראַכט די קאַרטאָפל, ווער עס האָט פייער געמאַכט און צווישן די אַלע זעלנער און קריסטן פּלאָנטערט זיך דאָס יידל, ער האָט שוין באַלד קיין פּלאַץ נישט פאַר זיך. און פּלוצלינג הערט זיך אַ קול, אַ בייז אָפּ־שטויסנד קול:

וואָס פּלאָנטערט זיך דאָס יידל דאָ אַרום? אומעטום זענען זיי פאַראַן...

איינער לאַכט, דער צווייטער שמייכלט און די איבעריקע נעמען שוין פאַרזוכן די געבאַקענע קאַרטאָפל.

דער בחור דער יידישער טראָגט זיך אָפּ פון פייער. ער פאַררוקט זיך אין אַ וואַגאָן און ער טראַכט, אַז היינט באַנאַכט וועט מען שוין זיין אין סמאָלענסק. ער טראַכט, אַז מענטשן האָבן שוין דערפילט די נאָענטקייט פון דער היימס...

זיי האָבן שוין דערפילט די זאַטקייט...

# אונזער באַשיצער

פון די פינף צימערן האָט מען אונז אָפּגעגעבן צוויי, און אין די איבריקע דריי האָט זיך איינגעאָרדנט דער שטאַב פון אַ רויטער דיוויזיע.

דאָס פאָרפאָלק, ווו איך האָב געלעבט אין קיעוו, האָט זיך גענומען איין צימער און מיר, צוויי קוואַרטיראַנטן, האָבן זיך אויך װי עס איז אַן עצה געגעבן אין לעצטן חדר. קיין בעט איז נישט געווען, בין איך געשלאָפן אויפן טיש, ענגשאַפט, האַלב-הונגער, די אַלע זאַכן זענען געווען קלייניקייטן — ס'איז דאָך עפּעס אַ וועלט-איבערקערעניש — מוז יעדערער ברענגען אַ קרבן... נאָר אונזערע נייע שכנים באַלעבאַטים זענען נישט געווען קיין גרויסע אידעאַליסטן, געוועזענע צאַרסקע אונטער-אָפיצירן זענען זיי איצט געוואָרן קאָמאַנדירן און זיי האָבן געהערשט ווילד, אַנאַרכיסטיש, שטענדיק געשטורעמט קעגן אונז. אונטער דעם ערשטן איינדרוק פון אַן אַלטער פלאַש וויין — אין קיעוו האָט מען אַלע ווײַן-קעלערן אויסבעליידיקט.

באַ דער טיר איז געשטאַנען אַ כינעזער און האָט קיינעם נישט אריינגעלאָזט. מיר האָבן באַקומען ספּעציעלע, געשריבענע דערלויבענישן. מיר פלעגן זיך אין אונזער היים אַריינגנבענען, ווי פרעמדע און רעדן פלעגן מיר שטיל, שפּריין שטיל, צוהערן זיך, וואָס „דאָרטן" אין די איבריקע צימערן קומט פאָר. צי מען איז שוין שטאַרק באַגלעזלט, דערהערט זיך פלוצלינג אַ קנאַק, ווי אַ שאָס — דאָס האָט אַ פּראָפּן אויסגעשאָסן פון אַ פלאַש. זיי האָבן געהאַט אַ סך פלעשער מיט וויין. מיר האָבן אייגנטלעך נישט גוט פאַרשטאַנען, וואָס דאָרט איז אין יענע חדרים: צי דאָס איז אַ מיליטער-שטאַב, צי אַ שענק, צי גאָר אַ האַנדלס-

הויז; ווייל מען האָט געהאַלטן אין איין טראָגן פעקלעך אהין, אריין און ארויס; קאַסטנס מיט טאַבאַק, טייערע פעלצן, בגדים, טשעמאָדאַנעס, זעק מיט חפצים. איינמאָל האָט מען געבראַכט א האַלב טיץ גראַמאָפאָנען און עס האָט זיך אָנגעהויבן מוזיק. אין דער פרי, באַטאָג, באַנאַכט, עס האָט געגרילצט הינטער דער וואַנט; איך האָב זיך דעמאָלט א סך מעלאָדיעס אויסגעלערנט.

זעקס גראַמאָפאָנען האָט מען געבראַכט און די סאַמאָדורן האָבן נישט אַנדערש געוואָלט, אַז אַלע זעקס גראַמאָפאָנען זאָלן שפּילן צוזאַמען, זעקס באַזונדערע פּליטן: א קאָנצערט, טאַנץ, א קופּלעטיסט, א חזן און נאָך עפּעס א ווילדעניש... אַלע זעקס שפּילקאַסטנס האָבן געגרילצט און פאַרטויבט א וועלט און די זעלנער האָבן פון דעם געהאַט די אמתע הנאה: א כּפּרה א בעטהאָווען.

מיר האָבן געמוזט שווייגן און ווען די לייט פון שטאַב האָבן געלאַכט, האָבן מיר מיטגעלאַכט, ס'איז געווען גלייכער פאַר אונז מיטצולאַכן.

א גליק נאָך, וואָס זיי האָבן אונז נישט געהייסן טאַנצן, מיר וואָלטן געפאָלגט.

דער קאָמאַנדיר אַליין האָט זיך גערופן מאַסלאָוו, א דרייסיק-יעריקער מיט א בלייך שלעכט פּנים, מיט קליינע וואָנסעלעך און נאָך קלענערע אויגן. א שלעכטער מענטש פון דער נאַטור, א געוועזענער אונטער-אָפיציר, אָן בילדונג, אָן אינטעליגענץ, איז ער איצט געווען כמעט דער גאַנצער באַלעבאָס פון קיעוו. מיר האָבן אים געהאַט פאַר א שכן; א גרויסער כּבוד, נאָר א גאַנץ קליינער טרייסט.

ער פלעגט פאַרבייגיין אונזערע צימערן און קוקן אויף אונז מיט אַזעלכע בליקן, וואָס האָבן שווייגנדיק גערעדט:

— איר פאַרשאָלטענע בורזשויען, מיר וועלן די הויט פון אייך אָפּשינדן.

און אַזאַ בורזשוי,' ווי איך, פלעג זיך איינציען און דריי מאָל קלענער ווערן פון זיין בליק.

ער האָט געהאַט מיט זיך זיין פרוי, א הויכע, א שיינע, א

גוטמוטיקע און אַ באַשיידענע. זי וואָלט גערן געוואָלט זיצן אין דאָרף פונדאַנען זי איז געקומען; נאָר ביסלעכווייז האָט זי זיך אויסגעלערנט טרינקען און קליידער האָט זי ליב באַקומען; יעדן טאָג פלעגט זי בייטן אַן אַנדער מאַנטל.

ער האָט געהייסן „טאַוואַרישטש מאַסלאָוו״ און זי „מאַדאַם מאַסלאָוואַ״. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט.

מענטשן פון דאָרף מיט באַגריפן פון דאָרף. נאָר די טייערע פלעשער וויין האָבן גיך פאַרברענט די דאָרפישע באַגריפן און איצט האָבן זיי געהאַט משונהדיקע פאַרלאַנגען, וועלכע ה בן זיך געביטן יעדע שעה. זיי האָבן נישט געוווּסט אין וועלכע קליידער זיך איינוויקלען, וועלכע עסנס פאַרזוכן. זיי האָבן דאָ געהאַט פערד, אויטאָמאָבילן, פלעגט מען פליען ווילד איבער די שטאָט און גלאָצן אויף אַלץ מיט די אויגן און זוכן, שטענדיק האָבן זיי עפּעס געזוכט... און קיינעם נישט געגלייבט און אַלץ און אַלעמען געשאָלטן.

שוין געווען מיט איינמאָל אַ ליב לעבן.

די לאַגע אונזערע איז יעדן טאָג שווערער געוואָרן. באַטאָג — טומל, באַנאַכט — שיכּרות, געזאַנג, געשרייען, קלעפּ. זיי האָבן זיך געשלאָגן צווישן זיך.

באַ די שכנים פון אַלע גאָרנס האָט מען געמאַכט רעוויזיעס און קאָנפיסקירט דאָס ביסל האָב און גוטס.

און צו אונזער אומגליק האָט מען באַ אונז אויפן בוידעם געפונען אַ ביקס. עס האָט נישט געהאָלפן די תּענות, אַז די ביקס האָט בעלאָזט אַ פּעטלוראָוועץ, וועלכער האָט פריער געלעבט אין זעלבן הויף; עס האָט גאָרנישט געהאָלפן.

מיר, אַלע שכנים זענען געווען אונטערן גרעסטן פאַרדאַכט. קיין אויג האָט מען פון אונז נישט אַראָפּגעלאָזט...

אָבער ביסלעכווייז האָט מען זיך באַרויקט, ווייל מיר האָבן געפונען אַ טייערן באַשיצער. מיינע בלעבאַטים האָבן געהאַט אַ דריי־יעריק קינד, אפשר דאָס שענסטע קינד פון שטאָט, אַ מאַטבּרוין פּנימל מיט בלויע אויגן און גרויסע ברעמען, ווי באַ אַ דערוואַקסענעם מענטש.

ראַמעק — האָט ער געהייסן. און אַז ראַמעק פּלעגט גיין מיט דער ניאַניע שפּאַצירן האָבן אַלע געקוקט און באַוווּנדערט — אַ שיין קינד.

און צוליב דעם ראַמעקן זענען מיר נצול געוואָרן פון אַ סך צרות.

אַ קינד איז ווי אַ טויב און מענטשן זענען דאָך סוף-כּל-סוף נישט קיין קראָען, זיי ווילן עס נישט טון קיין שלעכץ. מענטשן פאַרהאָרוועטע פון אַחוריות, בייזע, צעטומלטע פון דער מאַכט, וואָס איז אויף זיי אַראָפּגעפאַלן, — אַ קליין יאַטל מיט בלויע אויגן האָט אויף זיי געווירקט מער, ווי אַלע געזעצן פון מענטשלעכקייט.

אין דעם ערשטן טאָג, ווען די באָלשעוויקעס זענען אָנגעקומען, ווען דער קוואַרטיר-מייסטער איז געקומען באַקוקן אונזערע וווינונגען צי עס פּאַסט פאַר אַ „שטאַב", האָט שוין דעמאָלט ראַמעק באַוויזן, וואָס ער קאָן. דער קוואַרטיר-מייסטער איז געווען אַ הויכער, מיט אַ גרויסער „פּאַפּאַכע" אויפן קאָפּ. ער איז אַריין מיט פאַרשנייטע שטיוול און פאַרפּאַטשקעט די פּאָדלאָגע. ראַמעק איז צוגעקומען מיט זיינע בלויע אייגעלעך:

— נעם אַראָפּ דאָס היטל. ס'איז נישט שיין...

דער גרויסער קאַצאַפּ האָט אַ שמייכל געטון:

— איך בין אַ מיליטער-מאַן, דער מענטש האָט גענומען אַנדערש קוקן און אַנדערש רעדן. און דער קליינער ראַמעק גיט זיך נישט אונטער:

— נעם אַראָפּ דאָס היטל, אין שטוב גייט מען אָן אַ היטל און די פיס ווישט מען אָפּ!

דער קוואַרטיר-מייסטער האָט געלאַכט און לאַכנדיק האָט ער דאָס היטל אויסגעטון און די פיס אָפּגעווישט.

שפּעטער, ווען דער שטאַב איז אָנגעקומען און מאַסלאָוו מיט זיין ווייב און מיט זיינע אַדיוטאַנטן האָבן זיך באַזעצט בא אונז, האָבן זיי ביסלעכווייז שטאַרק ליב באַקומען דעם קליינעם ראַמעקן און דאָס יאַטל האָט אַזוי ווי דערפילט זיין ראָל: בא

יעדן געשריי, באַ יעדער בייזקייט פון זייער זייט פלעגט ער זיך אַרויסרוקן אין פראָנט און ראַטעווען די סיטואַציע.

אינדערפרי פלעגט ער אַריינגיין צו זיי אין די חדרים און אָפּגעבן זיין „גוט־מאָרגן”, פלעגט אַלעמען דערלאַנגען זיין פוכיק הענטל און הויך אַרויסשרייען: „זדראַסטוויטיע!” זיי פלעגן פון אים קוועלן.

איינמאָל אינאָווענט, בעת מיר האָבן געגעסן אונזער אָרימע „וועטשערע”, איז אַריינגעקומען דער כינעזער און אונז דערלאַנגט אַ פּאַפּירל, אַ באַפעל פון „טאָוואַרישטש מאַסלאָוו”. מיר האָבן איבערגעלייענט אַזעלכע שורות: „איך, מאַסלאָוו, קאָמאַנדיר און טאָוואַרישטש, איך זיץ דאָ מיט מיינע אַדיוטאַנטן און מיר טרינקען טיי, האָט זיך אונז פאַרשמעקט קאָנפיטורן, דעריבער פאַרלאַנגען מיר, איר זאָלט אונז גלייך אַריינשיקן פון דעם בעסטן!”

מיר האָבן זיך איבערגעקוקט און ביטער געשמייכלט.

מען מאַכט פון אונז חוזק? ניין! מאַסלאָוו מיט זיינע חברים האָבן עס געמיינט ערנסט, זיי טרינקען טיי, נאָר פאַר דער טיי האָבן זיי געטרונקען וויין און וויין מאַכט מענטשן ערנסט, ערנסט ביז נאַר, אַזוי ערנסט, אַז עס פאַרגלוסט זיך קאָנפיטורן.

און מען שרייבט אַ צעטעלע צו די בורזשויען — מיר האָבן האַרט ברויט געגעסן. און ווו נעמט מען קאָנפיטורן פאַר די מאַכט־מענטשן?

מיר האָבן געשיקט די דינסט זאָגן, אַז מיר האָבן נישט קיין קאָנפיטורן, האָבן זיי די דינסט אַרויסגעטריבן; איז געגאַנגען דער באַלעבאָס, איך בין געגאַנגען...

עס האָט געַרנישט געהאָלפן. מאַסלאָוו האָט געקוקט מיט קרומע אויגן פון כעס און אויסגעשריגן:

— וואָס זענען דאָס פאַר אַ בורזשויען, וועלכע האָבן נישט קיין קאָנפיטורן!

— מיר זענען טאַקע נישט קיין בורזשויען, — האָב איך געענטפערט.

האָט ער צו מיר אַ געשריי געטון:

— וואָן! — און איך האָב גלייך געפאָלגט.

מיר האָבן זיך געגרייט צו אַ שטורעם, מיר זענען געווען אָנגעשראָקן. פּלוצלינג האָט זיך איינער פון אונזערע אָנגערופן:

— זאָל גיין ראָמעק, אפשר וועט ער זיי מילדערן.

און ער איז געגאַנגען, דער דריי־יעריקער. ער האָט אריינגעלייגט אַ פינגער אין מויל און זיך אריינגערוקט אין „שטאַב".

מיר זענען געשטאַנען הינטער דער טיר און זיך צוגעהערט, ווי ער האָט אַרויסגערעדט:

— יעי באָגו, ניעט וואַרעניאַ.

זיי האָבן דערזעען דאָס יאָסל און זיי האָבן זיך גענומען שפּילן מיט אים. זיי האָבן פאַרגעסן, וואָס זיי האָבן פריער געוואָלט. דער סוף איז געווען אַזאַ: ראָמעק איז צוריקגעקומען מיט אַ האַלב פלעשל „רום", וואָס דער קאָמאַנדיר האָט געשיקט פאַר די „בורזשויען".

און אַזוי כּסדר. דאָס דריי־יעריקע קינד האָט געמילדערט די בייזע מענטשן, וועלכע האָבן אליין נישט געוווּסט, וואָס זיי האָבן געוואָלט.

אַוועק אַ ביסל צייט רויק און ווידער אַ געשעעניש: בײַנאַכט איז מאַסלאָוו אַריין אין קיך, די דינסט האָט געמאַכט אַ געוואַלט, האָבן מיר זיך אַלע אויפגעכאַפּט און איינער פון אונז האָט גראָב אויסגעזידלט דעם דיוויזיע־קאָמאַנדיר.

ער האָט געשוויגן.

אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום, אין מיטן נאַכט, איז מען אונז באַפאַלן, אויפגעוועקט אַלעמען פון שלאָף.

אַ רעוויזיע, אַ שטרענגע רעוויזיע.

מען האָט אַלעמען אַראָפּגעשלעפּט פון די געלעגערס, מען האָט גענישטערט און געזוכט אין יעדן ווינקעלע און דערבײַ האָט איינער אַ זעלנער מיט אַ דיק פּנים געשריגן:

— איר וועט אַלע אַרעסטירט ווערן, דערשאָסן ווערן!

פאַרוואָס? מיט וואָס האָבן אַלע אַזוי פּלוצלינג זיך פאַרזינדיקט?

מען האָט געזען אין דעם מאַסלאָווס נקמה און מען האָט גאָרנישט געקאָנט העלפן.

פּלוצלינג איז דער קליינער ראָמעק אַראָפּגעשפּרונגען פון

געלעגער מיט זיין לאַנג-לאַנג העמדל, וואָס האָט זיך געצויגן ביז דער ערד. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער פּאָזע פֿון אַ קעמפּער, אַ קלאַפּ געגעבן מיט זיין באָרוועס פֿיסל און אויסגעשריגן:

— פֿאַרוואָס לאָזט איר אונז נישט שלאָפֿן?

אַלע האָבן זיך אומגעקוקט, עטלעכע האָבן גענומען לאַכן, און אַ געלעכטער כאַפּט זיך אַריין אין אַ וויסטער נאַכט אין אַן אָנגעשראָקענער שטוב, ווירקט עס אויף אַלע, אויף אַלעמען.

ער איז געשטאַנען, ווי אַ ווייס גוט מלאכל און מיט קאַפּריז, מיט ברוגזקייט געוואָרט אויף אַן ענטפֿער.

— פֿאַרוואָס לאָזט איר אונז נישט שלאָפֿן?

די רעוויזיע האָט זיך געענדיקט מיט חסד, מען האָט אונז אַלעמען צורו געלאָזט.

מיר האָבן אַלע געפֿילט, אַז מיר האָבן דאָס צו פֿאַרדאַנקען דעם קליינעם גוטן ראַמעק...

# אַ טאָג פון לעבן

פינף אַ זייגער פאַרטאָג וועקט מען אונז. אַ שניידיקער פייף גייט דורך די גרויע קאַזאַרמע און מיטאַמאָל נעמען זיך באַוועגן הענט און פיס פון עטלעכע הונדערט זעלנער. מען שפרינגט אַראָפּ פון די נאַרעס און מען לויפט צו דער שוועל...

מיט די זעלנערישע שטיוול אין דער רוסישער קאַזאַרמע איז געווען אַ מאָדנע זאַך, אַ וווּנדער-זאַך: צווישן נאַרעס, אין דורכגאַנג זענען געלעגן די שטיוול אין פיר באַזונדערע בערגלעך פיראַמידעס און אין דער פרי, באַם פייף פלעגן די זעלנער זיך אַ וואָרף טון אויף די בערגלעך, און אויגנבליקלעך, מאָמענטאַל פלעגט יעדער זעלנער זיינע פּאָר שטיוול געפינען. אין דער פינצטערניש האָט עס באַדאַרפן זיין גאָר שווער. איך האָב אַ סך געטראַכט וועגן דעם, ביז איך בין געקומען צום באַשלוס, אַז יעדער איינער געפינט זיינע שטיוול לויטן... ריח.

אויפגעשטאַנען, אַרויפגעוואָרפן אויף זיך שנעל די בגדים און מאַרשיר אַרויס פון קאַזאַרמע.

וואַשן זיך... וואַשן זיך האָט מען געמוזט אויפן הויף, אַזאַ באַפעל איז געווען. אויפן הויף זענען געשטאַנען פעסער מיט וואַסער, יעדער זעלנער האָט געהאַט זיין קענדל...

אָבער נישט אַלע פלעגן שעפּן וואַסער מיטן קענדל. אַ סך פלעגן אַריינרוקן דעם קאָפּ אין פאַס אַריין און אַזוי געפליכטשעט.

איז דאָס געווען נישט היגיעניש. אַ סך זעלנער האָבן געהאַט פאַרשידענע קרענק, האָט מען געמוזט קעמפן מיט זיי, זיי זאָלן זיך וואַשן מיט די קענדלעך, און אַז עס האָט נישט גע-

האַלפן, זענען די עלטסטע געפאַלן אויף אַזאַ המצאה. מען פלעגט אַ זעלנער, וועלכער האָט נישט געפאָלגט, אַריינגיסן אין קאַרק אַריין אַ קאַלט ביסל וואַסער, אין גרעסטן פראָסט אפילו...

יענע באַגינענס, יענע פינצטערע פרימאָרגנס, זיי לאָזן זיך נישט פאַרגעסן. אַ שווייגעדיקע בייזקייט פלעגט אונדז אַלעמען שמידן. מיר פלעגן שטיין נישט אויף אונדזערע פיס און רעדן נישט מיט אונדזער צונג. בייזע מאַנעקענס זענען מיר געווען, נאָר אונדזער בייזקייט פלעגט זיך אונטערגעבן אַ צווייטער בייזקייט: דער זוואַדנע פלעגט קריצן מיט די ציין און יאָגן, יאָגן...

יעדן באַגינען פלעגט אַן אַנדערער זעלנער מוזן צוגרייטן הייס וואַסער, אָבער אַזאַ זעלנער האָט נאָך געמוזט אויפשטיין פריער פאַר אונדז. ער האָט געמוזט ברענגען האָלץ, אָפּשאַרן דעם שניי פון טיי־קעסל, וועלכעס איז געשטאַנען אויפן הויף, צעשמעלצן דאָס צום טויט־פאַרפרוירענע וואַסער...

אין פאַרלויף פון אַ ווינטער האָבן מיר אפשר דריי מאָל טיי געטרונקען; ווייל דאָס וואַסער פלעגט שטענדיק אויפקאָכן ערשט דעמאָלט, ווען מיר זענען שוין געווען ווייט פון דער קאַזאַרמע, ווייט אין סטעפּ, אויף אַ גרויסן אויסגעטראָטענעם פּלאַץ.

וואָס איז דאָרט היינט אויף יענעם פּלאַץ אין דעם אוקראַאינישער סטעפּ? דער ווינט שפּאַצירט דאָרטן היינט פריי? שניי ליגט דאָרט און ווערט נישט צעטרעטן? זומער זינגען דאָרט פייגעלעך?... און אפשר איז די לופט נאָך דאָרט אָנגעזאַפּט מיט אונדזערע ביטערע זיפצן, מיט אונדזערע שטימע קללות?

ווייל אונדזערע נשמות האָט מען געטרעטן מיט שווערע שטיוול, מען האָט געוואָלט אַרויסרייסן פון אונדז אַלץ, וואָס מענלעך, אין נאָמען פון אוממענטשלעכקייט.

יענע ווילדע טעג פאַרגעסן זיך נישט.

מיר שטייען שוין אויף דער גאַס, לעבן קאַזאַרמע. מען ציילט די זעלנער, מען רופט יעדן ביים נאָמען. דאָס פּאַסירט יעדן טאָג... אָבער יעדער טאָג איז נישט גלייך צום היינטיקן טאָג. היינט איז קאַלט. אַ קעלט, וואָס קומט פון אַלע זייטן פון דער

פארפרוירענער ערד, פון גלייכגילטיקן הימל. היינט איז זייער קאַלט, עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם, עס שטעכן די פינגער.

עס איז נאָך האַלב-פינצטער. אָבער אין אונזערע נשמות איז אין גאַנצן פינצטער... ווי אַזוי? ווי וועלן מיר דאָס אויסהאַלטן אין אַזאַ קעלט? עס איז דאָך פאַרהאַן אַ געזעץ, אַז אין די גרויסע פרעסט זאָל מען מיט די זעלנער לערנען אין קאַזאַרמע...

אָבער ווו געזעץ? וועמען געזעץ? מען מוז צוגרייטן נייע ראַטעס פאַר די רומענישע פעלדער, פאַר די קאַרפּאַטן, דאָרט פאַלן יעדען טאָג טויזנטער. און מיר באַדאַרפן קומען צו פאַרבייטן די טויטע...

אַ קאָמאַנדע „סמירנאָ!" און אַ קאָמאַנדע „מאַרש!" מיר שפּרייזן און נישט גלאַט אַזוי שפּרייזן מיר, מוזיק באַגלייט אונז...

אונזער מוזיק...

דאָס טראַגיש-קאָמישע פון אונזער קאַזאַרמע-לעבן.

אונזער „מוזיק" איז באַשטאַנען פון איין זעלנער. דער זעלנער האָט געהאַט אַ קליין נעזעלע, גרויס ווי אַן אַרבעסל. אַ פּנים, אויף וועלכן מען קוקט מיט אַ שמייכל, קינדער לאַכן אויפן קול פון אַזאַ פּנים. ער איז געווען אונזער אָרקעסטער. געהאַט האָט ער אַ רוסישע האַרמאָשקע און גערופן האָט מען אים טאַקע „האַרמאָשקע."

דאָס לעבערלעכסטע איז געווען דאָס, וואָס „האַרמאָשקע" האָט אויף זיין האַרמאָשקע געשפּילט איין מעלאָדיע, איין ניגון... גאַנצע זעכצן חדשים האָב איך אים געהערט יעדן טאָג, כמעט יעדן טאָג...

פּירט מען אונז אויפן פּלאַץ לערנען זיך. "האַרמאָשקע" באַגלייט אונז און שפּילט. אין באַד אריין, פּאַקן שטעלן — אומעטום ווערן מיר באַגלייט פון דער האַרמאָשקע...

איין מעלאָדיע. פאַראַן אַזאַ רוסיש לידל: „נאָטשקאַ טיאָמנאַ".

אויף יידיש זינגט מען אויך דאָס לידל. עס קלינגט

די נאכט איז פינצטער,
איך האָב מורא...
פירט מיך אונטער
ציפּה דבורה!...

עס האָט זיך איינגעגעסן אין די ביינער ביז ברעכעניש, עס האָט געהיבלט פון דעם „אָרקעסטער".

און איצט אין שרעקלעכן פראָסט, די הענט זאָלן אים אָפּגעפרוירן ווערן... וואָס וויל ער פון אונז מיט זיין מוזיק? יעדער איינער איז געגאַנגען מיט זיין כעס. דער שניי האָט זיך געבראָכן, ווי גלאָז אונטער אונזערע פיס, דער שניי, זיין מוזיק, זייבע שניידנדיקע אַקאָרדן... עס וואָלט דאַן געווען גענוג אָן „האַרמאָשקען". און אים ווערט נישט מיאוס. אַ שד, אַלץ נישט קיין מענטש... אוי זיין מוזיק, זיין בית־עולם־מעלאָדיע...

עס איז אויפגעגאַנגען אַ שלעכטע זון. אויף איר וואַרעם פנים האָט זי אַרויפגעלייגט אַ קאַלט גלאָז און דורך דערדאָזיקער בריל האָט זי געקוקט אויף אונז מיט דער גלייכגילטיקייט פון אַ רוסישן אונטער-אָפיציר.

מיר האָבן געלערנט אין אָפענעם פעלד, ווי דער ווינט איז אַרומגעגאַנגען, ווי אַ פּילזייטיק מעסער. מיר האָבן זיך געלערנט גראָד איז אין יענעם טאָג אויסגעפאַלן זייער ווייניק צו מאַרשירן. לויטן פּראָגראַם פון פאָלק-קאָנצעלאַריע איז דעמאָלט אויסגעפאַלן דער נומער: „אָנשטעלן די ביקס". אין מיטן פעלד איז אויף אַ טרעפּל געשטאַנען אַ „פּראָבע-ביקס און יעדער זעלנער האָט געמוזט צוגיין צו דער ביקס און אָנשטעלן אַ דיסטאַנס...

— מאָכנאַ! צוויי הונדערט און פינפציק טריט, אויף יענעם בערגל.

— סאָלאָוועי! דריי הונדערט טריט, אויף ליגקס...

— מאָראָזאָוו! צוויי הונדערט טריט, רעכטס... שנעלער!

מיט נאַקעטע פינגער האָט יעדער איינער געמוזט דרייען די קאַלטע שרייפעלעך, די שפּיץ פינגער זענען פאַרגליווערט געוואָרן... די פיס זענען געוואָרן שטיקער האָלץ, אַ ביסעלע העכער פון דער קני האָט מען ערשט געפילט, אַז מען האָט אַ פוס...

איך טראַכט, אַז היינט וועט זיין אונזער סוף. מיר וועלן שוין אויף די קאַרפּאַטן נישט שפּרייזן, ווי די זשאַבעס וועלן מיר דאָ פאַרפרוירן ווערן. די זעלנער קלאַפּן מיט די פיס, מיט די הענט, זיי שפּרינגען, ווי אונטער זיי וואָלט די ערד געברענט... און אַט שטייט אַ קאַצאַפּ מיט אַ ברייט פּנים, מיט אַ גרויסער בלאָנדער באָרד. ער שטייט און וויינט, ווי אַ פיר-יעריק יאַטל. טרערן קייקלען זיך אויף זיין באָרד, אויף זיינע וואָנסעס און זיי ווערן גלייך פאַרפרוירן.

אַ גליקלעכער מענטש, ער קאָן נאָך וויינען. מיר דאַכט זיך, אַז איך בין שוין אַ שטיק אייז, אין גאַנצן אייז. נאָר עס זענען געבליבן אַ פּאָר אויגן, וועלכע זעען, ווי פון ווייטנס רויכערט אַ שטעטל, צענדליקער קוימענס לאָזן אַרויס אַזעלכע ווייסע געשלענגל־טע רויכעלעך און די רויכעלעך דערמאָנען פון וואַרעמקייט...

דעמאָלט האָב איך געפילט, וואָס דאָס הייסט קנאה, דעמאָלט האָב איך פאַרשטאַנען, וואָס דאָס הייסט אַ קללה, נאָר איך האָב קיין כוח נישט געהאַט צו שעלטן...

היינט איז עס לייכט צו דערמאָנען, דאָ אין שטאָט, אין אַ גרויסער פראָסט אַפילו, ווען מען כאַפּט זיך אַרויס אויף צען מי־נוט אויף דער גאַס... אָבער דאַן, פאַר אַ ביסל וואַרעמקייט, וואָלט איך זיך אין גאַנצן אָפּגעגעבן... אים, דעם טייוול פּעטרענקאָ. אים האָט, ווייזט אויס, די קעלט נישט גערירט. ער איז שוין געווען אַ זוואָדנע באַ אַ צוואָנציק יאָר, אַ סך אַזעלכע פראָסט האָט ער שוין דורכגעמאַכט. ער איז געשטאַנען אויפן פעלד אין אַ וואַרעם פּעלצל, די באַקן זיינע האָבן זיך גערויטלט; די אויגן, די וועל־פישע, האָבן געבליצט ווי שטעכיקע נאָדלען און ווען דער זעלנער האָט פון קעלט גענומען וויינען, האָט ער בייז געשריגן:

— באַבאַ!

נאָר אים, ווייזט אויס, איז וואַרעם געווען פון דעם, וואָס אַנדערע ליידן און ווערן לעבעדיקערהייט פון פראָסט פאַרציקט...

אַפילו שעלטן אין די געדאַנקען האָב איך דאַן קיין כוח נישט געהאַט.

און דאָס האָט זיך אויך געענדיקט, מיר זענען האַלב־טויטע

געקומען צוריק אין קאזארמע. מען האט זיך צוגעכאפט צו דער קאשע, מען האט געגעסן און געציטערט: וואס וועט זיין נאכמיטאג? וועט מען ווידער טרייבן אויפן פלאץ, צי וועט מען היינט שוין לאזן רוען? ווי א טויט-שרעק איז דאס געהאנגען איבער אונזערע קעפ.

און ווען די טיר האט זיך געעפנט...

ווען פעטרענקא איז אריינגעקומען, האבן מיר ווידער דער־פילט די פראסט, דערפילט דאס אייז אין די ג...

נאר פעטרענקא מעלדעט:

— אויפן פלאץ וועלן מיר היינט מער נישט גיין, ס'איז קאלט. דער קאמאנדיר האט באפוילן צו בלייבן אין די קאזארמעס.

פרייע און גליקלעכע האבן מיר אלע אפגעעטעמט. ווער ווייסט, ווען פעטרענקא בלייבט דא נאך א רגע, וואלט מען אים אפשר אויסגעקושט פאר דער גוטער בשורה.

ער איז ארויסגעגאנגען, און א מינוט צוואנציק זענען מיר געווען אן אים, אן זיינע וועלפישע בליקן, וואס ער פלעגט ווארפן אויף אונז...

שפעטער איז ער צוריקגעקומען און איצט שוין נישט אליין. מיט אים זענען אויך אריין אנדערע: דער פראפארשטשיק, א יונג אפיצירל, און דער אלטער פעלדפעבל מיכאילאוו... מיכאילאוו האט געהאלטן אונטערן ארעם א בוך...

אין דעמדאזיקן בוך זענען געווען פארשריבן אונזערע זינד. און אז מיכאילאוו קומט מיטן בוך, וועט מען שוין עמעצן שמייסן. אבער וועמען? יעדער איינער האט באלד א טראכט געטון וועגן זיך...

אלע האבן געציטערט.

— בראטצי! — דונערט מיכאילאוו. — איך האב אייך שטענדיק געווארנט. איצט האט זיך ווידער איינער פארזינדיקט. דמיטריעוו איז אן א דערלויבעניש אוועק אין שטאט, דארט געזעכטיקט. צען שמיץ לויטן צייטווייליקן מיליטער-געזעץ...

אזוי ווי היינט גייט מען מער נישט אויפן פלאץ, וועלן מיר דאָס איצטער דורכפירן.

מען האָט געמאַכט אַלע הכנות...

מען האָט געשמיסן אַ דערוואַקסענעם מענטש פאַר אונז אין די אויגן.

ער האָט געיאָמערט, ווי אַ קינד; און אַן אָוונט איז אוועק און אַ נאַכט איז אַוועק...

אַ קאַלטע גזלנישע פראָסט האָט געלויערט הינטער די ווענט פון אונזער קאַזאַרמע, און אינעווייניק זענען עטלעכע הונדערט נשמות געלעגן אויף די נאַרעס, ווי שעפסן,...

געשוויגן האָבן אַלע פון שאַנדע.

# פון פייערל צו פייערל

דריי אַ זייגער באַנאַכט האָט אַן אַנגעשטעלטער פון האָטעל „סוסאַנין“ מיך אויפגעוועקט. מיט שנעלע ווערטער און מיט געהיימע באַוועגונגען האָט ער מיר געגעבן צו פאַרשטיין, איך זאָל זיך גיכער אָנטון און וואָס גיכער אַנטלויפן פונדאַנען. צוערשט האָב איך נישט אַלץ פאַרשטאַנען, נאָר ווען ער האָט אַ זאָג געטון:

— אַבלאַוואַ! —

דעמאָלט בין איך האַלב-טויט פון שרעק אַראָפגעשפּרונגען פון מיין געלעגער און גענומען ציען אויף זיך מיינע בגדים. הענט און פיס האָבן זיך מיר געוואָרפן און הויזן-וועסט-מאַרינאַרקע האָבן זיך געפּלאָנטערט אין מיינע הענט משוגעדיק און אומגעלומפּערט...

די זאַך איז דאָך שנעל דערליידיקט געוואָרן. איך בין אַרויסגעלאָפן פון מיין צימער, אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ. אָנגעשראָקן, אָבער דאָך איז מיר נאָך וואַרעם געווען אין אַלע גלידער. וואַרעם פון וואַרעמען צימער און פון שלאָף... און מיט מיין ביסל וואַרעמקייט אין גאַנצן קערפּער בין איך אַרויסגעשפּרונגען אויף דער גאַס, אין די אָרעמס פון אַ פּעטערבורגער, מערדערישער פראָסט... געוואַלט! איך האָב געוואָלט אַ געשריי טון פון דער קעלט, פונקט ווי איך וואָלט אין אַ ווינטער-טייך אַריינגעפאַלן, עס האָט מיר באַלד פאַרפּעלט אָטעם און די טריט זענען אַזוי ווי פאַראַליזירט געוואָרן, נישט צו גיין ווייטער...

און איך מוז גיין. דער האָטעל איז נאָענט און פּאָליציי

איז נאָענט, מיר האָט זיך אויסגעדאַכט. אַז אויב איך וועל נישט אַוועקלויפן ווייטער, וועט מען מיך כאַפּן...

מ'וועט מיך כאַפּן און שלעפּן צום פּריסטאַוו, מיך, אַ ייד, וואָס האָט נישט קיין וויגרעכט. אַ יאָר פאַר דער ערשטער רעוואָלוציע. די רוסישע נאַטשאַלסטוואָ איז דעמאָלט זייער שטרענג געווען. מען וועט מיך האַלטן אין תפיסה, מען וועט מיך מיטן עטאַפּ טרייבן...

אָבער עס איז דאָך אַלץ איינס: איך מוז צי איך מוז נישט... איך בין דאָך אויף דער גאַס און דער נאַקעטער פראָסט פאַרצוקט מיינע גלידער.

— אַבלאַווא! האָט ער מיר אין האָטעל געזאָגט, כאָטש איך האָב דאָרט קיין פּאָליציי נישט געזען. אין אַ צייט אַרום בין איך דערגאַנגען, אַז אַזעלכע פאַלשע סומאַטאָכעס פלעגן די דינער פון האָטעל אַליין אויסטראַכטן. זיי פלעגן פאַרדינגען אַ צימער אַזאַ „בעזפּראַוונעם" ייד און שפּעטער, ווען עס פלעגט קומען אַ צווייטער גאַסט, פלעגן זיי דעם ערשטן אויף אַזאַ אופן אַרויסנאַרן. אין איין נאַכט פלעגן זיי פאַר איין צימער צוויי מאָל געלט אָפּנעמען...

איך האָב פון די זאַכן נישט געוווּסט. נישט קוקנדיק אויף דער קעלט, בין איך נאָך אַזאַ האָטעל-באַדינער אין האַרץ דאַנקבאַר געווען, וואָס ער האָט מיך געראַטעוועט פון פּאָליציי. ער האָט מיך אין זינען געהאַט און געראַטעוועט. אַ רוסישע, טייערע נשמה...

קאַלט, קאַלט און עס ווערט מיר אַלץ קעלטער. אין פּיאַטערס שטאָט איז קאַלט. דאָס איז נישט דער וואַרעמער פראָסט פון מאָסקווע. דאָ שניידט אַ ווינט, נישט איין ווינט, נאָר פון אַלע זייטן, ווי אַ מיל פון שאַרפע מעסערס. דאָ דערטראָגט זיך דער אָטעם פון ווייטלעכן, קאַלטן ים. דאָ קילט דאָס בלוט דאָס האַרץ פון פּעטערבורג, דער ברייטער געפרוירענער טייך, די נעווא און דאָס אייז פון די קאַנאַלן...

איך לויף אויף פרעמדע גאַסן. עס שטייען שליטלעך און די פערד זענען פאַרצויגן מיט שניי-פראָסט, די קוטשערס אין

גרויסע שעפּסענע פּעלצן, אומבאַוועגלעכע, ברייטע פּאַרוויקלטע שטיקער פון מענטשן־פלייש. דאַכט זיך, שוין טויטע מענטשן, פאַרפרוירענע, פאַרגליווערטע... איך לויף און פאַר מיר לויפט אַ ווייסע מילך־פאַרע פון מיין מויל. דאָס ווערט באַלד פאַרפרוירן. געפרוירענערהייט פאַלט עס צוריק אַראָפּ אויף מיינע ליפּן. עס דערפריַשט מיך און איך פיל נאָך שטאַרקער די קעלט פון פיאַטער דעם גרויסנס שטאָט... יאָ, נאָר ווי לאַנג לויפט מען? ווי ווייט?

איך האָב דעמאָלט געפילט, וואָס דאָס הייסט פרעמדע, פאַר־באַטענע לופט. דער פראָסט איז געווען מיין תּלין און ער האָט זיך מיט מיר אָפּגערעכנט דערפאַר, ווייל איך האָב געבראָכן די הייליקע געזעצן פון ראָמאַנאָווס רוסלאַנד. איך, אַ רעכטלאָזער, בין אין יענער נאַכט געווען אין רשות פון אַ קעלט, וואָס האָט געפּייניקט ערגער ווי גיהנום־פייער.

עס האָבן געברענט פון פראָסט די אויערן, האָב איך זיי גע־נומען רייבן מיט די הענט. זענען די הענט געשוואָלן און פאַר־גליווערט געוואָרן. דערנאָך האָב איך דערפילט, אַז עמעצער האָט זיך גענומען צו מיין נאָז, עמעצער האָט אָנגעכאַפּט מיט אַ צוואַנג מיין נאָז און לאָזט זי נישט אָפּ... אָטעם, איך האָב שוין קיין אָטעם נישט און דאָך לעב איך און איך לויף ווייטער.

דאָס לויפן האָט מיך געראַטעוועט. איך בין געלאָפן אַזוי ווי אויף הילצערנע פיס, ווייל ביז די קני האָב איך שוין קיין לעבן אין מיינע רגלים נישט געפילט.

צו וועמען גיין? צו וועמען? צו וועמען? איך האָב געהאַט עטלעכע באַקאַנטע און געוווּסט זייערע אַדרעסן. זיי האָבן ווייט געוווינט. גיין צו זיי? אָנקלאַפּן אין מיטן דער נאַכט, אויפוועקן און בעטן אַ געלעגער, אַ ביסל וואַרעמקייט. נישט געהאַט דערצו קיין מוט, נישט געגלייבט אין זיי. אין אַזאַ פראָסט אויף שלאָפנ־דיקע גאַסן פון אַ פרעמדער שטאָט גלייבט זיך נישט אין קיינעם, קעלט מאַכט אַלץ קאַלט...

איבעריקנס, איך האָב געטראַכט, אַז איך וועל סיי־ווי נישט דערגיין, איך וועל דאָ באַלד אַ פאַל טון, ווי אַ צווייג פון אַ בוים

פאַלט אַראָפּ, און בלייבן ליגן, אויסגעצויגן, טויט... עס האָט גע-
שטאָכן אין פּנים, אין די שפּיצן פון די פינגער.

איך בין געלאָפן, שוין נישט מיט מיינע כּוחות. איך האָב געטראַכט... שוין נישט געטראַכט, נאָר האַלב געטראַכט און האַלב געזיפצט...

מיטאַמאָל...

אַ פייערל... עס ברענט אויפן מיטן גאַס אַ שייטער און עטלעכע שאָטנס אין פעלצן שטייען אַרום אים. צוגעלאָפן מיטן לעצטן אָטעם און זיך אַוועקגעשטעלט באַם פייער. אַרשינאָווע שטיקער האָלץ, טרוקענע סאָסנע פלאַמט און קנאַקט און די צונ-גען פון פייער ציען זיך צו מיר...

הייסט עס, אַז די וועלט איז נאָך אינגאַנצן נישט פאַרגלי-ווערט געוואָרן... און איך בין געראַטעוועט.

פייער — געבענטשט זאָלסטו זיין. דאַכט זיך, אַז די פיס מיינע ווערן ווידער פיס, און מיין נאָז וועט בלייבן נאָז... גע-ראַטעוועט.

איך האָב זיך נישט געפרייט, נישט געהאַט קיין כּוח זיך צו פרייען. איך געדענק אָבער, אַז פון די אויגן זענען גערונען טרערן. איך האָב נישט געוויינט, דאָס האָבן די אויגן אָן מיין ווילן געוויינט...

מיטאַמאָל דרייט זיך איינער אום, איינער פון די, וואָס זע-נען געשטאַנען באַם פייער, אוודאי אַ נאַכט-וועכטער, ער פרעגט:

— וואָס וויינסטו?

— ווער וויינט?

— דו...

איך ריר אָן מיין פּנים מיט די פאַרגליווערטע פינגער, איך דערפיל אויף זיי נאַסקייט פון מיינע טרערן.

— ס'איז פון פראָסט, — זאָג איך...

באַשטעטיקט ער אַליין:

— אוודאי פון פראָסט, — און קוקט אויף מיר מיט נייגי-ריקייט און מיט רחמנות.

אָבער איך בין נאָך באַם זינען. איך וויל נישט מען זאָל

קוקן אויף מיר אין אזא נאַכט. איך וויל נישט, איך בין פון א האָטעל אנטלאָפן, ס'איז געווען אן אַבלאַווע...

דער שטייט נישט אָפּ:

— ביסט נישט קיין היגער?

— ניין!

— פונוואַנען?

פאַלט מיר איין צו זאָגן:

— פון קאַזאַן...

— א טאַטאַרין?

— יאָ...

— מען זעט טאַקע...

א שאָד, וואָס איך האָב נישט געזאָגט, אַז איך בין א טערק.

איך האָב אָפּגעכאַפּט א ביסל דעם אָטעם פון דעם, וואָס איך בין פריער אַזוי געלאָפן, און איצט פון דעם פלאַמיקן שייטער...

מיר איז וואַרעם געוואָרן. וואַרעם. גוט. א מחיה. און דער געלער רוס פאַרשטט בּאַ מיר, עס האָט זיך אים פאַרוואָלט רעדן... איך האָב מורא געהאַט צו פירן א שמועס און איך בין אַנטלאָפן פון פייער-אָאַזיס.

מיר איז געווען וואַרעם, איך האָב געמיינט, אַז איך בין אויף דור דורות מיט וואַרעמקייט באַלאָדן, נאָר דער קאַלטער ווינט האָט עס שנעל אַראָפּגעווישט פון מיר. אין א צוואָנציק מינוט שפּעטער בין איך ווידער געווען ווי א זופּ, דורך וועלכער די קעלט איז דורכגעגאַנגען, ווי א קאַלטער שטראָם וואַסער...

איך האָב איצט כּסדר געקוקט, געזוכט מיט די אויגן. איך האָב געזוכט א פייערל. נאָר אַרום זענען געשטאַנען גרויע הייזער, פאַרצויגן מיט א דינעם שניי-פראָסט, שטומע הייזער. עס האָט אויסגעזען, ווי א שטאָט, וואָס איז פאַרגליווערט געוואָרן, פאַרפרוירן געוואָרן און אויסגעגאַנגען...

עס האָט אויסגעזען...

ניין! עס האָט שוין נישט אויסגעזען, ווייל איך האָב אויפגעהערט צו קוקן. מיד פון לויפן, געשמידט פון קעלט, האָב איך

שוין מער נישט געהאַט קיין כוח צו גיין. איך האָב נאָך עפּעס געטראַכט: ווו איז בעסער זיך אויסצוציען, אויף שטענדיק, אויף שטענדיק...

און אַזוי אָן כוח בין איך ווידער אָפּגעלאָפן אַ שטיק וועג און דערזעען פאַר זיך אַ נייעם שייטער... דאָ זענען אויך גע־שטאַנען עטלעכע סילועטן, ברייטע, רונדע, יעדער איינער אַזוי ברייט אין זיין פעלץ ווי אַ סטאָג היי...

איך בין צוגעלאָפן צום פייער און גענומען איינזאַפּן אין זיך די אָנגעוואַרעמטע לופט, כ׳האָב גענומען רייבן די הענט מיי־נע... הע! ס׳איז נאָך גאָרנישט אַזוי שלעכט. דער טאַטע אין הימל פאַרלאָזט נישט. מען ווערט נישט דערפרוירן, עס קומען גוטע מענטשן און ברענגען האָלץ, אַ מענטש זאָרגט פאַרן צווייטן.

פלוצלינג דערהער איך:

— הע׳י, אַפריקאַניעץ!

דאָס האָט זיך געווענדט איינער פון די סילועטן אין אַ פעלץ. ער רעדט צו מיר און איך ווייס נישט, פאַרוואָס איך בין פלוצלינג געוואָרן אַן אַפריקאַניעץ!

כ׳קוק אויף אים און ער רעדט ווידער צו מיר:

— דו ווערסט נישט דערפרוירן אין אַזאַ קאַפּטאַנטשיק?

ער מעג לאַכן, איך טראָג אויף זיך אַ האַרבסט־מאַנטל...

נאָר איך פאַל בא זיך נישט אראָפּ, איך בראַוויר:

— מיר איז וואַרעם, געלויבט איז גאָט, מיר איז וואַרעם...

לאַכן זיך עטלעכע באַסן מיטאַמאָל פונאַנדער:

— פונוואַנען ביסטו?

— איך? פון דרום בין איך, פון קערטש, בא אונז איז נישט קאַלט...

ווען איך מאַך זיך אַזוי העלדיש, דערלאַנג איך פלוצלינג אַ ציטער: איינער פון די, וואָס שטייען אַרום פייער, איז אַ גאָ־ראָדאָוואָי, מיט אַ רונד טעלער־פּנים, מיט פּיטשינקע אייגעלעך, און מיר דאַכט זיך, אַז זיינע אייגעלעך קריכן צו מיר אין דער נשמה אַריין... איך ראַטעווע זיך:

— הע... ס'איז גאַרנישט אַזוי קאַלט, מאָדנע מענטשן זענען דאָס... קאַלט איז זיי. מיר איז נישט קאַלט...

און איך לויף, איך אַנטלויף ווייטער...

סקאָן זיין, אַז זיי האָבן געטראַכט, דאָס איך בין משוגע, אָדער אַ שיכורער בראָדיאַגע...

איך בין געלאָפן פון זיי.

אַט אַזוי געלאָפן צו די פייערלעך אויף די פעטערבורגער פאַרפרידיענע גאַסן און אַזוי בין איך כסדר אַנטלאָפן פון די פייערלעך צוליב די מענשן, וועלכע האָבן געקוקט אויף מיר און געחוזקט פון מיר...

ביז איך האָב זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פאַרלאָזטן שייטער. קיין איין מענטש איז אין דער נאָענט נישט געווען אַרום אים. די שטיקער האָלץ האָבן דערברענט, איך האָב עס מיט די פיס צונויפגעשאַרט. אַראָפּגעבויגן זיך און געוואַרעמט די הענט, דאָס פנים... אַ שטום פייער, אַ האַלב פאַרלאָשענער מזבח. איך האָב זיך געבויגן צו אים, ווי אַ געצנדינער...

קיין איין מענטש איז אין דער נאָענט נישט געווען. פאַר דער גאַנצער נאַכט האָב איך איצט פריי אָפּגעאָטעמט...

טויט־מיד בין איך געווען. עס האָט זיך געוואָלט אויסציען. אָפּרוען זיך, שלאָפן, שלאָפן. אַרום אַ טויטער גאַס, אין די גאַסן־קאָרידאָרן צווישן די שטיינערנע מויערן קריכט עפּעס אַ מאַטע גרויקייט, אַלץ העלער און העלער, נאָר די העלקייט לויכט נישט און רייצט נישט...

דאָס קומט דער פעטערבורגער טאָג.

אָן רוף און אָן ווילן ווערט דאָ דאָס ליכט געבוירן.

עס באַווייזן זיך שוין מענטשן, שליטנס... איך בין מיד, איך האָב זיך אַליין איבערגעשטיגן אין דער נאַכט. אַלע נאַטירלעכע שוואַכקייטן באַזיגט, נאָר מער קיין כוחות האָב איך שוין נישט און דאָס וואַרעמע פייערל לאָקט...

עס האָט זיך פשוט געוואָלט אויסציען אויף די האַלב פאַרלאָשענע קוילן, דורכברענען זיך און פעסט, פעסט איינשלאָפן...

# שטאַרבן אָדער שלאָפן

אַ טאָג זיבן האָב איך געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט, איך האָב געזוכט אַ דורכגאַנג, געוואָלט פאַרלאָזן רוסלאַנד, און געווען איז דאָס אין אַכצענטן יאָר. געלאָפן זענען מענטשן צו די גרעניצן ווי פאַרסמטע, אַנטלאָפן, ווי פון אַ מגפה. טויזנטער פלעגן זיי באַלאַגערן די צוגן. ענגשאַפט, שמוץ און קרענק... ווער האָט געקוקט אויף די אַלע זאַכן? דער געדאַנק, דער ווילן האָט געשטרעבט צו איין זאַך: אַרייַנקריכן אין וואַגאָן און וואָס ווייטער וועט זיין, — וועגן דעם האָט קיינער נישט געטראַכט.

אין אָרשאַ האָבן די דייטשן מיך נישט דורכגעלאָזט, בין איך געפאָרן קיין קורסק, פון קורסק האָט אונז אַ צוג געבראַכט צו אַ סטאַנציעלע בעלעניכינאַ. אַ זייגער צען אין אָוונט זענען דאָרט אָנגעקומען צוויי צוגן מיט פאַסאַזשירן. מען האָט אונז אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פעלד, אויף אַ בית־עולם. מיר זענען געשטאַנען מיט אונזערע פעקלעך צווישן צלמים און מצבות. דער בית־עולם איז געוואָרן אַרומגערינגלט פון די „רויטע” זעלנער,

עס האָט שטאַרק געטומלט, קינדער האָבן געיאָמערט, מאַמעס, שוועסטערן, באָבעס. אַלטע צעבראָכענע לייט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די קאָנטראָל, די אויספאָרשונג.
מענטשן מיט פעקלעך, באַנאַכט, בית־עולם.

עס האָט אויסגעזען פאַנטאַסטיש. מען איז געקראָכן צו אַלע אין די קעשענעס און מען האָט געזוכט, גאָלד בריליאַנטן...
און מען האָט געפונען בײַ אַנדערע.
בײַ איינעם האָט מען צוגענומען אַ גוטן פעלץ. בײַם צווייטן

אַ גאָלדענעם פּאַרטסיגאַר, און די אַלע קאָנפיסקירטע זאַכן האָט מען צונויפגעלייגט אין איין בערגעלע און דאָס בערגל איז געוואַקסן, דער טומל, דער יריד איז אַלץ גרעסער געוואָרן.

אין יענע שעהן, ווען איך בין געשטאַנען אויפן קריסטלעכן בית־עולם, האָב איך איינגאַנצן פאַרגעסן, אַז איך האָב שוין זיבן נעכט זיך נישט אויסגעטון, נישט געשלאָפן.

די מידקייט איז אַוועק, ווייל איך האָב געהאַט פאַר זיך איין ציל, וואָס האָט ליכטיק און פריי געמאַכט די נשמה: זיין וואָס גיכער אויף יענער זייט, זאָלן זיי שוין צוקומען צו מיר, זאָלן זיי אויסטאַפּן מיינע קעשענעס און גיכער מיך אָפּלאָזן...

נאָר די נאַכט האָט זיך געצויגן מיט זידלערייען, מיט געשרייען, מיט געוויינען. מיר, לעבעדיקע, מיר האָבן צעטרעטן די רו פון די טויטע, וועלכע זענען געלעגן אין זייערע קברים אונטער אונזערע פיס.

אָבער געשטאַנען בין איך פעסט אויף די פיס און געוואַרט אויף דער מינוט, מען זאָל זיך שוין קאָנען רירן. און אפשר האָט מיך פאַראינטערעסירט דער עולם, צו די מתנה מענטשן, וואָס לויפט פון דער גרויסער איבערקערעניש? אַלץ האָט דעמאָלט אויסגעזען אַזוי גרויזאַם, אַזוי מעכטיק־סטיכיש, ווילד און אומבאַקאַנט.

עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. די זון פון שפּעטן זומער האָט זיך אַרויסגערוקט פון די שווייגנדיקע וועלדער. איך האָב גענוי איצט געזען די שכנים מיינע, זייערע אָנגעשראָקענע אויגן. יע־דער איינער פון זיי האָט זיך פשוט געסטאַרעט אויסצוזען אָרע־מער, נעבעכדיקער, דעמאָלט וועלן די „קאָנטראָלערן" זיין צו זיי מענטשלעכער . . .

נישט מענטש פון חיה, נאָר מענטש פון מענטש איז געלאָפן...

שיין ליכטיק אויף די פעלדער. איך בין שוין אויף יענע

זייט. אויף אַ פּורל ליגן מיינע צוויי טשעמאָדאַנעס און נאָך פּעק-לעך פון אַנדערע וואַנדערער.

פּורן... פון אַלע זייטן האָבן זיך פּערדלעך געשלעפּט. די איבערגעפולטע פּורן מיט די געראַטעוועטע פּעקלעך.

די פּאַסאַזשירן זענען נאָכגעגאַנגען, מען איז געווען אויס-געמונטערט און מען האָט זיך אָנגעהויבן באַרימען:

— זיי האָבן געזוכט בײַ מיר און האָבן גאָרנישט געפונען — דערביי געפּט דער מענטש אַרויס אַ גרויסן בריליאַנט.

דער צווייטער ווייזט גאָלד, דער דריטער, —ווערט-פּאַפּירן און ווידער גאָלד, בריליאַנטן.

מען האָט זיך אַזוי באַרימט, ביז אייגער האָט זיך אָנגערופן:

— מענטשן, הערט זיך אויף צו שפּילן מיט אייערע ברי-ליאַנטן, איר פאַרגעסט , ווו איר זענט אין דער וועלט.

— וואָס איז?

— מיר זענען דאָ אויף דער נייטראַלער זאָנע, דאָ אויף דעם פּאַס ערד עקזיסטירט נישט קיין געזעץ, קיין שוץ...

— דאָ זענען פאַראַן באַנדיטן...

— יענע וואָך האָט מען דערשטיקט עטלעכע מענטשן.

איצט איז מען שטיל געוואָרן, מען האָט גענומען קוקן מיט פאַרדאַכט אייגער אויפן צווייטן.

איך בין נאָכגעגאַנגען נאָכן וואָגן, מיינע צוויי אָרעמע פּעק-לעך האָבן אויפגעהערט מיך צו אינטערעסירן. איך האָב אָנגע-הויבן אַלץ צו פאַרגעסן, אַלע רעוואָלוציעס און אַלע איבערלע-בונגען... מיך האָט אָנגעהויבן ציען צום שלאָף. דער ווייטער הימל מיט די שפּיצן פון די וועלדער, אַלץ האָט זיך גענומען איינקלעבן אין די אויגן, עס האָט געצויגן צו דער ערד: אויס-ציען זיך און שלאָפן. קאָן דען זיין אַ גרעסער גן-עדן?

שלאָפן, שלאָפן... אין דאָ שלעפּט זיך אַ מענטש נאָך אַ פור, אויף וועלכער עס ליגן זיינע צוויי טשעמאָדאַנעס מיט אַ ביסל וועש, בגדים און ביכער.

עטלעכע מאָל האָבן זיך די אויגן צוגעמאַכט, איך בין

שיער נישט אומגעפאַלן אין שפּריִין, איך מונטער זיך אויף אַ רגע אויף און נעם האַסטיק אָניאָגן די פור.

דערווייל דערוויסן מיר זיך, אַז אַהין, וווּהין מיר פאָרן, קאָן מען נישט אַריין, ווייל די דייטשן פאַרהאַלטן אויף דריי וואָכן קאַראַנטין, און דאָס שמעקט קיינעם נישט — מיר אויך נישט. מיר הייבן אָן צו בלאָנדזשען.

איך אַליין... מיר איז אַלץ איינס, זאָל זיין בא די דייטשן, זאָל זיין קאַראַנטין. נאָר מענטשן רעדן אָפּ, און דערצו נאָך ליגן מיינע טשעמאָדאַנעס אין דער שותּפותדיקער פור.

מען האָט זיך אויסגעזעצט אויפן פעלד, מען האָט געוואָלט אַ ביסל אויסרוען די פערד, דערווייל האָט מען עפּעס צוגעביסן. איינער האָט געהאַט אַ ביסל בראָנפן, האָב איך אויך פאַרזוכט. איך בין געוואָרן אויפגעמונטערט, דאַכט זיך, אַז דער שלאָף איז אינגאַנצן אַוועק.

נאָר וווּהין פאָרט מען?

אויפן וועג האָט זיך באַוויזן אַ ליידיקער וואָגן. דער פויער, דער פורמאַן, האָט פאָרגעלייגט:

— ווער עס וויל, דער קאָן מיט מיר מיטפאָרן. איך פאָר קיין סומי און דאָ וועלן די דייטשן סיי־ווי־סיי נישט אַריינלאָזן.

איך האָב איינגעשטימט. מענטשן זענען צו מיר צוגעשטאַנען:

— אַ סכנה, איינער אַליין, דאָ קוילעט מען מענטשן. — איך ווייס נישט פאַרוואָס איך האָב זיך אַזוי איינגעשפּאַרט דעמאָלט איך האָב אַריבערגעשלעפּט מיינע טשעמאָדאַנעס און אַוועקגעפאָרן אויף די ליידיקע סטעפּ־פעלדער צווישן קורסק און כאַרקאָוו...

איך האָב מורא געהאַט, געשראָקן זיך, ווייל די סכנה איז טאַקע גרויס געווען, נאָר געפאָרן בין איך. פאַראַן אין לעבן אַזעלכע מאָמענטן, בעת דער מענטש גיט אַ מאַך מיט זיין האַנט אויף אַלץ, אפילו אויפן מלאך־המות אַליין.

פעלד, ליכטיק. די ערשטע מינוטן האָב איך זיך גאַרנישט. שלעכט געפילט. די האַרבסטיקע ווייך-לופט האָט זיך געבאָסן אין קערפּער. דער ברייטער סטעפּ-האָריזאָנט האָט געמונטערט. אפשר, אפשר וועט זיך אויך פאַר מיר ערגעץ אָנהייבן אַ ביסל רויק לעבן . . .

שוין צופיל געפּייניקט זיך פון פרעמדער און אייגענער פּיין.

איך בין אָפּגעפאָרן אַ צוויי קילאָמעטער, באַוויזט זיך אויפן וועג אַ מענטש, ער האָט אויסגעזעען ווי אַ פאַבריק-אַרבעטער. ווען דאָס פורל האָט זיך דערנעענטערט, ווינקט ער זיך איבער מיט מיין באַלעגאָלע און קריכט אַרויף צו אים אויף די קאָזלעס.

זיי שושקען זיך עפּעס.

טויט-קאַלט איז מיר געוואָרן און באַלד באַגיסט מיך אַ שווייס. דאָ אויף די פעלדער איז נישטאָ קיין שוץ, קיין געזעץ...

די מענטשן זענען גערעכט געווען. זיי האָבן געזאָגט, איך זאָל נישט פאָרן.

אָבער עס געדויערט. מיר פאָרן, מיר פאָרן און זיי טוען מיר גאָרנישט.

ניין! איך זע נישט קיין גלאַנציק מעסער, איך זע קיין רעוואָלווער נישט באַ זיי אין דער האַנט. מען שטיקט מיך נישט, מען ווערגט מיך נישט... און שרעק האָב איך גענוג. איך טראַכט. אַז ווען די מענטשן וואָלטן געהאַט אַזאַ מיין, וואָלטן זיי מיך שוין צוואָנציק מאָל געקאָנט פטרן.

באַרויק איך זיך אַ ביסל און אין דער באַרויקונג קומט ווידער מיין מידקייט, מיין שוואַכקייט — איך וויל שלאָפן. איך נעם זיך שאָקלען אויף דער פור, נישטאָ זיך אָן וואָס אָנצוּ- שפּאַרן. איך וויל שלאָפן, די גלידער זענען שוין איינגעשלאָפן, נאָר דער קאָפּ, די אויגן קוקן צו די צוויי מענטשן און איך באַ- מערק: זיי דרייען-אום די קעפּ און קוקן צום אָרט, וווּ איך

זיך. אויף מיר קוקן זיי. איך ציטער־אויף, אָבער בלויז אַ רגע. דער שלאָף ציט און די פֿור טרייסלט. עס וועקט זיך אויף אַ פּוס, אַ זייט, דער קאָפּ מײַנער שאָקלט זיך, ווי אַן אונטער־געשניטענער, און די צווײ אויף די קאָזלעס וואַרפֿן כּסדר בליקן, דרייען אום די קעפּ און קוקן צו מײַן אָרט געבײם. פֿאַרשנד.

זיי וועלן מיך דערהרגענען.

זאָלן זיי דערהרגענען.

איך האָב געוואָלט שלאָפֿן, די מידקייט האָט מיט געוואַלט מיך געשלעפּט ערגעץ אין אַ טיפֿן אָפּגרונט און אײַן פֿינטעלע געדאַנק ה׳ט פּחדניש געוואָרנט, אַז מענטשן, צוויי מענטשן, וועל־כע זיצן מיט מיר אויף איין פֿור, זיי ווילן מיך דערהרגענען.

עס איז פֿאַראַן אַ בעסערע זאַך ווי לעבן... שלאָפֿן. די אויגן בײַ מיר זענען האַלב־אָפֿן, האַלב־פֿאַרמאַכט, אינגאַנצן פֿאַר־מאַכט און ווידער האַלב־אָפֿן.

איך האָב זיך אַ ביסל אָפּגערוקט פֿון מײַן פּלאַץ, איינ־געקאָרטשעט די הענט. די פֿיס, דעם גאַנצן קערפּער — נישט איך האָב דאָס געטון, נאָר דער אַלמעכטיקער שלאָף האָט מיט מיר געקירעוועט. איך האָב עפּעס געטראַכט פֿון די צוויי געהיימע מענטשן, איך האָב עפּעס געפֿילט דעם שוידער פֿון אומקומען, נאָר דאָס איז נישט געווען דער עיקר, ווײַל איך האָב קיין קראַפֿט נישט געהאַט צו רעאַגירן אינגאַנצן, האָב איך גאָרנישט רעאַגירט.

איך בין אײַנגעשלאָפֿן אויף דעם קורצן וואָגן.

איך בין לאַנג אַזוי געשלאָפֿן, אַ סך שעהן, אויף די פֿעל־דער פֿון הפקר...

מען האָט מיך אויפֿגעוועקט אין אַ שטאָט אויף אַ באַנאַכ־טיקן מאַרק. איך לעב...

— ווו בין איך?

— אין סומי...

•

איך האָב שפּעטער אויסגעפרעגט בײַ די צוויי מענטשן, איך האָב דערציילט מיין שרעק און ווי דער שלאָף האָט מיך געראַטעוועט פון שרעק.

זיי האָבן זיך פונאַנדערגעלאַכט.

דאָס זענען געווען קאָנטראַבאַנדיסטן.

אונטער דעם אָרט, וווּ איך בין געזעסן אין וואָגן, זענען געלעגן פלעשער שנאַפּס און עטלעכע שטיקלעך קליידער-שטאָף.

# אַ פּעלץ

דער דריי־בענדלדיקער אונטער־אָפיציר האָט אויפגעהויבן דעם ברייטן קאָלנער פון מיין שעפּסן־פּעלץ:

— אָט אַזוי וועט דיר זיין וואַרעמער!

עס האָט מיך פּשוט גערירט זיין פּלוצלינגדיקע ליבע צו מיר.

— זאָלסט נישט שטיין אויף איין אָרט, זאָלסט כסדר אַרומשפּרייזן, — האָט ער ווידער גערעדט מיט פאָטערלעכקייט, מיין נאַטשעלניק ביעלי, ער האָט מורא געהאַט, איך זאָל נישט פאַרפרוירן ווערן.

די זאַך איז באַשטאַנען אין דעם. וואָס אויף מיר איז געפאַלן דער גורל צו גיין „קאַראַול" אין דעם גרעסטן פראָסט. בלייבן דריי שעה אין מיטן פעלד באַם אַרסענאַל.

פריער האָב איך דאָס אָנגענומען גאַנץ גערן, ווייל נאָך אַזאַ נאַכט איז מען פריי אַ גאַנצן טאָג פון דינסט — דאָס איז געווען אַ גרויסער קרן.

נאָר איצט ווען מען האָט גענומען אַזוי זאָרגן פאַר מיין ביסל לעבן, האָב איך אָנגעהויבן מורא צו האָבן... ווער ווייסט? איך קאָן דאָרט פאַרגליווערט ווערן באַם אַרסענאַל, אַ שטיק אייז וועט פון מיר ווערן און דאָס שטיק אייז וועט מען אַריינלייגן אין קבר אַריין און נישטאָ אַ מענטש, קיין זכר נישט.

נישט געווען קיין סך צייט צו קלערן. מען האָט מיך אַרויסגעפירט פון קאַזאַרמע און איך מיט מיין באַגלייטער זענען אַוועקגעגאַנגען צום פעלד.

קעלט! . . .

עס האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ קעלט. איך ווייס נישט וועלכע אָרעמס דער טויט האָט ? אפשר האָט ער אָרעמס פון פייע־ גיהנום־פייער און מיט די פייערדיקע אָרעמס פאַרברענט ער די זינדיקע מענטשן. נאָר אויב ער האָט קאַלטע אָרעמס, אייז און פראָסט־אָרעמס, האָט מיך דער טויט אין יענע נאַכט אַרומגענומען, בעת איך האָב געשפרייזט פון קאַזאַרמע אין לאַנגן שעפּסן־פעלץ. איך האָב געשפרייזט און דער פעלץ האָט מיטגעשלעפּט אַ סך שניי, וואָס האָט געקרעכצט אין דער נאַכט און געפּלאַצט, ווי שערבעלעך פון אַן ערדישן טאָפּ.

די ערשטע רגע איז געווען די שרעקלעכסטע :

עס האָט עפּעס אַ ברי געטון דאָס אָפּגעדעקטע פּנים : איך מויל, אין די נאָז־לעכער איז אַריינגעדרונגען אַ שטראָם אייז־ קעלט, נאָר מער האָב איך קיין קעלט נישט געפילט, עס איז מיר געווען שווער צו גיין אין מיינע מלבושים. איך האָב געשלעפּט דעם שווערן פעלץ, וואָס האָט געשמעקט מיט אַלע ריחות, איך האָב געטראָגן אויף די זעלנערישע שטיוול וואַלענקעס, וואַרעמע, עס האָבן די פיס זיך געסמאַליעט און דערצו אַ שווער באַראַשקן־ היטל, און... און מיינע עטלעכע דרייסיק נע־ונד־יאָרן...

אַזוי שפרייזט אַ טויטער, ווען ער כאַפּט זיך פון קבר אַרויס.

איך בין צוגעקומען צום פּלאַץ, איבערגענומען די ביקס באַם פאַריקן „קאַראַאולני“. געזאָגט די עטלעכע נייטיקע ווערטער, וואָס זענען באַלד פאַרגליווערט געוואָרן פון פראָסט.

צוויי סילועטן האָבן זיך אַלץ מער דערווייטערט.

איך בין געבליבן אַליין. דער לאַנגער איינשטאָקיקער אַר־ סענאַל איז געווען באַלויכטן פון דער גאַנצער לבנה, ער איז געווען פאַרשאָטן פון שניי און זיך צונויפגעגאָסן מיט די אַרומי־ קע ווייס־וויסטע פעלדער. איך בין געבליבן שטיין אַ קורצע צייט. געוואָלט אויף עפּעס קאָנצענטרירן דאָס אויג, דעם געדאַנק : נאָר פון דער גרויסער וועלט זענען געבליבן בלויז נישט מער, ווי צוויי זאַכן : לבנה און שניי, שניי און לבנה. איך האָב עפּעס גע־ נומען טראַכטן ; נאָר פון געדאַנק איז גאָרנישט געוואָרן, די אייג־

ציקי קאָליר פון דער נאַכט האָט טעמפּ געמאַכט מיינע געפילן.

איך האָב געוואָלט פרוחן. צו איך האָב נאָך לשון, האָב איך אויסגעמורמלט איין וואָרט:

— „ווייס"

און די ווינטלאָזע פראָסט האָט צוגענומען דאָס וואָרט און אַ שפּיל פון דעם פּאַר זיך געמאַכט. דאָס וואָרט איז פאַרפרוירן געוואָרן און זיך געשאַרט איבער מיין קאָפּ, אין די אויגן, אונטער די פיס, אויפן שניי געשוועבט און געדרייט זיך, ווי אַ רויפל, אַ וועלט איז פול געוואָרן מיט מיין וואָרט:

„ווייס" „חייס" „ווייס"... אַ משוגעת איז דאָס געווען, אַ פאַרגליווערט ווייס משוגעת און באַהאַלטן זיך פון אים איז נישט געווען וווהין.

איך האָב אויסגעקרומט די ליפּן און אַ שמייכל געטון, איך געדענק גאַנץ גוט, אַז איך האָב דעמאָלט געשמייכלט. איך האָב עפּעס יאָ גענומען טראַכטן: „וואָס טו איך דאָ, אַ יידל פון ביאַליסטאָק אין דער ווייטער רוסישער שטאָט?" נאָר איך האָב אויפגעהערט צו טראַכטן, ווייל עס האָט מיך אָנגעהויבן צו בייסן... נישט אויף קיין געלעכטער. אין די פיס, אין די קני, אונטער די אָרעמס, איבערן גאַנצן לייב. איך האָב זיך גענומען טרייסלען, דער שעפּסן-פעלץ לאָזט מיך זיך נישט רירן פון אָרט, ווי אַ שטאָלענער פּאַנצער. אַ מחנה מוראַשקעס קריכן מיר אויפן לייב. שפּילקעס שטעכן מיך, ציפּן באַם לייב און לאָזן נישט איינשטיין. האָב איך געמיינט — נערוון. האָב איך געטראַכט, אַז דאָס איז אַזאַ מין איינגערעדטע זאַך. דאָ האָב איך זיך דערמאַנט פון וואַנען דער פעלץ שטאַמט, ווו ער האָט אַכסניה, איז מיר דעמאָלט אַלץ קלאָר געוואָרן און איך האָב געמוזט זוכן אַן עצה.

איך האָב אַוועקגעלייגט די ביקס, אויסגעטון די הענטשקעס און צעשפּיליעט דעם פעלץ, אַריינגעלאָזט אַ שטראָם פראָסט אויף מיין אָרעמען קערפּער און ער האָט זיך באַרויקט. די גאַנצע

סצענע האָט צוגעקוקט די טויט־ווייסע לבנה; זי האָט אַפילו קיין שמייכל נישט געטון.

איך בין געבליבן אַ צייט רויק, אַרומגעקוקט זיך און געוואָלט האָב איך אין דער מינוט איין זאַך: הערן אַ קלאַנג. די אויערן מיינע האָבן זיך אָנגעשטרענגט, אויף אַלע פיר זייטן זענען געלאָפן מיינע אויגן, פונקט ווי איך וואָלט געוואָלט מיט די אויגן כאַפּן אַ קלאַנג... אָבער אַלץ האָט געשוויגן. דאָס איז געווען גאָר אַ באַזונדער מין שווייגן, דאָס האָט דאָס שווייגעניש אַליין געשוויגן, די לופט איז געווען אָנגעשטרענגט, ווי אַן אָנגעצויגענע דראָט, דער קלענסטער שאָרך וואָלט דאָ אָבגעקלונגען אין פילפאַכיקע עכאָס... ווייסקייט אַרום און אַרום — די ווייסקייט איז אויך געפרוירן. אָט אַזוי וועט אויסזען די וועלט, ווען די זון וועט זיך אָפּקילן און קיין סימן פון לעבן וועט נישט זיין, קיין זעלנער וועלן נישט זיין, קיין אַרסענאַלן אויך נישט.

איך האָב געפּרוווט שפּרייזן. אַ סטעזשקע איז שוין געווען אויסגעטרעטן פון פריערדיקן זעלנער, נאָר איך האָב נישט געוואָלט שפּרייזן אויף יענעמס שטעג, איך האָב זיך אויסגעטרעטן מיט מיינע וואַלענקעס אַ לאַנגן פּאַס שניי, זיין גלאָז־האַרטע הויט האָט זיך געבראָכן אונטער מיינע פיס, עס האָט אָנגעמאַכט אַ גערויש און דאָס איז מיר געפעלן געוואָרן. סוף־כל־סוף האָט זיך עפּעס אויפגעוועקט צום לעבן, זאָל דאָס זיין דער פאַרפרוירענער שניי? עס סקריפּעט, עס קלינגט, ווי שערבעלעך. איך האָב פאַרגעסן אינגאַנצן, אַז איך היט דאָ אָפּ דאָס פאַרמעגן פון פאָטערלאַנד — איך בין געווען פאַרנומען מיט זיך, מיטן שניי.

מיטאַמאָל הויב איך אויף דעם קאָפּ און עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז די לבנה האָט זיך צו מיר דערנענטערט, אַראָפּגעפאַלן פון הימל אויף מיליאָנען קילאָמעטער און זי קוקט אויף מיר, זי פאַרפלייצט מיך מיט מילך־ווייסער ליכט, זי פאַרבלענדט מיינע אויגן מיט קאַלטער שיין און עס פאַלט מיר איין אַ געדאַנק: אויסשיסן אויף לבנה. איצט איז מיר לייכט צו רעדן וועגן דעם, נאָר דעמאָלט איז דאָס געווען אַ שגעון... וואָס איז? וואָס וויל איך טון? איך וועל אויסשיסן און מיין שאָס וועט מען דערהערן

אין די קאזארמעס, מען וועט קומען צו לויפן, וואס וועל איך זיי ענטפערן? איך האב געטראכט קלארע געדאנקען, דאכט זיך, איך פארשטיי, וואס מיט מיר טוט זיך און אין דערזעלבער צייט ווילט זיך אויפהייבן די ביקס צו שיסן גלייך אין דער לבנה. איך וועל טרעפן, עס ציט, עס צווינגט זיך אליין דערצו.

פון וואנען איז דאס געקומען צו מיר דער געדאנק? פון דער גרויסער ליידיקייט, וואס קאן משוגע מאכן, צי דער מארך האט זיך צו שטארק צוגעפרעסט פון פראסט? נאר מיר איז גאר-נישט קאלט געווען, מיר איז איצט פון דעם מאדנעם איינפאל הייס געווארן, איך האב זיך געראנגלט מיט זיך אליין און די לבנה איז געקראכן אין די אויגן... נענטער, נענטער. די אויגן האבן אויפגעהערט צו זען אלץ, וואס ארום; די פלאכע פאר-שנייטע פעלדער, דעם ארסענאל, די אויסגעטרעטענע שטעגן. די לבנה, די רונדקייט האט אלץ פארדרונדלט. מיטאמאל האב איך אויפגעהערט צו זען די לבנה, עס זענען ארויס אויפן הימל א סך אזעלכע גרויסע זילבערנע טאזן, א סך א סך; איך האב זיי נישט געקאנט אלע ארומכאפן מיט די אויגן...

זילבערנע, גרויסע טעלערס, טעלערס, עס וועט זיין א סעודה — משיח וועט קומען.

איך האב נישט געשאסן. איך בין געווען א דיסציפלינירטער סאלדאט און כל-זמן איך האב נישט געהאט קיין באפעל צו שיסן אין דער לבנה, האב איך דאס נישט געטון. איך בין געבליבן שטיין מיט דער ביקס אויפן אקסל צוגעשמידט מיט די פיס צום שניי און מיט די אויגן אין דער וויטקייט צי אין דער נאענטקייט. דאס איז געווען אן אפשטארבונג, א צייטווייליק נישט-זיין. איך האב זיך צונויפגענאסן מיט דעם ארומיקן ווייסן טויט, ביז איך האב דערהערט א קול:

— קאראאולני!

איך האב א ציטער געטון און אויטאמאטיש געענטפערט:

— סלושאיוס...

— דו לעבסט נאך?

— טאַק טאַטשנאַ!

— ס'איז קאַלט? האַ!

— טאַק טאַטשנאַ!

— וועסטו איצט גיין שלאָפֿן..

— טאַק טאַטשנאַ!

איך האָב געדזשנערט מיט מיין „טאַק טאַטשנאַ", ווייל איך האָב זיך דערפרייט, ווייל איך האָב אַ מענטשס קול דערהערט. ווען ער פרעגט באַ מיר דעמאָלט:

— ס'איז דאָ גאָט?

וואָלט איך געענטפערט:

— טאַק טאַטשנאַ!

— ס'איז ניטאָ קיין גאָט?

— טאַק טאַטשנאַ!

— גערעכטיקייט איז דאָ?

— טאַק טאַטשנאַ!

אויף אַלץ, אויף אַלץ וואָלט איך געענטפערט „טאַק טאַטשנאַ!"

מען איז געקומען פאַרבייטן. איך בין געגאַנגען מיטן „עלטסטן" צוריק. ער האָט עפּעס גערעדט וועגן פראָסט, וועגן דעם, אַז די זעלנער אין די אָקאָפּעס וועלן געפרוירן ווערן אין אַזאַ נאַכט... איך האָב זייער ווייניק געענטפערט, פונקט ווי איך וואָלט זיך לאַנגזאַם אויפגעכאַפּט פון אַ שווערער לעטאַרגיע. ווען איך האָב דערזעען די ערשטע נאַכט-פייערלעך פון דער שטאָט, האָט זיך מיר דערמאַנט מיין וועלט און אַליין האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז בין צוריקגעקומען פון יענער וועלט. איך בין שוין געווען אין קאַזאַרמע. פינף פאַרטאָג, נאָר עס איז נאָך געווען נאַכט. איך האָב זיך געוואָרפן אויף מיין נאַרע... שלאָפֿן, שלאָפֿן...

פאַרן שלאָף האָב איך נאָך באַשלאָסן אַ טראַכט צו טון, אַז די וועלט מיט אַלע מענטשעלעך זענען אין אַ גרויס דול-הויז...

און אַלע מלחמות, מיט די קאַזאַרמעס, אַלץ, וואָס מענטשן צאַפּאַן און צעשטערן — דאָס איז אַלץ פֿון אַן איינגעשפּאַרטן משוגעת — עס וועט קומען אַ טאָג, וואָס וועט שוין מער קיין טאָג נישט זיין, נאָר אַ לאַנגע אייביקע נאַכט מיט שניי און פראָסט.
איך האָב זיך גענומען פאָרשטעלן, ווי אַזאַ נאַכט וועט אויסזעען, בין איך אָבער גלייך איינגעשלאָפן — וואָס איז מיר אָנגעגאַנגען די וועלט?

# זיין פּרעטענזיע

דעמדאָזיקן מענטש האָב איך געמוזט קוקן אין די אויגן, ווי אַ חיה קוקט דעם דרעסירער אין די אויגן. ער איז געווען דער פאַקטישער הערשער איבער מיין גוף און איבער מיין נשמה. ער, דער דריי־בענדלדיקער מיכאַילאָוו, דריי זילבערנע פאַסיקלעך האָט ער געטראָגן אויף זיינע שליפעס און אַ באָרד האָט ער געהאַט, ווי סקאָבעלעוו אַליין...

וואָס איז דער צאַר ניקאָלאַי ? וואָס דאַרט די מיניסטאָרן, וואָס דער פּאָלקאָווניק און אַלע איבעריקע אָפיצירן ? געזען האָבן מיר בלויז מיכאַילאָוון. ער איז מיט אונז אַ גאַנצן טאָג, ער שלאָפט מיט אונז אין איין קאַזאַרמע, ער היט אָפּ יעדן שריט אונזערן, ער ווייסט, וואָס מיר זענען און ווער מיר זענען... ער איז אַ געניטער תלין, צוואָנציק יאָר אַן אינסטרוקטאָר, אַ מיליטערישער מלמד. ער האָט געוווסט אַלע שוואַכקייטן פון די שוואַכע זעלנער און אַלע דרייסטקייטן פון די מער שטאַרקערע.

ער פלעגט אַלעמען בויגן ביז צו דער ערד.

ער איז געווען שלעכט, ווי אַ וואָלף, און מיטאַמאָל פלעגט אים אַ גוטסקייט באַפאַלן און צו די זעלנער פלעגט ער רעדן :

— בראַטצי !

פונקט ווי אַ גוט פעטערל. ער האָט ליב געהאַט אַ ביסל שנאַפּס. עס רעדט זיך אַזוי אַ ביסל... צוערשט אַ ביסל, דערנאָך אַ סך און גאָר אַ סך. די ראָטע — דאָס איז געווען זיין סטאַדע שעפסן און האָט זי געשוירן ווי אים האָט זיך געוואָלט.

מיט מיר איז ער פון אָנהייב געווען גאָר שלעכט, נאָר אַ זעלנער האָט מיר אונטערגעזאָגט :

— גיי מיט אים אַ ביסל אין שטאָט אַרײַן, אין אַ שענק
איז ער דערנאָך געוואָרן צו מיר בעסער. פלעגט עס דער־
גיין דערצו, אַז איך פלעג זיך אָנהייבן פילן גאָר נישט שלעכט
אין קאַזאַרמע, אָט אַזוי, ווי בײַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן... פלעגט
מיכאַילאָוו פלוצלינג אַ כאַפּ טון מיט די הענט די באָרד זײַנע
און אָן אַ פאַרוואָס נעמען שרײַען אויף מיר:

— סוואָלאַטש, מערזאַוועץ...

— איך וועל זיך אויפהענגען...

איך פלעג שווײַגן, איך פלעג שוין נישט זוכן און נישט
פרעגן די סיבה פאַרוואָס מיכאַילאָוו איז פלוצלינג אויף מיר אַזוי
אין כּעס געוואָרן. דאָס איז געווען אַזאַ סיסטעם בײַ אים: מען
טאָר נישט לאָזן, אַז אַ זעלנער זאָל זיך פילן גוט, מען מוז אים
שטענדיק דערמאָנען, אַז ער האָט אַ נאַטשאַלניק און בײַם ערשטן
געשריי זײַנעם:

— סוואָלאַטש! —

פלעג איך זיך אײַנציען, ווי אַ טאַבאַק־בלום באַגינען.
איך פלעג צומאַכן די אויגן, די נשמה, די אויערן און לאָזן דעם
מיכאַילאָוו. ער פלעגט שיטן זײַנע וויסטע קללות און זידלערייען,
ביז ער פלעגט זעען, אַז פון מיר איז שוין גאָרנישט געוואָרן...
גאָרנישט... אַ לעמעלע, וואָס ליגט געבונדן מיט אַן אויסגעשטרעקטן
האַלז:

— שעכט, שעכט, ליבהאַרציקער מיכאַילאָוו!

פלעגט ער זיך דעמאָלט צוריקן צו מיר נענטער און מיט
אַ מאָדנעם בייזן כיטרען בליק אַרײַנקוקן אין מײַנע אויגן:

— ביזט אפשר נישט קיין מערזאַוועץ, האַ? זאָג!

איינמאָל האָט ער צו מיר אַ געשריי געטון!

— גאָספּאָדין זוואָדני... מען דאַרף זיך אַ ביסל דורכשפּאַ־
צירן אין שטאָט אַרײַן, איך בענק שוין...

פלעגט ער שוין זאָגן אַ ביסעלע ווייכער:

— ביזט אפשר נישט קיין מערזאַוועץ, האַ? זאָג!

— סמירנאַ, מערזאַוועץ!

האָב איך זיך אויסגעצויגן, ווי אַ סטרונע און געהאָרט:

— נעם אריין דעם מיטלסטן פינגער אין מויל און בייס זיך איין מיט די אייגענע ציין.

אזא משוגעבער...

איך האב אבער געפאלגט בלויז א העלפט: דעם פינגער אין מויל האב איך אריינגענומען, נאר געביסן שוואך... זיין פינגער וואלט איך בעסער געביסן.

את מיט אזעלכע מלמדים... מיט אזעלכע „סאמאדורן" האב איך פארבראכט א סך חדשים...

איינמאל האב איך זיך בא אים אויסגעבעטן, ער זאל מיך אליין אין שטאט אפלאזן. איך האב אים געזאגט, אז איך וויל זיך ראזירן אין שטאט און גוט ארומוואשן זיך. ער איז געווען גוט געשטימט און האט מיר די דערלויבעניש געגעבן. אין דעם רוקט זיך צו צו אים א יונגער זעלנער און בעט בא אים אויך אזא דערלויבעניש, ער וויל זיך אויך ראזירן אין שטאט.

מיין מיכאילאוו כאפט זיך פאר דער בארד און שטעלט אן א פאר וועלפישע אויגן אויף דעם אומגליקלעכן זעלנער:

— וואס? דו אויך און שטאט אריין... ראזירן זיך, נישט אנדערש, סוואלאטש... וואס, דו ביסט אויך אן אריסטאקראט — און דערביי כאפט דער יונגער זעלנער מיטן פוס אין בויך אריין. איך זע, ווי ער קאטשעט זיך פון ווייטיק, און אלץ דערפאר, ווייל ער איז נישט קיין אריסטאקראט. איך האב שטארק געליטן פון דערדאזיקער סצענע און ביזן היינטיקן טאג ווייס איך נישט מיט וואס איך בין געווען אין מיכאילאווס אויגן אן אריסטאקראט.

איך בין זיך מודה, אז דאס איז געווען דער ערשטער מענטש אין מיין לעבן, פאר וועלכן איך האב מורא געהאט מורא געהאט און געציטערט מיט יעדן אינסטינקט... און אים האב איך געפאלגט. ער פלעגט נאכנישט די גאנצע פראזע ארויסרעדן און א האלבער פארלאנג זיינער איז שוין דערפילט געווארן...

ער האט געזוכט זינד: דא איז א קנעפל אראפגעפאלן, דא איז דער פאס אויף מיר צו ברייט, די ביקס מיינע איז פארשטויבט. איך פלעג די זינד וועלן אויסמיידן. איך האב דעמאלט

געהאַט אַ שטיקל אַרבעט, דאָס שווערסטע שטיקל אַרבעט: זײַן אין אָרדנונג מיט מיכאַילאָװן.

ער פּלעגט זיך װיצלען. פֿון זײַנע װיצן פּלעגט נישט װערן װאַרים און נישט קאַלט. אין אַזאַ רגע פּלעגט ער אַ קוק געבן אויף מיר. זײַ, די איבעריקע זעלנער זענען דאָך כאַמעס... װאָס פֿאַרשטייען זײ? אָבער איך בין דאָך אַן אַריסטאָקראַט, פֿלעג איך מוזן לאַכן אויפֿן קול פֿון מיכאַילאָװס כחמות... צער זאָל איך האָבן, אויב עס איז געװען פֿון װאָס צו לאַכן.

אַ מאָדנער טיפּ איז דאָס געװען, אַ געמיש פֿון סלאַװיש און טאַטעריש בלוט, אַ יעזואיט, אַ פּרומאַק, אַ זעלנער און אַ טרינקער.

אָפֿט פּלעגט ער אַרײַנפֿאַלן אין אַ פֿאַלשער גוטמוטיקייט:

— בראַטצי! איך בין דאָך אײַער טאַטע און איר זענט מײַנע קינדער, מיר אַלע זענען טרײַע דינער פֿון צאַר באַטיושקאַ... װי אַ פֿוקס פּלעגט ער זיך דעמאָלט גנבענען צו די זעלנער, צו־ליב פֿאַרשידענע סיבות געזוכט בײַ זײ פֿאַרטרויונג און פֿרײַנטשאַפֿט...

אפֿשר האָט ער דאָן אַלײן מורא געהאַט פֿאַר באַטשאַל־סטװאָ? אפֿשר פֿאַר גאָט מורא באַקומען...

אויף מאָרגן פּלעגט עפּעס אַנדערש װערן אין זײַן קאָפּ און ער פּלעגט שלאָגן מיט די פֿיס, כאַפּן זיך מיט די הענט פֿאַר דער באָרד און זידלען מיט אַזעלכע מיאוסע קללות, אַז עס פּלעגט זיך באמת פֿאַרדריסן אויף גאָט, װאָס ער האָט דעם מענטש דאָס װאָרט געגעבן...

קללות און זידלערײַען פֿלעג איך אַלײן געװױנ אויסהערן פֿון אים, נאָר אײן זאַך האָט מיך געפֿרײט — זײַן שװערער פֿוס מיט זײַן שװערן שטיװל פּלעגט ער אויף מיר נישט הײבן. איך בין געװען געדולדיק, װי אײַזן, נאָר װער װײסט, װאָס עס װאָלט געשען װען ער, מיכאַילאָװ, פֿאַרמעסט זיך אויף מיר מיט זײַן פֿוס...

איך האָב פֿאַר זיך אַלײן מורא געהאַט, װען איך פֿלעג טראַכטן פֿון דעם... און אין דערזעלבער צײַט פֿלעג איך מיט אַלע קינצן אויסמײַדן שאַרפֿע קאָנפֿליקטן מיט אים און געקוקט אים

אין די אויגן, געזוכט, געפֿאַרשט: מיט וואָס נעמט ער אים? מיט וואָס באַזיגט מען דעם, וואָס הערשט איבער מיר? איינמאָל...

זיצנדיק מיט אים בײַ אַ פֿלעשל בראָמפֿן אין אַ יידיש שענקל, האָט ער גענומען בײַ מיר זיך אויספֿרעגן וועגן מײַן משפּחה:

— און ווו לעבן דײַנע עלטערן?

— אין לאָדזש—האָב איך געענטפֿערט...

— אין לאָדזש: — און מײַן מיכאַילאָוויטש האָט אַ זעץ געטון מיט דער פֿויסט איבערן טיש...

— אין לאָדזש? און ער איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון זײַן פּלאַץ.

איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען, צי דער שנאַפּס איז אים אַרויס פֿון קאָפּ, צי דער שנאַפּס איז אים אַרײַן אין קאָפּ. איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער האָט דאָרט צו דער פֿאַבריק־שטאָט לאָדזש, וועלכע איז דעמאָלט געווען אין אָקופּאַציע בײַ די דײַטשן...

ביסלעכווײַז בין איך דערגאַנגען פֿון אים די סיבה פֿון זײַן גרימצאָרן:

פֿאַר דער מלחמה פֿלעגן פֿאַרשידענע לאָדזשער אַפֿעריסטן אַנאָנסירן אין דער פּרעסע געוואַלטיקע מציאות. פֿאַר עטלעכע רובל פֿלעגט אַזאַ אַנאָנס צוזאָגן גאָלדענע בערג און אָט איז מײַן מיכאַילאָוו אַרײַנגעפֿאַלן. ער האָט איבערגעלייענט אַזאַ אַנאָנס וווּ פֿאַר פֿערצן רובל האָט מען צוגעזאָגט גלײַך אַרויסצושיקן: אַ קאָסטיום, אַ גאָלדענעם זייגער (אַמעריקאַנער גאָלד), וועש, זייף, אַ גאָל־מעסער, שיך און נאָך גוטע זאַכן. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דער מציאה און גלײַך אַרויסגעשיקט די פֿערצן רובל, פֿאַר וועלכע ער האָט באַקומען אַ ביסל יוקס שמאַטעס...

שוין יאָרן, ווי ער האָט געטראָגן אַ ביטערן כּעס אויף דעם „פּוילישן מאַנטשעסטער" און איצט האָט ער געפּאַקט דעם, אויף וועלכן ער קאָן אויסלאָזן זײַן גאַנצן כּעס, זײַן לאַנג דערוואַרטע נקמה.

עס האָט נישט געהאָלפֿן, וואָס איך האָב זיך אַ ביסל צוריק־געצויגן, אַז איך בין אין לאָדזש נישט געבוירן געוואָרן. ער האָט געהאַט איין וואָרט.

— ווסיאַ ראַהנאַ, דו ביסט פון לאָדזש... און עס האָט זיך אָנגעהויבן זיין אויספאָרשונג:

— מיט וואָס האָסטו זיך דאָרט פאַרנומען?

— איך האָב געלערנט, אין גימנאַזיע געלערנט...

— און דיין טאַטע איז אַ קופּיעץ, האַ! אַ קופּיעץ?

— ניין! מיין טאַטע איז... אַ דאָקטאָר.

— אַ ליגן, — האָט ער אַ געשריי געטון...

— גאָספּאָדין זוואָדני, מיין טאַטע איז אַ דאָקטאָר, יעי באָגו!

האָט ער זיך גענומען אויספרעגן בײַ מיר וועגן מיינע קרובים. טאָמער איז פאַראַן איינער פון זיי, וועלכער האָט עפּעס אַ שייכות מיט דעם אַנאַנס, פאַר וועלכן ער האָט פאַרצען רובל באַצאָלט. איך האָב געזעען ווי זיין בייזקייט איז געוואַקסן. איך האָב געמיינט, אַז זיין באָרד וועט בלייבן אין זיינע הענט. אַזוי האָט ער זי געצופּט פון כעס און אויפרעגונג. איך האָב געזען, אַז עס האַלט שלעכט מיט אים. האָב איך אַ ווונק געטון צום ייד פון שענקל:

— נאָך אַ פלאַש בראָנפן!

אַ פאַרבאָרגענער כעס פון אַן אָפּגעגאַרטן האָט געלעבט אין אים. עס איז געלעגן באַהאַלטן אין דער טיפעניש פון זיין נשמה. עס האָט געדרימלט, און איצט, ווען איך האָב דערמאָנט דאָס וואָרט „לאָדזש" בײַ אַ גלעזל ברענענדיקן ספּירט — האָט עס אויפגעפלאַמט אין אים דער צאָרן. איך האָב באמת דעמאָלט באַדאַרפט זיין אַ מזיק זיך אָרויסצודרייען פון זיינע הענט און, דער עיקר, פון זיין פוס, מיט וועלכן ער פלעגט אַלע זעלנער שלאָגן.

מיט דעם האָט זיך נישט געענדיקט.

כמעט יעדן טאָג פלעגט ער עס מיך דערנאָך דערמאָנען און דערציילן די געשיכטע.

— מאָשענניקו! — פלעגט ער צו מיר אויסשרייען...

— סוואָלאָטש!

— גנבֿ!

— לאָדזשער גנב !

איך פלעג זיך פאַרטיידיקן : איך האָב זיך מיט אַזעלכע זאַכן נישט פאַרנומען, מיין טאַטע אויך נישט, מיינע קרובים אויך נישט... וואָס ווילט איר פון מיר, גאָספּאָדין זוואָדני !

— פּאָדאָזשדי ! וואַרט נאָר, — פלעגט ער זאָגן. — מיר וועלן אַוועקגיין אין „נאַסטופּלעניע", מיר וועלן אַרויסטרייבן די דייטשן פון פּוילן און דעמאָלט, ווען מיר וועלן אַריינגיין אין לאָדזש... דעמאָלט, דעמאָלט...

ס'איז פּשוט אַ גרויס גליק געשען, וואָס מיכאַילאָוו איז קיין לאָדזש נישט אַריין. ער וואָלט זיך שוין פאַר זיינע פערצע רובל אָפּגערעכנט...

ער וואָלט שוין...

# מען וויל מיך שמייסן

די לעצטע וואָכן פון ווינטער און אויך די לעצטע וואָכן פון ניקאָלאַיס הערשאַפט. די דיסציפּלין בײַ אונדז אין קאַזאַרמע איז דערפירט געוואָרן ביז צו משוגעת.

פאַר אַ בליק פלעגט מען באַשטראָפן.

פאַר אַ וואָרט פלעגט מען באַשטראָפן מיט קאַרצער, און פאַר אַ גרעסערער זינד — מיט שמיץ...

און איך אַליין, אַ זעלנער פון קערטשעסקי פּולק, איך בין באַגאַנגען אַ גרויסע זינד, געבראָכן די דיסציפּלין און...

מען האָט מיך פאַרמשפּט צו דער מיאוסטער שטראָף, צום גרעסטן חוזק איבערן מענטש... צו צען שמיץ...

פאַרוואָס?

אַ סך האָב איך שוין דערציילט פון מיין קאַזאַרמע-לעבן, פון יענע זעכצען חדשים, וועלכע מען האָט אַרויסגעריסן פון מיין ביסל יאָרן, זעכצען חדשים, וועלכע געדענקען זיך און וועלן זיך געדענקען. יעדער טאָג און יעדע נאַכט איז געווען אַ באַזונדער אָפּטיילונג פון גיהנום. אפילו איצט, ווען איך דערמאַן זיך, ווערט אַ ביסעלע קאַלט און אַ ביסעלע וואַרעם. איך האָב געזען, ווי מען האָט אויף מענטשן געשפּיגן, ווי מען האָט געטרעטן דעם צווייטן מענטש, ווי די פאַר שטאַרקע הענט פון פעטרענקאָ האָבן געפּאַטשט צען זעלנער נאָכאַנאַנד און מיט דעם בלוט פון איינעם האָט ער פאַרשמירט דאָס פּנים פון אַ צווייטן...

פאַרגעסן איז דאָס שווער. איך פלעג זיך קאָרטשען פון

כעס און געשוויגן. אָ, דאָס זינדיקע שווייגן פון פחדנות. כאָטש די פחדנות האָט מיך געראַטעוועט...

אַרויפשפּרינגען אויף אַזאַ רוסיש־טאַטעריש צעווילדעוועטן אינסטרוקטאָר, אַרויפשפּרינגען און רייסן שטיקער פון אים.

דעמאָלט וואָלט זיך דאָס געענדיקט אין אַ שטומע נאַכט, עטלעכע קוילן אין קערפּער און אַ סוף.

מען האָט די זעלנער מיט די פיס ווי ווערעם געטרעטן...

און אַלץ אין היייליקן נאָמען פון פאָטערלאַנד, אוי, דאָס פאָטערלאַנד רוסלאַנד, וווּ אַ ראַספּוטין איז געזעסן אין קייזער־לעכן הויף! פאַר אַנדערע איז יענץ רוסלאַנד היסטאָריע. פאַר אונז איז דאָס אַ ווייטיקלעכער נעכטן, די נשמה טוט נאָך הייבט ווי פון די באַליידיקונגען...

מען האָט מיך געוואָלט שמייסן.

ווייל איינמאָל האָב איך באַקומען צוגעשיקט אַ צעטעלע פון שטאָט, צוויי קילאָמעטער פון אונזער קאַזאַרמע, אַז מיינס אַ באַ־קאַנטע איז געקומען צו פאָרן און זי וויל מיך זען...

די באַקאַנטע איז געווען אַ יונגע, אַ שיינע. אָבער נישט דאָס איז געווען דער עיקר: אַכט חדשים האָב איך שוין נישט געזען קיין נאָענטן מענטש, נישט געהערט קיין פריינטלעך וואָרט. איך האָב אין אַלעמען פאַרגעסן, איך האָב זיך אַליין שוין געהאַט פאַרגעסן... און פּלוצלינג אַ נאָענטער מענטש, אַ פריינטלעכקייט, אַ מענטש איז אַראָפּגעקומען ספּעציעל צו מיר. זי וויל מיך זען. איך בין געוואָרן צעטומלט. אַ מענטש האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט מיין גורל, מיט מיר... דעמאָלט, ווען איך אַליין האָב זיך געפילט ווי לעבעדיק באַגראָבן...

אורראַ!

עס האָט מיר פאַרשווינדלט אין קאָפּ, די קאַזאַרמע האָט זיך גענומען דרייען ווי אַ קאַרוזעל פאַר מיינע אויגן... פּאַניע איז געקומען, פּאַניע, פּאַניע!...

איך האָב געהאַלטן אַ שטיקל פּאַפּיר אין האַנט, ווי אַ צע־טעלע פון הימל...

און עס האָט אויסגעזעען, אַז דאָס איז נישט פּאַניע, נאָר

אַ מלאך איז אַראָפּגעקומען קיין פּאָלטאַוואַגראַד ראַטעווען אַ מענטש... מיך ראַטעווען. און האָפנונג אויפגעוואַכט: איך וועל ווידער לעבן. איך וועל ווידער זיין אַ מענטש און פּעטרענקאָ, און מיכאַילאָוו און די גאַנצע באַנדע צאַרסקע דרעסירער וועלן מיך שוין מער נישט פּייניקן.

אוראַ! צו פּאַניען, אין שטאָט אַריין!

אָבער...

אַרויסגיין פון אונזער קאַזאַרמע איז נישט געווען אַזוי לייכט, כמעט אוממעגלעך. דער גאַנצער ראַיאָן איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכעדיקע דראָט און בײַ די טויערן זענען געשטאַנען שומרים, אויך אַזעלכע זעלנער, ווי איך, נאָר זיי האָבן באַקומען זייער באַפעל נישט אַרויסלאָזן קיינעם אָן אַ דערלויבעניש. ווי נעמט מען אַזאַ דערלויבעניש? ווי באַקומט מען עס, ווען איך קום צו מיין זוואָדני פּעטרענקאָ און איך ערקלער פאַר אים:

— גאָספּאָדין נאַטשאַלניק! צו מיר איז געקומען צו פאָרן אַ „באַרישניע" פון יעקאַטערינאָסלאַוו. זי וויל מיך זען און איך וויל זי זען... דערלויבט מיר אַוועקצוגיין אין שטאָט אַריין —

וואָלט אַזאַ פּעטרענקאָ מיט די חישע אויגן, מיטן שטעכעדיקן בליק אַ געשריי געטון:

— טשטאָ טאַקאָיע?

ס'וואָלט שוין געווען בזיון פאַר מיר.

ניין! קיין דערלויבעניש וועל איך נישט באַקומען און פּאַניען מוז איך היינט זען, היינט... ווייל זי איז געקומען בלויז אויף אַ האַלבן טאָג, שפּעט אין אָוונט פאָרט זי צוריק. פּאַניען מוז איך זען, אויב איך בין איצט געוועזן פּאַסיוו און אונטערטעניק, ווי אַ קנעכט, ווי טויזנט און טויזנטער אַנדערע, איז דאָס שוין געווען אַזוי... אָבער איצט? וויפיל אַ מענטש האָט מוט, וויפיל איינער האָט דרייסטקייט, עקשנות, אַמביציע, נייגיריקייט, — אַלע די געפילן האָבן זיך אין מיר אויפגעוועקט און אָנגעצונדן. איך בין גרייט געווען אויף דער גרעסטער אַוואַנטורע...

עס איז געווען צו טראַכטן, אַז דאָס זאָל אַנדערש

זיין: פאניען מוז איך זען. איך וויל אזוי. איך בין א מענטש. איך האב רעכט זיך צו באגעגענען מיט דער שיינער פאניע און צוליב איר אליין מוז איך דאס טון, זי האט געפאטערט צייט, זי איז צו מיר געקומען, געדעקט אן מיר... א ווילע איז זי, א טייערע, וועל איך זי דאס באדאנקען פאר איר שיינעם טריט, וואס זי האט געוואַרט, זי האט דאך מיר מוט געבראַכט, פליגלען געבראַכט, איך וויל און וועל איצט לעבן, אלע פעטערקאס אויף צו להכעיס.

און איך האב גענומען דורכפירן מיין פלאן:

אין ראיאן פון אונזער קאזארמע איז געווען א יידיש געוועלב, א קרעמל פאר די זעלנער. דארט פלעג איך זיצן אין די פרייע שעהן און דארט זענען געלעגן מיינע ציווילע בגדים. איך האב קיין סך נישט געטראכט, איך בין באלד געווען אין קרעמל באם ייד. אין א שעה ארום בין איך געשטאנען אנטקעגן אן אפגעריבענעם, פון פליגן פארפינטלטן שפיגל... איך האב זיך נישט דערקענט: א לארד, א דענדי, כאטש דער קאפעלוש מיינער האט כסדר געזונקען איבערן קאפ, ווייל די האר מיינע זענען געווען אפגעגאלט ביזן שארבן. איך האב צו דעם אויך געפונען אן עצה, נאכאמאל זיך צוגעפוצט, צוגעגלעט די בגדים און גענומען שפרייזן מיט זעלנערישע טריט, אבער שוין אן די זעלנערישע בגדים.

ציווילע מענטשן פלעגט מען ארויסלאזן פון דער שטעכעדיקער דראט און איך, דער פארשטעלטער בין אויך פריי דורכגעגאנגען. ארויס פון קאזארמע. די אמאליקע מונטערקייט האט אויפגעלעבט. עס איז דאך א טייערע זאך אן די שווערע שטיוול, אן דעם שינעל, און וווּ גיי איך? באגעגענען א שיין מיידל, צו מיינער א גוטער באקאנטע, צו פאניען — זי איינע האט זיך דערמאנט. עס איז געווען נאכמיטאג, עס איז געווען סוף ווינטער. דא אויף דרום איז דער שניי שנעלער צעגאנגען און דער הימל איז געווען בלויער און איך בין געווען דער גליקלעכסטער... זי, פאניע, זאל זי געבענטשט זיין, זי האט מיך דערמאנט, אז איך לעב נאך...

פלוצלינג... א שוידער...

מיר דאַכט זיך, אַז פאַרן מלאך המוות אַליין וואָלט איך זיך אַזוי נישט דערשראָקן. די אויגן זענען אַרויסגעפּלויגן און באַלד זיך באַהאַלטן טיפער אין קאָפּ אַריין. די פיס האָבן זיך גענומען הויגן... אַ סוף! אַ סוף צו מיין פרייד און צו מיר איינגאַנצן.

אויף דעם ליידיקן טראָטואַר פון די ערשטע פּאָוולאָגראַ-דער גאַסן, פּונקט אַנטקעגן מיר איז געגאַנגען אַ פּראָפּאָרשטשיק איסיראָוו. מיין אָפּיציר און איך האָב זיך אויגנבליק דערמאָנט, אַז איך בין נישט איך, איך בין גאָר אַ זעלנער. צי ער האָט מיך געזעען און דערקענט דאָס האָב איך נישט געוווּסט. איך בין גע-וואָרן זייער צעטומלט און זיך נישט אָריענטירט. פריער וואָלט איך זיך געקאָנט באַהאַלטן אין אַ טויער. איצט איז שוין געווען צו שפּעט. איסיראָוו האָט זיך דערנענטערט.

און איך, שוין נישט האָבנדיק, וואָס צו פאַרלירן און וואָס צו געווינען... איך בין אים געגאַנגען אַנטקעגן.

ער האָט מיך דערקענט און גענומען שמייכלען:

— זדראַווסטוווי, גאָלובטשיק!

איך האָב זיך אַזוי פאַרלוירן, אַז איך האָב אים סאַלוטירט אונטערן קאַפּעלוש... האָט ער ווידער אַ שמייכל געטון, און גע-באַנגען ווייטער און מיך געלאָזט גיין...

שוין געווען איינמאָל געגאַנגען. די ערד האָט זיך געוויגט אונטער מיר, איך האָב געציטערט ווי איינער, וואָס זעט שוין זיין תליה... וואָס האָט געהאַט צו מיר די פּאַניע? וואָס האָט זי גע-וואָלט פון מיר? זאָלן זיי גיין די אַלע מיידלעך מיט זייערע קאַ-פּריזן, פאַר זיי איז דאָס אַ שפּיל און דעם צאַייטן ברענגען זיי אויפן פייער. עס איז מיר נישט איינגעגאַנגען די באַגעגעניש. איך בין אַליין אויף זיך געווען פול מיט צאָרן.

וואָס איז דאָס געווען מיט מיר מיט עטלעכע שעה צוריק? וואָס האָב איך אַזוי געטאַנצט פון שמחה? אַ מיידל געקומען, אַ געוואַלדיקע זאַך.

זי האָט מיך באַרויקט... יאָ, זי קאָן בלייבן רויק, היינט באַך פאַרט זי צוריק קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, אָבער איך? איך

מוז גיין צוריק אין קאַזאַרמע. וואָס וועט זאָגן איסיראַחו? וואָס. וועט זאָגן פעטרענקאָ און ער אַליין, ווערעטינאַוו, דער קאָמאַנדיר פון מיין ראָטע.

איך האָב געוווּסט, וואָס ער וועט זאָגן, נאָר אַפילו טראַכטן וועגן דעם האָב איך מורא געהאַט. ווערעטינאָווס געליבט ווערטל איז געווען:

— צען שמיץ, סוואָלאַטש...

אָט אַזוי איז מיר פאַרסמט געוואָרן אַ גוטער אָוונט. איך האָב זיך געפּיינעקט און זי, פאַניע, האָט זיך אויך געפּיינעקט. אפשר האָט זי נישט פאַרשטאַנען מיין מורא, אפשר האָב איך אויך אויסגעזען ווי אַ פּחדן באַ איר אין די אויגן, אָבער זי האָט נישט געקאָנט זיין און זי איז נישט געווען אין מיין פעל.

אונז האָט מען דרעסירט און אויסדרעסירט, מיר האָבן גע-ציטערט אויפצוהייבן אַ בליק... און דאָ האָב איך אָפּגעטון אַזאַ שרעקלעכע זאַך: איך האָב אַראָפּגעוואָרפן דעם שינעל און זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ ציוויל מאַנטל, איך האָב פאַרשוועכט דעם זעלנערישן מונדיר. גלאַט ווען עס מיר נישט אָנגיין. איך בין שוין אין יענעם אָוונט צוריק אין קאַזאַרמע נישט געגאַנגען, גע-נעכטיקט באַ אַ באַקאַנטער און זיך געוואָרפן אויף אַ פרעמד גע-לעגער אין אַ משוגענעם פיבער. יעדער רגע האָט זיך מיר אויס-געדאַכט, אַז מען גייט מיך נעמען, און איך האָב געוואָלט שרייען:

— גוואַלט מען שמייסט מיך...

אַזעלכע נעכט זאָלן זיך נישט אומקערן, קאַלט און הייס איז מיר געווען.

וואָס האָט געהאַט צו מיר דאָס מזל מיינס, וואָס האָט עס געשיקט אַ פאַניע אויף מיין קאָפּ?

אין דער פרי האָב איך זיך אַריינגעגנבעט אין קאַזאַרמע. לויט די ערשטע בליקן, וואָס די זעלנער האָבן געוואָרפן אויף מיר, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אַלע ווייסן שוין מיין בראָך.

באַלד זענען צו מיר צוגעקומען עטלעכע און לאַכנדיק האָבן זיי צו מיר גערעדט:

— דו ביזט געגאַנגען ציזיל און סאַלוטירט אונטערן קאַפּע־לוש איסיראַוון...

און איינער האָט געמאַכט באַוועגונגען מיט דער האַנט:

— מען וועט דיך... — דערביי האָט ער געוויזן, ווי מען שמייסט. דער באַקעטער אמת איז געשטאַנען פאַר מיינע אויגן.

דערנאָך איז געקומען פּעטרענקאָ און געוואָרפן אַ בליק אויף מיר און דערביי אויך אַרויסגערעדט בלויז אַ האַלבע פראַזע:

— מען וועט דיך...

דערנאָך האָט מיך באַגעגנט איסיראַוו:

— ווו איז דיין קאַפּעלוש? עך, דוראַק! צוואָס האָסטו דאָס באַדאַרפט? ווערעטינאַוו וועט זיך דערוויסן...

און ער האָט אויך געענדיקט מיט דער זעלבער פראַזע:

— מען וועט דיך...

מען וועט מיך שמייסן, שמייסן, אַזוי ווי יענע וואָך האָט מען געשמיסן ביעליאַעוון, פאַר צוויי וואָכן — איוואַנאָוון.

מען האָט מיך נאָך נישט געשמיסן, נאָר איך בין שוין גע־ווען אַזוי ווי אַן אָפּגעשמיסענער. דאָס רעדן, דאָס שפּאַסן, דאָס טראַכטן אַליין וועגן דעם איז שוין געווען די מיאוסטע באַליידי־קונג פאַר מיר... איך בין שוין געווען, ווי אַ געשמיסענער, עס האָט מיר שוין וויי געטון. אין ביטערן טראַכטן, אין מיין שרעק־לעכסטער פאַרצווייפלונג האָב איך זיך געמאַכט מיינע פּלענער: אַנטלויפן פון קאַזאַרמע, סמען זיך, ווי איך וועל זיך נאָר דער־וויסן, אַז מען גייט אויספירן דעם פּסק... איך האָב שוין געוווסט, אַז ווערעטינאַוו האָט באַשלאָסן מיך מכבד צו זיין מיט זיין פּאַרציע. איך האָב געלויערט, אַלעמען געקוקט אין די אויגן, קיינעם נישט געגלייבט, קיינעם נישט געטרויט... איינס האָב איך געוווסט, אָדער איך וועל אַ סוף מאַכן מיט מיין לעבן פאַר דעם, אָדער נאָך דעם...

דערווייל זענען די זעלנער צו מיר געקראָכן:

— האָסט עפּעס מורא?

— דו וועסט זיין בא אונז דער ערשטער געשמיסענער ייד. שטענדיק דרייען זיי זיך אַרויס די יידעלעך, אָבער דו וועסט זיך שוין נישט אַרויסדרייען, מען האָט דיך אויפן אויג...

נישט פון שלעכטס. איך האָב געלעבט מיט זיי גאַנץ גוט. פאַר אַ האַלבע ראָטע פלעג איך שרייבן בריוו, זיי האָבן גערייכערט מיינע פּאַפּיראָסן, מיר האָבן געלעבט גאַנץ פריינטלעך. אָבער דאָס איז שוין אַזוי: כמעט יעדער איינער וויל, מען זאָל דעם צווייטן שמייסן.

צום גליק:

עס זענען געקומען געשעעניש, וועלכע זענען געווען גרעסער פאַר אונזער קליינלעך לעבן אין קאַזאַרמע. מען האָט מיך נישט באַוויזן צו שמייסן. די רוסישע רעוואָלוציע האָט מיך געראַטעוועט, און די, וועלכע האָבן מיך געוואָלט שמייסן, זיי האָבן געדאַנקט גאָט, וואָס איך אַליין שמייס זיי נישט...

# אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער

ניט לאַנג האָב איך געפונען בײַ אַמאָליקע באַקאַנטע אין ביאַליסטאָק מײַנס אַן אַלטע פאָטאָגראַפיע. זעקס און צוואַנציק יאָר צוריק. איך האָב געקוקט אויף זיך, געשמייכלט צו זיך און געוואָלט לאַכן אויפן קול: די שוואַרצע בלוזע, וואָס איך האָב דעמאָלט געטראָגן, די לאַנגע האָר און נאָכאַמאָל: די שוואַרצע בלוזע מיט די לאַנגע האָר — דאָס האָט מיר אויסגעזען אַזוי ווייט פון מיר, אַזוי יונג-בחוריש נאַריש און אין דער זעלבער צייט אַזוי נאַיוו-אידעאַליסטיש, גוטמוטיק און קאָמיש.

איך האָב זיך ניט אײַנגעהאַלטן און אויסגערופן:

— אוי, בין איך דעמאָלט געווען אַ יאָלד...

— פאַרוואָס עפּעס אַ יאָלד? — האָבן מײַנע באַקאַנטע פאַרוווּנדערט געפרעגט.

— ווײַל איך האָב געגלייבט...

ווייזט אויס, אַז מײַן ענטפער האָט זיי באַגנוּגנט, ווײַל זיי האָבן מער ניט געפרעגט. איך האָב געלאָזט די פאָטאָגראַפיע אין אַ פרעמדן שופלאָד און מיט עטלעכע שוין באַלד פאַרגעסענע פרייַנט בין איך אַוועקגעגאַנגען וואַנדערן איבער מײַן שטאָט.

אין דער שטאָט פון די קינדער-יאָרן, אין דער שטאָט, וווּ מײַנע אויגן האָבן צום ערשטן מאָל דערזעען דעם הימל. שפּאַצירנדיק אַזוי אין מײַן שטאָט, וווּ איך בין צענדליקער יאָרן ניט געווען, דאַכט זיך מיר אויס, אַז ניט איך אַליין שפּאַציר, נאָר מיט מיר גייט מיט דער יענער, דער יונגער „איך" מײַנער, דער, וועלכער האָט אויף אַלץ געקוקט מיט גוטע, גלויביקע אויגן.

און די שאָטנס פון די אַלטע מומעס.

און די שטאָלצע באָבע מיינע, די יחסנטע, די פון די יאַוועצעס.

און דאָס ערשטע חברל...

און פון אַ דורכזיכטיקן וואָל קוקט אַרויס אַ געשטאַלט, די פּאָר חלום-אויגן פון מיין ערשטער ליבע... שפּאַצירנדיק אַזוי אין מיין שטאָט.

פון גאַס צו גאַס, פון געסל צו געסל. אַנדערע ווינקלען זענען שוין איינגאַנצן אָפּגעמעקט געוואָרן, פאַרמויערט, פאַרבויט, איבערגעבויט. אָבער עס זענען פאַראַן ווינקעלעך, פון וועלכע די ציטערסט אויף: אָט אַזוי האָט עס אויסגעזעען מיט פערציק יאָר צוריק. דאָס הייזל איז דאָן אויך געווען אַזוי געבויגן, און גע־פאַרבט איז עס געווען אַזוי ווי איצט: העל-גרין, אָפּגעבליאַקירט, אויסגעבלייכט... יאָ, און יענער פאַרקאַן, וואָס פאַלט באַלד איין, ווי לאַנג ער פאַלט און שטייט נאָך אַלץ!...

— איר ווייסט, פאַרוואָס מיר האָבן אַזוי ליב אונזער שטאָט, דאָרט ווו די ערשטע יאָרן אונזערע זענען אַוועק?

— פאַרשטייט זיך, ווייל דאָס איז אונזער געבורטס-אָרט...

— ניין! פריינט מיינע, דאָס איז ווייניק; מיר האָבן ליב אונזער יוגנט-שטאָט דערפאַר, ווייל דאָ האָבן מיר גאָט געזוכט. מיר האָבן אים געזוכט אין אונזערע ערשטע זון-פאַרגאַנגען, אין אָנהייב פרילינג און אין גאָלדענעם האַרבסט. מיר האָבן אים גע־זוכט אין דונער און בליץ, אין ביכלעך, אין פענצטער פון דער אַלטער שול, וואָס איז מיט אַ נר תמיד באַלויכטן געווען...

— געזוכט און נישט געפונען?

— דאָס איז נישט אַזוי שרעקלעך, — ענטפער איך, — ערגער אַ סך איז דאָס, וואָס מיר האָבן אויפגעהערט צו זוכן.

אָט אַזוי רעדט מען און אַזוי אין רעדן ווערט מען פּלוצ־לינג שטיל, יעדער איינער באַלאַדן מיט דערינערונגען פון זיינע יוגנט-יאָרן. גייען אַזוי מענטשן און די פאַרגאַנגענע יאָרן באַ־גלייטן זיי, טריט באַ טריט.

מיר האָבן דאָן לאַנג געשפּרייזט אויף אונזערע גאַסן. אַ סך

זאכן דערמאָנט יעדער בנין אַ דערינערונג, יעדע גאַס אַן עפּאָפּעע און די תּפיסה און שענקעוויטש-גאַס.

— היינט איז דאָס אַ שולע פאַר קינדער...

— און איך קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, אַז אין דעם בנין קאָן מען פריי אַריינגיין און פריי אַרויסגיין. פאַר מיר בלייבט עס אַ טפיסה אין זכרון, אין האַרץ, אַפילו מיינע אויגן קאָנען זיך צו דעם נישט צוגעוואוינען. נישטאָ קיין קראַטעס אויף די פענצטער, אָבער איך זע קראַטעס, איך זע זיי... ווייל מיינע חדשים און וואָכן זענען דאָ געפּייניקט געוואָרן...

עס פעלט מיר פּשוט, די תּפיסה מיט די אייזערנע קראַטעס פעלט מיר צו יענער הערלעכער צייט, צו יענע טעג פון מוט און גלויבן...

אַ שטאָט איז אַזוי, ווי אַ בוך. וואָס מען בלעטערט מער, אַלץ מער לייענט מען. מיר שפּרייזן און מיר רופן אַרויס פאַרשידענע געשטאַלטן, קאָמישע און ערנסטע:

— אָט דאָ באַם טויער בין איך אַמאָל געשטאַנען מיט אסתּר זיסקינד. דאָס טויער איז געווען פאַרשלאָסן און אַרום איז געגאַנגען אַ שיסעריי. איך האָב געקלאַפּט אין טויער, גערופן:

— עפנט, ראַטעוועט!

און זי איז געווען רויק.

— זייט געדולדיק האָט זי געזאָגט, כאָטש נישט מיט געוואַלט דאָס לעבן. אויב ס'איז באַשערט איז דאָס דיינס, אויב נישט...

די קוילן פליען איבער אונזערע קעפּ, די רוסישע זעלנער מיט די אָפיצירן פלעגן פירן מיט די ביאַליסטאָקער בחורים אמתע שלאַכטן. קיין קוילן האָבן זיי נישט געקאַרגט...

די אסתּר, די רעוואָלוציאָנערין, זי רעדט גאַר, אַז אויב עס איז באַשערט, איז דאָס לעבן דיינס. זי רעדט פון „באַשערט". איך האָב זי דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען.

דאָס טויער האָט זיך געעפנט און מיר האָבן זיך דעמאָלט

געראַטעוועט, נאָר אין צוויי וואָכן אַרום איז זי געהרגעט געוואָרן אויף דער סיראַזשער גאַס, אויף דער „בירושע"...

אויב עס איז באַשערט, איז דאָס לעבן דיינס, אויב ניט. .

און זעלדען געדענקט איר ?

זעלדע דער מאַנסביל... זי האָט טאַקע געהאַט אַ פּנים פון אַ זכר, אַ ישיבה בחור, נישט קיין מיידל, אַ ביסל איינגעהויקערט, אַ סך קנייטשן אויפן געזיכט און וואַנסעלעך, און איינמאָל האָט זי זיך טאַקע אָנגעטאָן אין מאַנסבילישע מלבושים צוליב אַ שטיקל קאָנספּיראַטיווע אַרבעט, איז זי דורכגעפאַלן. האָט מען זי — אים געבראַכט אין תפסה אַריין צו די מאַנסבילן, זעלדע דער מאַנסביל... עס האָט זיך דעמאָלט אַ ביסל געדרודערט אין תפיסה אַ נקבה אין הויזן מיט מענער אין איין קאַמער...

צוליב רעוואָלוציע-מאַטיוון האָט די זאַך נישט געטאָרט אויפגעדעקט ווערן ביז אַ צייט, נאָר די קרימינעלע אַרעסטאַנטן האָבן נישט אויסגעהאַלטן, זיי האָבן דערציילט דעם וועכטער, דער וועכטער — דעם נאַטשאַלניק.

עס איז דערגאַנגען צום פּראָקוראָר, צום גובערנאַטאָר און, דאַכט זיך, אַז אויך צום מיניסטער אין פּעטערבורג איז דאָס דערגאַנגען... מען האָט געפּאַרשט לאַנגע וואָכן די געשיכטע מיט זעלדען דעם מאַנסביל.

און דעמאָלט האָט מען אַפילו פון די קאָמישע זאַכן נישט געלאַכט זעלדע דער מאַנסביל איז געווען זשאַנגע דאַרק, אַן אשת, אַ שמשון הגבור...

דרך-ארץ פאַר איר ?

— געווען אַ צייט... האַ ?

— יאָ... ס'איז גאָרנישט געבליבן...

— פאַרוואָס ? איצט זענען דאָך געקומען נאָך דרייסטערע...

— פון זיי וועט אויך גאָרנישט בלייבן. יעדער דור, די יוגנט פון דור האָט אַביסל צופיל היץ, דערנאָך לעשט זיך עס אויס. גיב אַ קוק, דערמאָן זיך אַזאַ ביאַליסטאָק, וויפיל טויזנטער האָבן דאָס דעמאָלט געזונגען: „מיר שהערן"... וווּ זענען זיי ?

זיי האָבן די שבועה נישט געהאַלטן...

מיר זענען אַזוי אַריין אין אַ וואַלד פֿון דערינערונגען און נישט געוואָלט זיך אַרויספּלאָנטערן, ווייל עס האָט אויפגעברויזט דאָס אַלטע, דאָס פֿאַרגאַנגענע און יעדער האָט געהאַט עפּעס צו דערציילן...

עס ווערט ליכטיק אין דער נשמה און אַביסעלע טרויעריק ווערט... עפּשר דערפֿאַר, ווייל דאָס שענסטע איז פֿאַרגאַנגען.

און עס לויפֿן כסדר דערינערונגען.

היינט שפּרייז זיך אַזוי רויק און זיכער אויף די גאַסן פֿון מיין שטאָט, אָבער דעמאָלט, אין יענע יאָרן בין איך דאָ געווען, ווי אַ פֿאַריאָגטער וואָלף. כ׳פֿלעג אַרויסגיין פֿון שטוב און קיינמאָל נישט געוווּסט, צי איך וועל צוריקקומען. פּאָליציי האָט נאָכגע-פֿאָרשט מיין יעדן שריט. אפשר נישט אַזוי צוליב מיין אַרבעט, איך בין גאָרנישט געווען אַזאַ אויפטוער, נאָר פֿאַרפֿאָלגט האָט מען מיך צוליב מיין שוואַרצער בלוזע און צוליב מיינע לאַנגע האָר...

מען האָט מיך פֿאַרפֿאָלגט ווי אַ ביזן וואָלף, און מורא האָט מען פֿאַר מיר געהאַט, ווי פֿאַר אַ וואָלף, דאָס גאַנצע ביסל באַלעבאַטישקייט האָט זיך איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל אַריינגענומען אין קאָפּ, אַז די רעוואָלוציע — דאָס איז „ער“ (איך). אַרעסטירט מען מיך, איז אַרעסטירט די רעוואָלוציע, וועט מען מיך דערשיסן, איז די רעוואָלוציע דערשאָסן...

אין אַ טאָג פֿון אַן אַלגעמיינעם שטרייק איז געווען, איך זאָל זיך באַווייזן אויף דער גומיענער גאַס, אָדער אויף ליפּאָווע גאַס און די געוועלבער פֿלעגן זיך נעמען פֿאַרמאַכן, און דאָס איז נישט דערפֿאַר, ווייל נאָך מיר איז נאָכגעגאַנגען אַ מוטראַליעזע, אָדער אַ גרויסער הארמאַט: נישט דערפֿאַר. איך האָב אויך קיין באָמבעס נישט געהאַלטן אין קעשענע, קיין רעוואָלווער נישט מיטגעטראָגן, איך בין נישט קיין ליבהאָבער פֿון ביקס און קויל.

מורא און דרך-ארץ האָט מען געהאַט פֿאַר מיר בלויז צוליב מיינע לאַנגע האָר און צוליב מיין שוואַרצער בלוזע... און די מורא פֿאַר מיר פֿלעגט אויף מיר אַליין אָנוואַרפֿן אַ פּחד, כאָטש אַ סך מאָל אַז עס איםפּאָנירט, נאָר צרות פֿלעגט עס

מיר ברענגען: פּאָליציי האָט מיך ביטער פּאַפּאָלגט. אַ סך גרינ-
גער וואָלט מיר געווען ווען. איך וואַרף אַראָפּ די שוואַרצע בלו-
זע, ווען איך שער זיך אָפּ די לאַנגע האָר.

ניין! דאָס נישט... אַראָפּנעמען די האָר, אויסטון די בלו-
זע, עס האָט מיר אויסגעזען דעמאָלט ווי די גרעסטע לעסטע-
רונג. אויסטון די בלוזע הייסט זיך אויסטון פון דער רעוואָלו-
ציע... ווי אַ פרומער, האָב איך זיך נישט געוואָלט שיידן מיט
דעם מלבוש, אין וועלכן מיין פרומקייט איז איינגעוויקלט...

אפילו דעמאָלט, ווען די קאָזאַקן האָבן מיך איינמאָל גע-
שלעפּט אַ שטיק וועג פאַר מיינע לאַנגע האָר — וועגן אָפּשערן
זיך האָב איך נישט געטראַכט.

איינגעשפּאַרט געווען, ווייל איך האָב געגלויבט.

אָבער אונטער דער שוואַרצער בלוזע האָט געקלאַפּט אַ
האַרץ און נישט אַלע מאָל האָט עס געקלאַפּט פאַר דער רע-
וואָלוציע...

עס זענען געווען אַ סך מיידלעך שיינע אין אונזער שטאָט.
ווו איז אַהינגעקומען יאַדוויגאַ בראָמבערק?
און איר שוועסטער רעבעקאַ?

דער טאַטע זייערער בראָמבערק איז געווען אַ רייכער ייד,
ער האָט זייער ליב געהאַט זיינע טעכטער און שטאַרק פיינט גע-
האַט די רעוואָלוציע מיט די רעוואָלוציאָנערן.

איין ווערטל האָט ער געהאַט:

— שמייסן...

— איך וואָלט זיי כסדר געשמיסן...

און שרעקלעך איז געווען זיין איבעררראַשונג, ווען דער
גרעסטער רעוואָלוציאָנער פון אונזער שטאָט (צוליב דער שוואַר-
צער בלוזע) האָט זיך באַוויזן אין זיין שטוב, צו זיינע טעכטער
אַן אַריינגייער...

איך האָב געוווּסט, איך האָב געזעען וואָס דאָרט האָט זיך
אָפּגעטון. דער טאַטע האָט געשטורעמט און יאַדוויגאַ מיט רע-
בעקען האָבן געדראָט מיט דעם ערגסטן, אויב דער טאַטע וועט
נישט אויפהערן...

אמת, איך בין געווען אַ רעוואָלוציאָנער, נאָר צו די בראָמבערגס פֿלעג איך אַריינקומען, ווי אַ גנב, דורכלויפֿן דעם קאָרידאָר און זיך אַריינגנבענען צו מיינע צוויי בעאַטריטשעס. באַלד נאָך מיין אַריינקומען פֿלעגן זיך דערהערן געשרייען. שמשון הגבור, דער סוחר בראָמבערג האָט געשריגן:

— שמייסן...

— מען דאַרף זיי כסדר שמייסן.

און די טעכטער פֿלעגן לויפֿן פֿון זייער צימער צום טאַטן:

— טאַטע! זאָלסט אויפֿהערן...

— טאַטע! איך פֿאָר היינט אַוועק און דו וועסט נישט וויסן, ווו מיין געביין איז אַהינגעקומען.

די געשרייען און די רייסעניש צוליב מיר האָבן נישט אויפֿגעהערט. קיין נחת האָט עס מיר נישט פֿאַרשאַפֿט, נאָר אָפּ־זאָגן זיך פֿון די צוויי מיידלעך, וואָס איינע איז שענער געווען פֿאַר דער צווייטער, דאָס האָב איך אויך נישט געקאָנט. אויסער דעם בין איך פֿאַרפֿליכטעט געווען צו קעמפֿן פֿאַר מיין רעכט, פֿאַר די רעכט פֿון די צוויי מיידלעך, וועלכע דער באַלעבאָס בראָמבערג האָט פֿאַרשקלאַפֿט...

איך פֿלעג דאָרט קומען יעדן טאָג, נאָר זיצן פֿלעג איך אין מיידלישן צימער אין געהאַקטע ווונדן: הינטער די ווענט איז אַ גיהנום געווען.

נאָר פֿלוצלינג בין איך אויפֿגעריכט געוואָרן. איך האָב באַ־קומען לייטזעליקייט אין די אויגן פֿון דעם סוחר בראָמבערג.

געווען פֿאַרהאַסט בין איך באַם סוחר בראָמבערג, נאָר איינ־מאָל האָט זיך אַלץ געביטן, אַלץ.

צוליב אַ קלייניקייט, צוליב אַ בקשה צום גובערנאַטאָר. וואָס בראָמבערג האָט זיך געקליבן צו דערלאַנגען ווענן עפּעס בויען אַ פֿאַבריק...

די „פֿראַשעניע" האָט אָנגעשריבן די עלטערע טאָכטער יאַדוויגע. זי האָט געענדיקט גימנאַזיע און רוסיש שרייבן האָט זי געקענט, וואָס בעסער קאָן שוין גאָרנישט זיין. סטיל האָט

זי געהאַט, שכל און פאַרשטענדניש האָט זי געהאַט, נאָר די האַנטשריפט איז בײַ איר געווען ווײַבעריש, צעקראַכענע שורות...

דער טאַטע איז געווען אומצופרידן:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ „פּאַטשערק"? דער גובערנאַטאָר וועט עס נישט וועלן לייענען.

ס'איז שוין געווען שפּעטלעך אין אָוונט און די „פּראָשעניע" מוז מען מאָרגן אַוועקשיקן. אין שטוב איז אַ חורבן... ווער? ווער זאָל עס איבערשרייבן, ווער זאָל עס אויסצאַצקען די בקשה צום גובערנאַטאָר אַזוי, אַז עס זאָל אים אַ נעם טאָן...

— איך...

איך האָב זיך אַליין פאָרגעלייגט. עפּעס אַ קראַפּט אַ געהיימע האָט מיר אַ שטויס געגעבן...

און יאַדוויגע איז געלאָפן צום טאַטן איבערגעבן מיין פּראָפּאָזיציע.

יענער האָט גענומען זיך בייזערן:

— ווי קומט ער צו אַזעלכע זאַכן...

עס איז אָבער קיין ברירה נישט געווען פאַר אים: איך האָב באַקומען די דערלויבעניש צו מאַכן דאָס הייליקע שטיקל אַרבעט. מען האָט מיך אַליין געלאָזט אין צימער און איך האָב גענומען אויסצאַצקען ווערטער: יעוואָ פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ... גובערנאַטאָר... פּראָשעניע...

נישט אַנדערש, גאָט האָט געפירט מיט מיינע פינגער. עס איז אַרויסגעקומען אַ בקשה פון בקשה-לאַנד, און ווען דער טאַטע בראָמבערג האָט דערזעען פאַר זיך די סימעטרישע שורות, די ריינקייט און דייטלעכקייט פון די ווערטער, האָט ער נישט אויסגעהאַלטן און אַ געשריי געגעבן:

— ווי קומט עס צו אייך? איר האָט דאָך אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער...

---

פון דעמעלט אָן פלעג איך אין יענער שטוב אַריינקומען ווי אַן אייגענער מענטש. מיין שוואַרצע בלוזע, מיינע לאַנגע האָר, הכלל, די רעוואָלוציע איז לעגאַליזירט געוואָרן . . . איך פלעג דורכגיין די צימערן שטאָלץ-לאַנגזאַם, דעם קאָפּ פלעג איך האַלטן אויפגעהויבן, ווי עס פּאַסט פאַר אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער...

# תפיסה־לעבן

פאַרגעסן יענע טעג, מיט יענע איבערלעבונגען — וואָלט געהייסן זיך אַליין פאַרגעסן. איך געדענק אַ זומערדיקן טאָג, ווען אַ האַנט האָט מיך אַנגענומען פאַר מיין אָרעם:

— קום!

איך האָב באַלד פאַרשטאַנען וועמענס האַנט דאָס איז און וואָס אַזאַ „קום!" באַטייט, נאָר מען איז דאָך געווען יונג און מוטיק און די זון איז מיט חן און ליכטיקייט געלעגן אויף אַלע גאַסן.

מען האָט מיך געפירט און איך בין געגאַנגען. דאָס האַרץ האָט אַ ביסל געקלאַפּט, נאָר דאָס זעלבע האַרץ האָט געהייסן זיין שטאַרק, מונטער, העלדיש. אַזוי האָט געפאָדערט די צייט, די יוגנט, אַזוי...

אָבער, ווען מען האָט מיך אַריינגעוואָרפן אין אַ קאַמער מיט קראַטעס, אין אַ קאַמער מיט אַ ריח, וואָס אָט באַלד דערשטיקט עס דיך, ווען עטלעכע גנבים האָבן אַ שפּיי געטון:

— שוין ווידער געבראַכט אַ יאָלד —

אין יענעם מאָמענט איז פון מיין העלדישקייט און מונטערקייט גאָרנישט געבליבן, די געמוטיקטע נשמה איז מיט איין מאָל צעטרעטן געוואָרן, ווי אַ מידער שמעטערלינג און — היינט מעג איך דאָס אויסזאָגן — איך האָב קוים דערשטיקט די טרערן אין זיך.

גוואַלט! איך וועל נישט ראַטעווען די וועלט, איך וועל קענען קיינעם נישט קעמפן און פאַר זיך אַליין וויל איך אויך גאָר־

נישט. איך דאַרף נישט קיין רייכקייט, קיין זאַטקייט. גאָרנישט... איך דאַרף נישט קיין שיין בגד, קיין בילדונג. איך וועל נישט נאָכלויפן קיין שיינע מיידלעך. איך וויל נישט קיין כבוד, דער לעצטער פון דער וועלט וויל איך זיין. זאָל מיך קיינער נישט באַמערקן, זאָל מען מיין נאָמען אין ערגעץ נישט אָנרופן...

איך וויל גאָרנישט, גאָרנישט...

נאָר גיט מיר צוריק די זון, וואָס איך האָב געלאָזט אויף די גאַסן, גיט מיר צוריק דעם זומערדיקן טאָג מיט דעם באַלויכטענעם טראָטואַר, מיט די באַשטראַלטע פענצטער, מיט דעם וואַלד, וואָס ליגט נאָענט לעבן דער שטאָט, מיט דעם סטאַוו. איך וועל גיין און בענטשן יעדן טריט פון דער גרינקייט און ליכטיקייט...

קראַטעס מיט בלעכענע היטלען אויף זיי. האַלב-פינצטער אין קאַמער. אַן אמתדיק לעבעדיק קבר...

און טרערן, נאַטירלעכע מענטשלעכע טרערן, האָב איך דערשטיקט אין זיך, ווי מען דערשטיקט די גרעסטע חרפּה...

איך האָב זיך געמאַכט העלדיש און אויף שפּאַס געענטפערט מיט שפּאַס.

און די, וואָס זענען מיט מיר געזעסן, זענען אוודאי אויך געווען אַזעלכע העלדן ווי איך, נאָר די שוואַכע מענטשעלעך האָבן אויסגעטראַכט העלדישקייט. אַ מאַסקע. מיט וועלכער איינער האָט געקוקט אויפן צווייטן און נאָכגעטון דעם צווייטן. מען איז געלעגן אין קבר און זיך געהאַלטן פאַר גרויסע יחסנים, פאַר וועלט-איבערבויער, פאַר מענטשן-רעטער און אַלע האָבן געוואָלט אַ ביסעלע לעבן פאַר זיך, אַ ביסעלע הנאה פאַר זיך, נאָר ווען איינער זאָל זיך אין דעם מודה זיין — מיר וואָלטן אים פאַרשאָלטן...

די גנבים זענען אויפריכטיקער געווען. פון צייט-צו-צייט פלעגט איינער פון זיי אַרויסוואַרפן די פראַזע:

— אַך, אַ ביסעלע פרייהייט...

און אַ קנאה פלעגט זיך אויפוועקן צו די, וועלכע גייען

ארום פראנק און פריי. עס פלעגט זיך אויסדאכטן, אז יענע דארט אויף דער פריי, נעמען צו אונזער חלק עולם הזה...

אפט פלעגן אויסברעכן געשלעגערייען צווישן די גנבים און פאליטישע. „באטשאלסטווא״ פלעגט זיך נישט ארײנמישן, ווייל מען האט פשוט געוואלט, אז די פאליטישע זאלן באקומען צע־בראכן די ביינער, זאלן זיי זיך א ביסל אפקילן. מען פלעגט אונז גוט דערלאנגען אין די זייטן, ווייל די גנבים זענען שטענ־דיק געווען אין דער מערהייט און, אויסער דעם — בעסערע שלעגערס.

נאר איך האב באמערקט, אז די אלע אנפאלן און גע־שלעגן קומען נישט פון מענטשלעכער בייזקייט, נאר פון דער טויטלעכער לאנגווייליקט. דער טאג דער לעבעדיקער פלעגט ווערן איין שטיק בליי, אויף יעדערנס געמיט פלעגט עס ליגן... און א מלחמה צווישן אונז — דאס איז געווען א רעטונג פאר אונזערע נשמות, מען פלעגט זיך א ביסל צעטרייסלען.

צעקלאפן די ביינער און צעטרייסלען די נשמה. אפלאזן א ביסל דאס פארגליווערטע בלוט...

ראטעווען זיך פון דעם גרויסן, טויטן לאנגוויל.
אין תפיסה זוכט מען לעבן...

ווי איינער, וואס טרינקט זיך, כאפט מען זיך אן א שטרויעלע.

מען ווארט מיט אומגעדולד אויף דער נאכט, מען זאל האבן די הנאה פון שלאפן. אין שלאף חלומט מען פון דעם פרימארגן, מען זאל האבן די הנאה פון דעם גלאז געדיכט ווארעם וואסער, וואס מען רופט עס מיט אזא איידעלן נאמען: „טיי״. מען ווארט א גאנצן טאג, טאמער וועט מען עפעס ברענגען פון דרויסן.

און מען שעלט מיט די שרעקלעכסטע קללות, ווען מען ברענגט נישט.

דא, אין תפיסה, זעט מען דעם מענטש, ווי דורך א דורכ־זיכטיק גלאז. דער פרעסער איז דא נאך א גרעסערער פרע־

סער. דער עגאָיסט טוט זיך דאָ אויס נאַקעט, ברוטאַל און קליינלעך.

און דער בעסערער מענטש איז דאָ אויך בעסער.

גרינטשוק דער גנב פלעגט באַקומען אַפּט פון זיין כלה צו-קערקעס. דעמאָלט פלעגט ער זיי צעטיילן צווישן זיינע נאָענטסטע תפיסה-פריינט און מיין קעשענע פלעגט מיר שווערער ווערן. גרינ-טשוק פלעגט נישט קאַרגן.

און יענע צוקערקעס, די זיסקייט פון יענע צוקערקעס. די פאַפּירעלעך, די קאָלירטע, אין וועלכע די צוקערקעס זענען איינ-געפּאַקט געווען. די איינציקע קאָלירן אין אונזער קאַמער, אין דער גרויקייט... ווער קאָן עס פאַרגעסן? און ווער האָט עס רעכט צו פאַרגעסן?...

און ווען איך פלעג גרינטשוקן פאַרשלאָגן, אַז מען זאָל אַלע אַרעסטאַנטן מכבד זיין, פלעגט ער שאָקלען מיטן קאָפּ:

— ניין!

— פאַרוואָס? גרינטשוק!

— צעטייל אַ בינטל שטרוי... יעדן עטלעכע שטרויעלעך. עס וועט זיי ווייכער פון דעם נישט ווערן.

מיט אַלעמען קיין שותפות האָט ער נישט געוואָלט מאַכן און דאָך איז ער קיין שלעכטער מענטש נישט געווען: פאַר זיך אַליין פלעגט ער זייער וויניק צוקערקעס איבערלאָזן. איך האָב זיך אָבער אויך געהאַט מיין עגאָיזם: איך פלעג אין געהיים אי-בערגעבן איינעם פון מיינע נאָענטע אַ צוקערל אָדער צוויי און יענער פלעגט עס אין געהיים אויסזויגן...

אָבי גרינטשוק זאָל נישט באַמערקן.

ער וואָלט מיר אַזאַ „פאַרברעכן“ נישט מוחל געווען. ער האָט געהאַט זיין קאָדעקס און זיין באַציונג צו מענטשן.

די אמתע עגאָיסטן זענען אין דער גרעסטער צאָל געווען די זין פון רייכע טאַטעס. פון לאַנגווייליקייט, פון גאָר זייטיקע סיבות פלעגן זיי ווערן רעוואָלוציאָנערן. איינער האָט געוואָלט געפעלן ווערן אַ מיידל. דער צווייטער האָט נישט געוואָלט אָפּ-שטיין פון דער מאָדע און, אַזוי צי אַנדערש, מען פלעגט זיך

אריינציען אין דער אומלעגאלער ארבעט און עס פלעגט זיך גאנץ אפט ענדיקן מיט תפיסה.

באם ארעסט פלעגט אזא בן-יקירל מיטנעמען א קישעלע און איינער איז איינמאל געקומען מיט א זיידן קישעלע אין תפיסה אריין און ווי זיין קישעלע האט אויסגעזעען אין א מעת-לעת ארום — וועגן דעם זאל זיך יעדערער אליין אויספאנטא-זירן... אט-א-די זיידענע בחורימלעך, די ווייך-בייניקע, אויסגע-איידלטע, אין תפיסה זענען זיי געווען די ערגסטע עגאיסטן, זעלטן-ווען אזא פלעגט זיך טיילן מיטן צווייטן.

גאר זעלטן...

געווען איינער א וולאדימיר, א זון פון א רייכן קאלדרע-פאבריקאנט, א שלאנקער בחור, א מיידל-נאכלויפער, א פלאפלער, א גארנישט. האט מען אים איינמאל געשיקט א גרויס פעקל מיט גוטע זאכן, צווישן די גוטע זאכן זענען אויך געווען דריי פאמעראנצן.

בעת ער האט דאס פעקל פונאנדערגעפאקט, האבן אלע געזעען די דריי פאמעראנצן. ג ע ז ע ע ן איז ווייניק געזאגט גע-ווארן: מען האט עס מיט די אויגן איינגעשלונגען. די דריי פא-מעראנצן האבן אונז דערמאנט פון פאמעראנצן-לענדער, דער אראנזש-קאליר האט ליכטיק געמאכט די גרויע קאמער און אונ-זערע פארגרויטע נשמות...

יעדער איינער פון אונז האט זיך גערעכט, אז ער וועט באקומען א ברעקל פאמעראנץ, א ברעקעלע, איין ווענטעלע, איין פענעצל און זאל כאטש זיין א שטיקל שאלעכץ...

דער ריח...

מיר האבן דאך כסדר געשמעקט דעם ריח פון דער „פא-ראשע", זאל כאטש זיין א שטיקל שאלעכץ פון א פאמעראנץ, עס וועט אונז דערפרישן.

נאר וולאדימיר האט געשוויגן און די פאמעראנצן האט ער ערגעץ באהאלטן. האבן מיר גענומען ברומען:

— א פרעסער וואס דאס איז...

— אן עגאיסט...

— וולאַדימיר! וואָס הערט זיך מיט אַ שטיקל פּאָמעראַנץ?
— איך האָב נישט, דער וועכטער האָט צוגענומען.
דאָס איז געווען אַ געמיינער ליגנט. קיינער האָט נישט געזען, אַז דער וועכטער זאָל בײַ אים די פּאָמעראַנצן צונעמען... אהא! ער פאַרגינט זיך נישט צו געבן אַ חבר אין תפסה אַ שטיקל דערפרישונג, אַ ברעקעלע פּאָמעראַנץ, נאָר שפּעטער, ווען אַלע וועלן שלאָפן, וועט ער זיך צוכאַפּן צו די דריי פּאָמעראַנצן און אַליין, אַליין, ווי אַ זולל וסובא עס אַליין אויפפרעסן...
מיר האָבן אים פאַרשטאַנען און מיר האָבן מער וועגן דעם נישט גערעדט. נאָר עטלעכע פון אונז, און גרינשטוק דער גנב בראש, האָבן זיך גענומען שפּילערהייט זוכן די פּאָמעראַנצן.
מען האָט זיי געפונען אונטער די נאַרעס, איינגעוויקלט דעליקאַט אין פּאַפּירלעך...
און גרינשטוק האָט אויפן קול גענומען רופן:
— וולאַדימיר דו ווילסט אפשר אַ שטיקל פּאָמעראַנץ?
ס'איז געוואָרן אַ טומל און אַ געלעכטער. וולאַדימיר האָט געשוויגן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די דריי פּאָמעראַנצן וועלן זיך מיט זיין מויל שוין נישט באַקענען, עס האָט געזאָלט פאָרקומען אַ משפּט, וואָס מען זאָל טון מיט די דריי פּאָמעראַנצן, נאָר גרינשטוק, וואָס איז שטענדיק געווען אַ שטיקל דיקטאַטאָר, האָט אויך איצט דיקטאַטאָריש געהאַנדלט:
— חברה! — האָט ער געזאָגט — אַזעלכע פּאָמעראַנצן עסט מען נישט...
— פאַרוואָס נישט? גרינשטוק! מיר וועלן זיי אויפעסן...
— ניין! דאָס זענען געמיינע פּאָמעראַנצן. איך האָב נישט גטראַכט, ער זאָל זיך מיט אַלעמען טיילן. נו, מיר זענען גנבים, אָבער מיט איינעם צי מיט צוויי פון די פּאָליטישע האָט ער זיך געמוזט טיילן...
און ער איז צוגעגאַנגען צו דער „פּאַראַשע" און אַריינגעוואָרפן אין שמעקעדיקן עמער די דריי פּאָמעראַנצן. נישט אַלע זענען דעמאָלט געווען איינשטימיק מיט גרינשטוקן, מען האָט וועגן די דריי פּאָמעראַנצן דריי טעג און דריי נעכט דעבאַטירט.

און באמת! באשר אַ מענטש איז אַ שטיקל חזר, דעריבער דאַרף מען נעמען דריי לעבעדיקע פּאַמעראַנצן און אַריינוואַרפן זיי אין דער „פּאַראַשע".

דריי לעבעדיקע פּאַמעראַנצן...

איך רעכן ביז היינט, אַז גרינשטוק האָט געזינדיקט קעגן אונז, ס'וואָלט אַ סך גלייכער געווען, ווען מיר עסן אויף די דריי אָראַנזש-עפּל...

און נישט נאָר צווישן אַזעלכע יינגלישע רעוואָלוציע-מאַכער, ווי וולאַדימיר, עס איז געווען באַ אונז אין קאַמער איינער אַ באַרימטער רעוואָלוציאָנער, מיכאַיל ריפּס איז זיין נאָמען געווען.

אַ זון פון אַ זייער רייכן יידיש-רוסישן גוטסבאַזיצער. אין תפיסה-קאַזאַרמע פלעגט ער באַקומען מיטאָגן צוגעשיקט פון אַ טייערן שטאָטישן רעסטאָראַן, דורך פּראָטעקציע האָט ער זיך צו אַזאַ פּריווילעגיע דערשלאָגן. אָבער זאָל ער זיך האַלטן מיט דער פּריווילעגיע...

די מיטאָגן, די געפּרעגלטע פליישן האָבן אונז די נאָזלעכער צעריסן, עס האָט אונז געררייצט מיט אַ גיהנום-רייץ און ער, ווי קיינער קען אים דאָ נישט און ער קען קיינעם נישט, בעת ער האָט געגעסן האָט ער קיינעם נישט געזעען... בלויז די געפּרעגלטע קאַרטאָפּלעלעך מיט די קאָטלעטן — מער האָט ער קיינעם נישט געזעען...

ביזט דאָך אַ מענטש, נעם אַרויף אויפן שפּיץ-גאָפּל אַ ברעקל און זאָג צו אַ חבר:

— פּאַרזשוף!

און פרעס זיך ווייטער געזונטערהייט. אָבער ער האָט עס נישט מיר געטון; און האָבן אים פיינט באַקומען, ווייל מיר זענען געווען אין תפיסה און דאָס געפּרעגלטע האָט זייער געשמעקט און וואָס מער האָבן מיר געקאָנט אויסטון אין תפיסה... האָס מער, ווי פיינט האָבן?

און דאָ איז ווידער געקומען דער נקום גרינשטוק און ער האָט זיך פאַר אונז אָלעמען אָפּגערעכנט.

בעת וולאדימיר ריפס האָט געשמאַק געגעסן זיין רייך מי-
טאָג, איז צו אים צוגעגאַנגען גרינטשוק:

— גיב מיר א שטיקל קאָטלעט, מיכאַיל! עס שמעקט אַזוי שטאַרק, עס רייצט, אַז דער טייוול נעמט מיך...

— אויף דער פריי וועל איך דיר געבן וויפיל קאָטלעטן דו וועסט וועלן...

גרינטשוק האָט זיך בייז־וועלפיש פונאַנדערגעלאַכט:

— נו, יאָ... דו וועסט זיין פריי און איך וועל זיין פריי...

— אויף דער פריי וועל איך דיר אַליין געבן קאָטלעטן, אויף דער פריי בין איך אַ גרעסערער מאַכער פאַר דיר...

— לאָז מיך עסן, גרינטשוק...

— גיב מיר אַ שטיקל, מיכאַיל!

— אויף דער פריי...

און אין דער סעקונדע, בעת מיכאַיל ריפס האָט צום לעצטן מאָל אַרויסגערעדט: „אויף דער פריי" — האָט גרינטשוק אויפגעהויבן אַ פוס און מיטן גאַנצן אימפעט אַ שליידער געטון מיכאַילס טעלער צום סופיט, אַזוי אַז צום סופיט האָבן זיך צו־געקלעפּט עטלעכע שטיקלעך פלייש, קאַרטאָפל...

ריפס האָט זיך אַ ריס געטון פון זיין פּלאַץ, נאָר גרינטשוק האָט אים צוריק אַוועקגעזעצט.

— זיץ, קאָטלעטן־פרעסער...

און צוויי פּאָר בייזע אויגן האָבן זיך לאַנג אָנגעקוקט... און מיר האָבן מורא געהאַט פאַר אַ געשלעג און מיר האָבן עטלעכע טעג געהאַט וועגן וואָס צו שמועסן:

— ווער פון די צוויי איז גערעכט?

*

מיט איינעם האָב איך זיך איינגעלעבט און געטיילט פרייד און לייד. דאָס איז טאַקע געווען גרינטשוק.

גרינטשוק איז אַ גנב, ער גנבעט געלט און צירונג אין די רייכע הייזער. ער איז אַ ריזיקאַנט, אַ גוטער פאַכמאַן, אַ בעניטער, אַ פלינקער, ווי אַ קאַץ. גרינטשוק איז נאָך יונג, אינגאַנצן עט-

לעכע און צוואַנציג יאָר, ער האָט אַ כּלה, ער איז פאַרליבט...

איך בין נישט קיין גנב... ניין! אפשר בין איך יאָ אַ גנב. איך גאַנבע גערעכטיקייט — בײַ אַ רעגירונג פון אַ לאַנד, וועלכע פאַרמאָגט הונדערט און זעכציק מיליאָן פאַרשקלאַפטע מענטשן, איך גנבע רעכט און גערעכטיקייט בײַ דער צאַרישער הערשאַפט פון גרויסן רוסלאַנד.

גרינשטשוק פאַר זײַנע גנבות, און איך — פאַר מײַנע... מיר זיצן ביידע אין ביאַליסטאָקער תפסיה, אין איין קאַמער. מיר שלאָפן אויף איין נאַרע. מיר זענען נאָענט. מיר ווערן נישט ווילנדיק נענטער, מיר ווערן חברים... אין יענע צײַטן, מיט גאַנצע פינף און צוואַנציק יאָר צוריק, מיר, די גערעכטיקייטס-גנבים האָבן נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן אַפילו אין תפסה, מיר האָבן דאָרט אויך אַגיטירט פאַר אַ בעסערער אָרדנונג אין רוסלאַנד און אויף דער גאַנצער וועלט.

אַגיטירט האָבן מיך די גנבים, קיין אַנדערע מאַסע האָבן מיר דאָך נישט געהאַט און קיין אַנדערע אַרבעט איז אויך נישט געווען. פלעגט מען זיך אַרײַנצינען אין אַ דיסקוסיע און יענע פלעגן לאַכן פון די פּאָליטישע „יאָלדן", זיי פלעגן שפּאַסן און אויסלאַכן יעדן פרווו פון אויפקלערונג און ווען מיר פלעגן אָנהייבן ערנסער, האָט עס נישט איינמאָל געהאַלטן בײַ קלעפּ:

— יאָלדן! וואָס האָט איר דערפון? וואָס קריכט איר אין פײַער אָן אַ פאַרוואָס? אַמאָל ווען מען פלעגט קומען אין תפסה אַרײַן, איז כאָטש געווען ווו זיך אויסצושלאָפן. היינט זענען די נאַרעס פאַרנומען מיט די פּאָליטישע... אַ פײַער זוכט אײַך...

זיי פלעגן פון אונז לאַכן און בייז זײַן אויף אונז. צוויי וועלטן צונויפגעשפּאַרט צוזאַמען. עס איז געווען געווען צײַן-קריצערײַ, סע זענען געווען געשלעגן...

און דאָך זענען געווען מאָמענטן, ווען עס פלעגט זיך אײַנגעבן איינעם פון זיי אַריבערצוציען. עס זענען געווען גאַנץ גוטע חברים, וועלכע האָבן פריער געגנבעט און דערנאָך זענען זיי אַרײַן אין דער אָרגאַניזאַציע און געאַרבעט פלייסיק און ערלעך. איך געדענק איינעם אַזאַ, „אַליעק" האָט ער געהייסן. אַ שיינער,

שלאנקער קריסט. אַליעק דער בונדאָוויעץ... ער פלעגט קעמפן פאַר דער יידישער קולטורעלער אויטאָנאָמיע, ער פלעגט פאַרטיידיקן די יידישע רעכט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, און גערעדט האָט ער אַ ריינעם קלאָרן יידיש און געהברעט זיך בלויז מיט יידישע מיידלעך . . . עס וואָלט קיינער נישט געגלייבט איצט, אַז דער אַליעק איז געקומען צו אונז פון תפיסה, ווו ער איז שוין עטלע- כע מאָל געזעסן פאַר גנבות...

אָבער די איבעריקע זענען אויף ווייטער געבליבן גנבים, דערפאַר האָבן זיך אַ סך פון זיי אויסגעלערנט צו דיספוטירן און אין די דיסקוסיעס האָבן זיי זיך פאַרטיידיקט מיט פיינע, העראָישע אַרגומענטן :

— איר זענט יאָלדן און איר וועט בלייבן יאָלדן ! איר זאָגט דאָך אַליין, אַז די רייכע באַגנבענען די אָרימע. נו, זענען מיר קליגער פאַר אייך. מיר, אָרימע, באַגנבענען די רייכע. מיר ווילן נישט וואַרטן ביז משיח וועט קומען !

און דערביי פלעגן זיי אויסמאָלן די מאָמענטן פון סכנה, אַלץ, וואָס זיי לעבן איבער — די קלעפּ, די באַליידיקונגען אין די תפיסות :

— איר זענט דאָ יחסנים... פאָליטישע ! מיט אייך צאַצקעט מען זיך און אַן אונזעריקן בריקעט מען מיט די פיס, אפילו אין טורמע איז נישטאָ קיין גלייכבאַרעכטיקונג.

מען פלעגט זיך אַמפּערן. די גנבים זענען געוואָרן אַ צד. אַ צד מיט אַרגומענטן, מיט אַן אידעאָלאָגיע און ציטנוויז מיט גאַנץ טיפע מאָטיוון. זיי האָבן שוין געהאַט זייערע רעדנער, פאַרטיידיקער, אַן אייגענע מאָראַל מיט אַן אייגענער . . . דעמאַגאָגיע.

איינער איז געווען, וואָס האָט נישט ליב געהאַט די אַלע דיסקוסיעס, דעם טומל מיט די אַרגומענטן פון ביידע צדדים — גרינטשוק דער גנב. ער פלעגט זיך האַלטן פון דער ווייטן, נאָר פון צייט-צו-צייט פלעגט ער זיין בייז וואָרט אַריינוואַרפן צו זיינע חברים-גנבים :

— איר רעדט שוין צו פיל. איר וועט מיט דער צייט

ווערן גאנצע יאָלדן. הערט-אויף! אַ גנב דאַרף גנבענען און אַ יאָלד דאַרף שרייען: „זאָל לעבן די רעוואָלוציע“ און דערנאָך פוילן דערפאַר אין תפיסה חדשים און יאָרן.

און דער עולם פלעגט רויק ווערן.

גרינטשוק פלעגט שלאָפן לעבן מיר, אַ גאַנצן טאָג לעבן מיר. ער פלעגט מיר אויסדערציילן פון זיין לעבן, פון זיינע ריזיקאַלישע אונטערנעמונגען. איך האָב אים ליב באַקומען פאַר זיינע דערציילונגען. דאָס איז געוואָרן מיין איינציקע פאַרוויילונג אין דער ענגער האַלב-פינצטערער קאַמער. קריכן אויף די ווענט פון מויערן, אַרויסנעמען אַ פענצטער, ווי אַ קאַץ שפּרייזן אין אַ פרעמדן שלאָפצימער, בעת יענער שלאָפט זיך געשמאַק און חלומט פון אַן ערדישן גן-עדן — אין אַזאַ רגע אויפעפענען דעם שופלאַד, אָדער אַרויסנעמען פון וועסטל-קעשענע דעם פּאָרטפעל און אַנטאַפּן געלט און דערזעען גאָלד און כאַפּן דעם פינקל פון אַ טייערן ברילִיאַנט. דער איבערראַשנדער מאָמענט, ווען יענעמס ווערטפולער ברילִיאַנט ווערט מיינער, מיינער... עך, גרינטשוק האָט געקאָנט איבערגעבן זיינע איבערלעבונגען מיט די דינסטע ניואַנסן און איך האָב דערקענט אין אים אַ גנב מיט באַרוף, אַ גנב מיט אינטעליגענץ.

— וואָס? קיין פּרעסער איז ער דאָך נישט געווען, קיין געלט האָט ער נישט געקאַרגט. דאָס פאַרמעגן, וואָס ער פלעגט אין איין נאַכט דערגרייכן, פלעגט ער אין דריי טעג פּטרן און דערנאָך ווידער אַ פּלאַן, ווידער אויספירן דעם פּלאַן מיט לעבנס-סכנה, ווידער, ווידער פרייד פון דערגרייכונג, אָדער תפיסה און קלעפּ, קלעפּ און תפיסה...

און אין דער ענגער קאַמער טאָג און נאַכט געשליפן דעם שכל פאַר נייע ריזיקאַלישע אונטערנעמונגען...

איך וויל נישט אידעאַליזירן דעם גנב גרינטשוק. עס וואָלט צו וייט אַוועק און עס איז נוצלאָז. אין אַלע לענדער איז דאָ אַ שטראָף-קאָדעקס פאַר גנבים און פאַר זיי אַלע איז דאָ איין נוסח סיי בײַ די ריכטער און סיי בײַם עולם... זאָל עס זיין דערוויל אַזוי ווי עס איז.

נאָר גרינטשוק איז געווען אַ גוטער חבר, אַ טרייער חבר. ער האָט אָפּגעהיטן מיין פּלאַץ, מיינע ביינער און מיין כּבוד. ער פלעגט מיך פאַרטיידיקן מער ווי זיך אַליין בײַ יעדן קאָנפליקט, וואָס אין מיין קאַמער פלעגט אויסברעכן. צוליב אים איז מיר דאָס לעבן אין תּפיסה אַ סך לייכטער געווען.

ער האָט געהאַט מיין אָנערקענונג און מיין דאַנקבאַרקייט און ער האָט עס אויך געשעצט. נאָר אַ ביסל איז אים דאָס ווייניק געווען. ער האָט געוואָלט, אַז אונזער חברשאַפט זאָל זיין אַ חברשאַפט אויף טויט און אויף לעבן. ער האָט געוואָלט, אַז איין „עפּעס" זאָל אונז נאָך נענטער מאַכן, פאַרבונדן און צושמידן . . .

און דער „עפּעס" איז באַשטאַנען אין איין קלייניקייט, וואָס גרינטשוק האָט עס איינמאָל אין מיטן דער נאַכט אויפריכטיק אויסגעדריקט:

— ווער אַ גנב!

— איך? איך הייב נישט אָן צו וויסן, ווי אַזוי מען גנבעט . . .

— וועל איך דיך לערנען, וועסט זיין מיין געהילף. איך מוז האָבן אַן אָרנטלעכן מיטהעלפער און הער שוין אויף מיט דיין „פרייהייט". פאַר דעם לוינט נישט צו פוילן אין תּפיסה.

מיין לאַגע איז געווען אַזאַ, אַז קיין קאַטעגאָרישן „ניין" האָב איך נישט געטאָרט פון מיין מויל אַרויסברענגען. האָב איך זיך געמאַכט נאַיוו און שווינדלעריש געשטאַמלט, אַזוי, אַז קיין קלאָרן ענטפער האָב איך גרינטשוקן נישט געגעבן. אָבער דאָס, וואָס ער האָט איין מאָל אָנגעהויבן, האָט ער נישט געוואָלט אָפּלאָזן און ער האָט מיך כּסדר געמאַטערט מיט זיין פּלאַן. ער האָט אפילו אייגעפונען, אַז מיין פיגור איז צוגעפּאַסט פאַר אַ גנב: איך בין שמאָל, וועל איך לייכט קאָנען דורך יעדן פענצטער אַריינקריכן, איך בין נישט שווער אין וואָג, וועל איך קאָנען קלעטן. דערביי פלעגט ער מיר געבן לעקציעס, ווי אַזוי מען דאַרף שפּרייזן אין אַ צימער, ווו דער באַלעבאָס שלאָפט. אַלע

אַנדערע וויכטיקע לעקציעס וועט ער מיר געבן, ווען מיר וועלן זיין אויף דער פריי.

אין לעבן איז אים געגאַנגען, אַז איך זאָל אָננעמען זיין לערע. דאָס איז געווען אַן ערלעכער מיסיאָנער, וועלכער מיינט נאָר יענעמס נוצן. ער האָט פּשוט נישט געקאָנט צוזעען, ווי אַזאַ איינער ווי זיין חבר פּטרט די יאָרן אויף נוצלאָזע זאַכן און ער האָט מיר געוואָלט געבן אַ פּראַקטישן תיקון — אויסלערנען אַ פאַך און גיין מיט מיר צוזאַמען ריזיקירן און דערגרייכן. די חברים אַרום האָבן שוין געטראַכט בזא זיך, אַז איך בין שוין געוואָרן אַ גנב, ווייל טאָג און נאַכט האָב איך זיך געשושקעט מיט גרינטשוקן. עס האָט אויסגעזעען, אַז מיר ביידע האָבן שוין וויכטיקע געמיינזאַמע סודות, און ער פלעגט דערציילן כסדר זיינע מעשיות. עס פלעגט זיך מיר אויסדאַכטן, אַז איך הער די אינטערעסאַנטסטע קרימינעלע געשיכטעס. ער איז געווען מיין רעדעווידיק בוך. ער האָט מיט זיין טאָן און מיט דעם אינהאַלט זיינעם מיך געטראָפן... נאָר קיין גנב בין איך נישט געוואָרן...

דערנאָך בין איך געווען אויף דער פריי און דערנאָך ווידער אין תפיסה. אַריין און אַרויס. גרינטשוק אויך אַזוי. בזא דער האַנט פלעגט מען אים נישט כאַפּן, נאָר פאַרדעכטיק איז ער שטענדיק געווען. פלעגט מען אים שטענדיק אַרעסטירן. מיט מיר פלעגט אויך דאָס זעלבע פּאַסירן. די תפיסה איז געוואָרן אַ געוויינלעכע זאַך...

און יעדעס מאָל, ווען איך פלעג אַהין קומען, איז די ערשטע זאָרג און די ערשטע פראַגע מיינע געווען:

— גרינטשוק? איז ער אויף דער פריי אָדער ער זיצט ערגעץ אין אַ קאַמער.

סוף־כל־סוף פלעג איך אים געפינען און מיר פלעגן בלייבן צוזאַמען ביז אַ נייער באַפרייאונג. און ווידער פלעגן מיר פירן דעם אַלטן שמועס. איך האָב אים נישט אַגיטירט, ער זאָל ווערן אַ קעמפער פאַר דער מענטשהייט. ער וואָלט זיך פונאַנדערגעלאַכט. איך גלייב, אַז ער וואָלט אַ גאַנצן מעת־לעת נאָכאַנאַנד געלאַכט, ווען איך לייג אים דאָס פאָר. נאָר זיין פּראַקטישער

ענין, אז איך זאָל ווערן אַ גנב — וועגן דעם האָבן מיר נישט אויפגעהערט צו רעדן. און איך מוז זאָגן דעם אמת — אַ סך מאָל האָט ער אויף מיר געווירקט און ווען עס וואָלט געווען די געלעגנהייט, וואָלט איך אפשר געמאַכט אַזאַ שריט. קיין גנב בין איך נישט פון דער נאַטור, אויף קלעפטאָמאַניע לייד איך אויך נישט, נאָר דער אופן פון גנבענען, די ריזיקע און די... פּאָעזיע פון אַזאַ אינטערנעמונג — דאָס פלעגט מיך ניש איינמאָל אָנצינדן...

און גרינשפּאַן איז געווען אַ פּסיכאָלאָג. ער פלעגט עס אין מיר אויפכאַפּן. און שוין...

מיר גייען, מיר לויפן גנבענען. איך מיט גרינשפּאַן. צוויי איבערגעגעבענע חברים. מיר לויפן גנבענען. צו מיין גליק אָבער און צו זיין אומגליק איז די תּפיסה מיט קראַטעס, מיט שלעסער און מיט וועכטער.

איינמאָל זענען מיר געווען ביידע פריי און ער האָט מיך באַגעגנט אויף דער ליפּאָווע גאַס:

— הער זיך איין, ס'איז דאָ אַ שטיקל אַרבעט; וויטעשאַרעק דער אייזן-פאַבריקאַנט איז אַוועקגעפאָרן מיט זיין משפּחה אויף זומער-וווינונג, אין דער היים איז געבליבן אַ מאַיאָנטעק — צי-רונג, גאָלד, זילבער... ביזט אַ בעלן מיטגיין?

— ניין! טייערער גרינשפּאַן...

און איך האָב געעפנט פאַר אים מיינע קאַרטן: איך האָב קיינמאָל נישט געגנבעט און איך וועל קיינמאָל נישט גנבענען. איך האָב בלויז ליב זיינע שיינע מעשיות וועגן די גנבות...

זאָל מען שוין מער אויף מיר נישט קוקן מיט אַזאַ ביטול, ווי ער האָט געקוקט אויף מיר. ער האָט געקוקט און איך בין גע-וואָרן אויס, אויס... צערונען, צעשוואומען ווי אַ גאַרנישט...

דערנאָך:

— אַ שנעפּסל וועסטו מיט מיר מאַכן?

— ווו? אין אַ שענק?

— ניין! אין אַ שענק טאָר איך נישט, די שפּיצלעס זוכן מיך...

האָט ער געקויפט אַ פלעשל בראָמפן און מיר האָבן עס

ביידע אין אַ טויער אויסגעטרונקען. ער אַ זופּ פון פּלעשל און
איך אַ זופּ און צווישן איין זופּ און דעם צווייטן אַ דיאַלאָג:
— ביזט אַ יאַלד, וואָלסט געקאָנט זיין אַ גוטער גנב...
— און איך האָב מורא, אַז איך וואָלט געווען אַ שלעכ־
טער גנב.
— פּרווו!
— לאָז אָפּ... ס'איז נישט מיין פאַך.
און באַ דעם לעצטן ביסל בראָמפן:
— ווילסטו נישט זיין קיין גנב?
— ניין! ס'איז נישט מיין פאַך, — האָב איך דיר געזאָגט...
— און דאָס איז יאָ דיין פאַך?
— וואָס?
— אָט דאָס שרייען; „עס לעבט די רעוואָלוציע!" און
קריכן אין פייער מיט די אַלע יאַלדן. אויב דו ווילסט נישט רי־
זיקירן פאַר עפּעס רעכטס, דאַן הער אויך אויף מיט דעם...
איך האָב שוין געוואָלט פּראָטעסטירן, וואָס ער מישט צו־
נויף די צוויי קעגנגעזעצטע זאַכן, נאָר ער האָט זיך אויף שנעל
צעקושט מיט מיר און איז אַנטלאָפן...
אין האַנט איז מיר געבליבן אַ ליידיק פּלעשל...

## לייבעלע קאַרטיאַזשניק

דאָס איז נישט קיין לייבעלע, נאָר אַ גאַנצער לייב, אַ יונג, אַ ריז מיט אַ פיגור פון אַ רוימישן זעלנער. פיס און הענט — פון שטאָל געטאָקט, מיט אַ מאַטאָווע געזיכט, מיט אַ פּאָר ערנסטע אויגן, מיט אַ הויכן פיינעם שטערן. עס וואָלט קיינער נישט געגלייבט, אַז דאָס איז אַ גנב. גיכער אַן אַדוואָקאַט. אַ טריבון, אַ יונגער באַנקיר, אַן אינזשיניער, אָבער פאַר קיין פאַל נישט קיין גנב.

אפילו אין די אַרעסטאַנטן-קליידער איז ער געבליבן אויסגעטיילט פון דער איבעריקער גרויער אַרעסטאַנטן-מאַסע. ער האָט אימפּאָנירט מיט זיין אויסזעען. דער טורמע-וועכטער פלעגט צו אים נישט רעדן מיט אַזאַ גרינגשעצונג, ווי צו אַנדערע און די אַרעסטאַנטן אַליין. די אַלע גרעסערע און קלענערע העלדן פון דער גנבים-וועלט — זיי פלעגן פאַר אים גרויס דרך-ארץ האָבן און אים פלעגט מען פאָלגן בלינדערהייט, ווי מען פאָלגט אַ געליבטן מלחמה-פירער, ער האָט אויסגעפירט באַ דעם נאַטשאַלניק פון דער תפיסה, מען זאָל אים לאָזן טראָגן זיין גאָלדענעם זייגער, זיין גרויסן סיגנעט אויפן פינגער און דאָס האָט אויך אימפּאָנירט: גאָלד אין תפיסה-קאַמער.

לייבעלע מיט אַ גאָלדענעם רינג און מיט אַ גאָלדענעם זייגער:

לייבעלע קאַרטיאַזשניק... שטענדיק אַרומראַזירט, אַרומגעוואַשן. זיין פּנים — שטענדיק פריש, יונג, מענעריש. ער איז געווען אַ געבוירענער אַריסטאָקראַט צווישן די גנבים. מען האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער שטאַמט פון גרויסן יחוס.... נישט מער די קאָרטן האָבן אים פאַרפירט און ער איז געוואָרן אַ גנב, אַ

גרויסער גנב, א פלינקער גנב, אָבער אויך די פלינקע גנבים מיידן נישט איוס די תּפיסה...

ער איז געווען דער יחסן, דער טאָן-געבער אין זיין וועלטל, דער דענדי, דער לאָרד. אים פלעגט מען נאָכטון און בּאַ אים פלעגט מען זיך לערנען, און געהערט האָט מען שטענדיק צווישן די גנבים:

— לייבעלע קאַרטיאָזשניק האָט געזאָגט.

— ער האָט געהייסן.

— אים געפעלט עס נישט.

מען האָט אים געקוקט אין די אויגן. די טרייע תּלמידים, די גנבים, זיי האָבן אַלע געוואָלט זיין אין דער קאַמער, ווו לייבעלע איז געזעסן און אַז דאָס איז געווען אוממעגלעך, פלעגט מען האָטש אויף אַ רגע אַריינלויפן צו אים און כאַפּן אַ פּאָר ווערטער מיט אים.

ער איז באמת געווען אַ שיינער יונג און זיין שיינקייט האָבן געקרוינט אַ פּאָר שוואַרצע וואָנסעס, פּעך-שוואַרצע וואָנסעס, אויף זיין מאַטאָווע פּנים האָבן די וואָנסעס זיך איינגעבירגערט, ווי אַן אייביק צירונג. די וואָנסעס אָן לייבעלען זענען קיין אָנסעס נישט און לייבעלע אָן די וואָנסעס איז קיין לייבעלע נישט. צוויי פליגלדיקע וואָנסעס. זיי האָבן געקוקט אויף אַ מענטש צוזאַמען מיט אַ פּאָר שוואַרצע אויגן. צוזאַמען מיט אַ באַפעלערישן בליק פון אַ הערשער.

פאַר וואָס און פאַר ווען? קיינער האָט עס נישט געוווּסט. ער האָט געהאַט פּריווילעגיעס אין תּפיסה. פלעגט ער אַרומגיין פראַנק און פריי איבער אַלע קאַמערן, פלעגט באַקומען בריוו און שרייבן בריוו. ער פלעגט, וווייזט אויס, אויך פון אונטער די קראַטעס פירן זיינעגעשעפטן.

ער האָט געהאַט געליבטע, אין יעדער שטאָט איינע צי עטלעכע. זיי פלעגן אים שיקן בריוו, געלט, וועש. און די בריוו פלעגן אָפט שמעקן מיט פּערפום און לייבעלע קאַרטיאָזשניק פלעגט אויסוואַקסן בּאַ אַלע אין די אויגן. אָט אַ מזיק, אָט אַ גנב, אָט אַ לובאָווניק...

און יעדער איינער פון די גנבים האָט זיך געווּנטשן צו מאַכן אַזאַ הויכע קאַריערע...

מען האָט אפילו לידער פאַרפאַסט וועגן לייבעלען. יעדער גנב, וואָס פלעגט קומען פון דער פריי, האָט געוווּסט עפּעס צו דערציילן וועגן דעמדאָזיקן תפיסה-העלד.

אין תפיסה האָט מען אויך געשפּילט אין קאָרטן און די ערשטע פידל האָט געהאַלטן לייבעלע, ווי שטענדיק, ווי אייביק: לייבעלע קאַרטיאַזשניק. שפּילן איז געווען פאַרבאָטן, נאָר די וועכטער פלעגן שווייגן, זיי פלעגן זיך מאַכן נישט זעענדיק, ווען זיי פלעגן דערשפּירן בײַ זיך אין האַנט אַ זילבערנעם רוסישן רובל. אין תפיסה פלעגט מען שפּילן נישט ווייניקער, ווי אין מאָנטע קאַרלאָ. אמת, נישט אויף קיין גרינע טישן, נאָר אויף דער גרויער נאַרע. מען פלעגט שפּילן בײַטאָג, בײַנאַכט, ביז פאַרטאָג.

ווער זענען געווען די קונדן? ווער פון דער חברה האָט געהאַט געלט?

אַ סך פון די גנבים האָבן געהאַט בײַ זיך באַהאַלטן גרע-סערע און קלענערע סומעס.

און דאָס פלעגט גיין אין קאָן אַריין.

נאָר די גרעסטע צאָל פון די קליענטן זענען געווען די פרייערס.

נישט די פּאָליטישע. זיי, די פּאָליטישע, זענען פּרומאַקעס, זיי שפּילן נישט אין קיין קאָרטן, זיי ראַטעווען די מענטשהייט. די גנבים פלעגן קוקן אויף זיי — אָדער מיט רחמנות, אָדער מיט פאַראַכטונג.

וואָס הייסט אַזאַ פּאָליטישער יאָלד פון לעבן אַ טאָג, כּון אַ קאָכאַנקע, אָדער פון אַ שפּיל אין „איין און צוואַנציק”, און ווער פלעגט עס קוקן אויף די פּאָליטישע, בעת מען פלעגט זוכן אַ פּאַרטנער צום קאָרטן-שפּיל.

די „פרייערס”.

דאָס איז געווען דער אמתער עלעמענט, פון וועלכן אַזעלכע פּאַרטנערן פלעגן זיך ווערבירן.

די פּרייערס — דאָס זענען די רייכערע באַלעבאַטישע אַרעסטאַנטן.

האָט אַ רייכער פּאַבריקאַנט אונטערגעצונדן זיין פּאַבריק, האָט מען אַזאַ איינעם געכאַפּט און אַריינגעזעצט אין תּפיסה, איז דאָס געווען אַ קרבן פאַר די גנבים, פאַר די שטענדיקע תּושבים פון טורמע.

האָט מען געכאַפּט אַ וועקסל-פעלשער, אַ באַנקראָטירטן באַנקיר, אַן עטיקעטן-נאָכמאַכער — אַלץ קרבנות פאַר די גנבים.

צו אַזעלכע פּלעגט מען זיך נעמען.

איבערהויפּט אין די ערשטע טעג. מען פּלעגט זיי אויספּייניקן, אין שלאָף פּלעגט מען זיי קנייפּן, שטעכן מיט שפּילקעס, אַריינשיטן דאָס אַש פון די פּאַפּיראָסן אין די אויערן, ביז איינער פּלעגט געבן אויסקויף-געלט. ער פּלעגט מוזן שרייבן אַהיים בריוועלעך און די אונטערגעקויפטע וועכטערס פּלעגן שוין זאָרגן, אַז אַ געוויס סומקלע זאָל אָנקומען צו די גנבים...

דערנאָך פּלעגט מען אַזאַ איינעם איינלאַדן צו שפּילן אין קאָרטן.

און אַ ביסל פון מורא און אַ ביסל פון לאַנגווייליקייט — מען פּלעגט פאַרשפּילן געלט, קליידער, עסנוואַרג ביז דאָס לעצטע. עס פּלעגט טרעפן, מען פּלעגט פּשוט פאַרגעסן, אַז מען איז אין תּפיסה. אַלע האָבן גערעדט וועגן קאָרטן, אַלע זענען פאַרקאָכט אין די קאָרטן, אפילו די וועכטער מיט די גרויסע רעוואָלווערן האָבן אויך גערעדט וועגן דעם. ווער עס האָט געשפּילט, ווער פאַרשפּילט, ווער געוווּנען. עס האָבן געקלונגען די זילבערנע רובלס, די רוסישע גאָלד-שטיקלעך. מען האָט געקנייטשט אַסיגנאַציעס. מען האָט נישט געגעסן, נישט געשלאָפן.

אַן אמתער קאָרטן-פיבער.

און דער אָנפירער פון דעם אַלעם איז געווען לייבעלע קאָרטיאָזשניק. ער האָט ליב געהאַט די קערטלעך, זיין נשמה איז געלעגן אין זיי. ער האָט ליב געהאַט דעם פּראָצעס פון שפּילן און פאַרשפּילן — ער איז געווען די נשמה פון שפּיל.

איינער רוקט זיך שטענדיק אַרויס.

אומעטום דער איינער.

דער נאַפּאָלעאָן פון דער תּפיסה, דער פירער און זיגער איז געווען לייבעלע. אַ גאַנצע מחנה מענטשן האָבן געליטן און געטאָפּטעט אין די עטלעכע צענדליק קאַמערן. נאָר דער הויפּט־פּונקט, די פאַרקערפּערונג, די צענטראַלע פיגור, וועגן וועלכער אַלע האָבן גערעדט, און וועמען אַלע האָבן געקוקט אין די אויגן, איז געווען דער גנב מיט די שיינע וואָנסעס. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז די וועלט איז צוליב אים אַליין באַשאַפן געוואָרן, פאַר אים אַליין...

די תּפיסה מיט די אַלע אַרעסטאַנטן — אוודאי פאַר אים, אַלץ פאַר אים.

ער איז געווען דער קרופּיע בײַ די קאָרטן, דער באַנקיר פאַר די פאַרשפּילטע, דער היטער פון גערעכטיקייט, דער קאָדעקס פון קאָרטן־שפּיל.

און חבֿרה האָט געשפּילט און פאַרשפּילט. מען האָט פאַרשפּילט די מאַרינאַרקע, די שיך, די שעלקעס. איינער, אַ בלינד־קורצזיכטיקער, האָט פאַרשפּילט די ברילן, דער צווייטער האָט פאַרשפּילט אַ גאָלדענעם צאָן און עס האָט גאָרנישט געהאָלפן — עס האָבן זיך שוין געפונען אַרעסטאַנטן, וועלכע זענען אויף דער רגע געוואָרן דענטיסטן און מען האָט אים דעם גאָלדענעם צאָן אַרויסגעריסן. מענטשן האָבן פאַרשפּילט זייערע פּאַרציעס ברויט אויף צוויי וואָכן פריער, און אַליין פלעגן זיי בעטלען אַ שטיקל ברויט בײַ אַנדערע אַרעסטאַנטן. מען האָט געשפּילט אויף דער צוקונפט, ווען דער אָדער יענער אַרעסטאַנט וועט אַרויסגיין פון תּפיסה און עס וועט זיך אים איינגעבן די פריער אויסגערעכנטע גנבֿה, וועט פּונקט פּראָצענט פון דעם פאַרדינסטל באַקומען דער געווינער...

און אַלץ לייבעלע. ער האָט געהאַט קעשענעס מיט געלט. אונטער זיין נאַרע איז געווען אַ קאָנפיסקציע־מאַגאַזין: היטן, שיך, מאַרינאַרקעס און שעלקעס — וואָס האָט ער דאָרט נישט געהאַט?

דער קלוב איז געווען אין נומער „ניינצען“, דאָרט, וווּ

ליבעלע איז געזעסן און די ארעסטאנטן פלעגן אזוי טאקע רעדן צווישן זיך:

— קום אין „קלוב"...

און דער וועכטער פלעגט מאַנען זיין „לאפוטקע" פאר גיין אין קלוב, פאר זיצן און שפילן אין „קלוב".

און אז עמעצער פלעגט זיך נישט אויפירן דזשענטעלמעניש, פאר יעדער אוואנטורע פלעגט מען פארבאטן אריינצוקומען אין „קלוב" און דאס איז געווען א הארבע שטראף. דער נאטשאלניק האט געוווסט פון „קלוב", דער פראָקוראָר האט אויך געוווסט, נאר ס'איז געווען א פערזאן, וואס פלעגט די אלע ענינים מיט „נאטשאלסטווא" דערליידיקן — ליבעלע.

ער האט געזאגט, אז מען קאן שפילן, איז מען שוין גע- גאנגען אויף א זיכערער בריק. אין רוסלאנד זענען דעמאלט גע- ווען צוויי הערשער: אין פעטערבורג, אין זיין פאלאץ, ניקאלאי דער צווייטער און אין ביאליסטאָקער תפיסה, אין קאמער נומער צוויי — ליבעלע קארטיאַזשניק.

צוויי אומבאַגרענעצטע הערשער.

ניקאלאי האט געהאט א בלאַנד בערדל און אונזער ליבע- לע — א פאר שווארצע וואַנסעס.

דערנאך האט זיך אנגעהויבן א פעריאד פון מפלות. איידער ניקאלאי איז געפאלן, האט זיך ליבעלע אויסגעגליטשט. און אלץ צוליב די קאַרטן. ער האט עס ליב געהאט צו שפילן, מיט ליב און לעבן פלעגט ער זיך אריינוואַרפן אין אזארד און קיין אפ- האלט איז שוין נישט געווען. ער האט נאר באדארפט באקומען זיין אמתן פארטנער, איז דעמאלט — טויט אָדער רויט:

געווינען אלץ אָדער פארשפילן אלץ.

און אזא פארטנער איז אינגיכן געקומען.

און די לופט האט געבריענט...

אין תפיסה איז צוגעקומען א נייער ארעסטאנט. אויך א בארימטער גנב, געווען אמאל א שותף מיט ליבעלען, נאר צוליב א „פאווע", צוליב א מיידל זענען זיי געוואָרן בלוטיקע שונאים.

מען האָט צווישן זיך גערעדט, נאָר די ווערטער זענען שטענדיק געווען ווי שפּיזן.

דער נייער האָט געהייסן "יאַפּאַנטשיק". געווען איז ער קליין ווי אַ יאַפּאַנער, און קאַלטע און קליינע אייגעלעך האָט ער געהאַט. און מיט די קליינע אייגעלעך פלעגט ער שטענדיק ביים קוקן אויף דעם וווּקסיקן ליבעלע, וועלכער האָט געהאַט פולע קעשענעס מיט געלט און אַ פּאָר וואָנסעס, נאָר וועלכע אַלע האָבן דרך־ארץ געהאַט.

און איינמאָל, צוויי מאָל און נאָכאַמאָל.

זיי האָבן גענומען שפּילן אין „איין און צוואַנציק", ליבעלע קאָרטיאָזשניק מיט דעם יאַפּאַנטשיק. צוויי מייסטערס, צוויי טשעמפּיאָנען. זיי האָבן געשפּילט מיט היץ, די גאַליאַרקע, די גאַנצע תפיסה האָט געקוקט אויף זיי.

דאָס מזל האָט געוואָלט...

דאָס מזל האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז יאַפּאַנטשיק זאָל געווינען. און אין עטלעכע טעג אַרום איז די וועלט אויס וועלט געוואָרן, אַ נייער הערשער איז געקרוינט געוואָרן:

יאַפּאַנטשיק.

ליבעלעס געלט איז איבערגעגאַנגען צו אים אין די קעשענעס. ליבעלעס „קאָנפעקציע־מאַגאַזין" פון אונטער זיין געלעגער איז אַריבער צו יאַפּאַנטשיקן און ליבעלע איז געפאַלן נידעריקער: דעם סיגנעט פאַרשפּילט, געהאַט אין קעשענע אַ קליין שפּיגעלע, אין וועלכעס ער פלעגט קוקן אויף זיינע שיינע וואָנסעס — דאָס שפּיגעלע אויך פאַרשפּילט.

און יאַפּאַנטשיק האָט געשפּילט אָרנטלעך, לויט אַלע כללים פון תפיסה־קלוב און קיין טענות צו אים האָט קיינער נישט געקאָנט האָבן.

האָט ער איצט געהאַט געלט און חברים און האָט קאָמאַנדעוועט און חוזק געמאַכט פון אַלעמען.

און חוזק געמאַכט פון ליבעלען:

דו ווילסט שפּילן אין „איין און צוואַנציק"?

— שוין אַלץ פאַרשפּילט, איך האָב שוין גאָרנישט.

— ניין! דו האָסט נאָך עפּעס...

לייבעלע האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

וואָס האָב איך, וואָס?

— די וואָנסעס דײַנע... הער זיך איין, לעבעלע, איך וועל איינשטעלן אַ סך געלט און אויב דו וועסט געווינען, איז דאָס געלט דײַנס און אויב דו וועסט פאַרשפּילן, דעמאָלט...

חברה אַרעסטאַנטן, דער גאַנצער תּפיסה-קלוב האָט זיך גע-ברייט צו עפּעס און אַלע האָבן געפרעגט:

— איז דעמאָלט?

— דעמאָלט מוזטו זיך לאָזן אָפּראַזירן איין וואָנס, בלויז איינע און די צווייטע בלייבט בײַ דיר אונטער דער נאָז...

די תּפיסה האָט געלאַכט און לייבעלע איז געווען בייז. ער האָט גאָרנישט געענטפערט. נאָר אַ קאָרטן-שפּילער בלייבט אַ קאָרטן-שפּילער: אויף צו מאָרגנס, נאָכמיטאָג, די תּפיסע האָט געקייכט פון געלעכטער. עס האָבן געלאַכט אַלע אַרעסטאַנטן, אַלע וועכטערס, דער נאַטשעלניק, זיין ווייב... אַלע האָבן געלאַכט.

ווייל לייבעלע האָט נישט אויסגעהאַלטן, ער איז געגאַנגען שפּילן מיטן יאַפּאַנטשיק און האָט פאַרשפּילט איין וואָנס...

פאַרשפּילט איז פאַרשפּילט, און אין תּפיסה זענען די געזעצן אויסגעפירט דורך די אַרעסטאַנטן בעסער, ווי דורך אַלע פּראָקו-ראָרן אויף דער פריי.

מען האָט אים אָפּראַזירט איין וואָנס און די צווייטע איז געבליבן אונטער זיין נאָז, ווי אַ שאַנד-פלעק, אַ שוואַרצע לאַטע אויף זיין מאַטאָווע פּנים.

אַלע זענען געלאָפן צו דער קאַמער "בײַנצען" אָנקוקן דעם פּאַרשוין.

אַ העלד איז געפאַלן...

# פון תפיסה אין קאָנצערט־זאַל

ערב פרילינג, מיט אַ סך יאָרן צוריק, איינמאָל באַנאַכט זענען צו אונז אין שטוב אַריינגעקומען זשאַנדאַרמען, אויפגעוועקט דאָס גאַנצע הויז־געזונט און אָנגערופן מיין נאָמען...

דאָס מאָל האָב איך זיך אויף זיי נישט געערכט, ווייל איך האָב דעמאָלט מיט קיינעם נישט געקעמפט און די וועלט־אָרדנונג איז מיר נישט אָנגעגאַנגען. מענטשן האָבן זיך אַ שטויס געטון מיט זייער שקר, אָפּגעשטויסן מיך צו זיך אַליין און איך האָב געזוכט מיין יניקה אין מיין עגאָיזם, געזוכט פרייד אין פאַרגעניגן... אמת, איך האָב עס ווייניק געפונען, ווייל פרייד און פאַרגעניגן מוז מען זוכן בא מענטשן, מיט מענטשן. אויסער דעם ביסעלע, וואָס מען קאָן נעמען בא דער שטומער נאַטור, מיט פאַרליבטע אויגן, מיט אַ נשמה, וואָס ציטערט אויף, ווען זי זעט, ווי די בלעטלעך אויף זיי צווייגן ציטערן...

ערב פרילינג. איך האָב אַ שווערן ווינטער דורכגעמאַכט. איך האָב לאַנג געהאַרט אויף זון, אויף ליכטיקייט און איך האָב זיך דערוואַרט... באַנאַכט זענען געקומען זשאַנדאַרמען, רוסישע זשאַנדאַרמען, איינער איז געווען מיט קליינע קאַלמיקישע אייגעלעך, האָט אויסגעזען ווי אַ קאַלטער וואַלד־גזלן, דער צווייטער אַ לאַנגער, ווי אַ לולב, בלייך פון שווינזוכט, בייז פון קראַנקייט, דערדאָזיקער איז כסדר געקראָכן אין מיינע קעשענעס. אין די שופלאָדן. דער דריטער אַ גוטמוטיקער, אַלטער זשאַנדאַרם מיט אַ ווייסער באָרד, מיט נאָך יונגע רויטלעכע באַקן, ווי ער וואָלט באָר וואָס פון שוויץ־באָד אַרויס, ער האָט מיך אָנגערופן:

— גאָספּאָדין...

— גאָלובטשיק...

ער האָט אויסגעזעען, ווי אַ פרישער געזונטער ייִדע, וואָס איז געקומען זיך אַ ביסל פאַרווײַלן מיט זײַן אייניקל. אַי, אַ ייִדע... אין מיטן דער נאַכט האָט ער מיך אויפֿגעקאַפּירט אין אַן ענגן פּאָליציי-צירקל, ווו די לופֿט האָט דעם מענטש געשטיקט, געוואָרגן און... נישט דערשטיקט אינגאַנצן. אין דער פרי האָט מען מיך, ווי אַ וויכטיקן אַרעסטאַנט אַוועקגעפירט אין תּפיסה אַרײַן.

און די אַלטע פּראָצעדור:

— ווי איז דײַן נאָמען?

— וויפיל יאָר?

און דערנאָך צוגענומען, די שעלקעס, דאָס טאַשן-מעסערל, די בלייפעדער און אַרײַנגעפירט אין אַ באַזונדער צימער אויף אַ רעוויזיע, אויסגעטון זיך מוטער-נאַקעט און געזוכט אין די בגדים מײַנע, טאָמער האָב איך עפּעס אַזוינס, מיט וואָס מען קאָן אַ סוף מאַכן מיטן לעבן: אפשר אַ גאָל-מעסער? אפשר סם?

דער תּפיסה-וועכטער האָט עס מיר קלאָר דערקלערט:

— אַנומלט איז אַזאַ אייבער געקומען צו אונדז, ער האָט געהאַט בײַ זיך סם און אין זײַן קאַמער זיך פאַרסמט אויף טויט. איצט איז אַנדערש. מיר זענען פאָרזיכטיק. מיר זוכן גענוי, אונדז גיט מען איבער אַ לעבעדיקן אַרעסטאַנט און אַזעלכן מוזן מיר אָפּגעבן צוריק... פאַרשטאַנען?

אוי, האָב איך פאַרשטאַנען! איך האָב עס נאָך מער ווי פאַרשטאַנען; איך האָב עס געפילט, מען זאָרגט פאַר מיר, איך זאָל לעבן, איך זאָל בלייבן גאַנץ, ווי אַ סחורה, מיט אַ נומער... אַ סחורה פאַר די זשאַנדאַרמען, פאַר די תּפיסה-וועכטער, פאַרן פּראָקוראָר און אין דערזעלבער צייט וואַרפט מען מיך אַרײַן אין אַ לעבעדיק קבר און עס הייבן זיך אָן טעג און נעכט, ווען דו ווערגסט דיך מיט דײַן אייגן לעבן, ווי מיט אַ האַרטער דאָזע סם — קאָנסט עס נישט צעבייסן און קאָנסט עס נישט אַראָפּשלינגען...

אין תּפיסה-קבר...

ווען נישט אין פרילינג...

אין די טעג, ווען דורך די קוואַדראַטלעך פון די קראַטעס האָט זיך געבראָכן די זון און געריסן מיט אַ גלייכגילטיקן
אויף־צו־להכעיס; אין די טעג, ווען די ליכטיקייט שלעפּט אַרויס די פינצטערניש פון דיין נשמה, די פינצטערניש פון דיין חדר, זי שלעפּט עס אַרויס די זון און לייגט עס אַוועק פאַר דיינע אויגן. קוק אויף דעם, קוק זיך אָן, ביז עס וועט דיר ווידער און ווידער פינצטער ווערן אויף דער נשמה...

די ליכטיקייט, וואָס איך געניס פון איר אַזאַ קליין ביסעלע, די ליכטיקייט פון פרילינג, וואָס קריכט אַרום אויף דער שאַרער פּאַדלאָגע פון תפיסה, זי זאָגט אָן, אַז גאַסן, סקווערן און גערטנער — אַלץ באָדט זיך איצט אין אַ ים פון זון. זי רייצט, זי רייצט די ליכטיקייט, זי פּייניקט, ווי אַ תלין, און אין דער זעלבער צייט איז זי אין גאַרנישט שולדיק. זי איז נישט שולדיק, וואָס מענטשן האָבן אויפגעבויט תפיסות מיט קראַטעס, זי איז נישט שולדיק, וואָס רוסלאַנד האָט אַזוי פיל זשאַנדאַרמען, וועלכע מוזן זוכן פאַרברעכער, ווייל דאָס איז זייער פּרנסה. די זון קריכט, וווהין זי קאָן נאָר צוקומען, און זי איז גאַרנישט שולדיק, וואָס מיט איר ליכט בלוטיקט זי מיין נשמה...

ווען נישט אין פרילינג, וואָלט איך עס לייכטער איבערגעטראָגן. אין אַ גרויער קאַמער, ווערט גרוי די נשמה, ווערט גרוי דער ווילן, דער פאַרלאַנג, אָבער דאָ אויף אַ פּאַס פון דער פּאַדלאָגע ליגט גאָלד, גין־גאָלד, ליכט, וואָס שניידט, ווי אַ חלף, ליכט, וואָס רופט צו גאָט און אַליין ביסטו אין די הענט פון טייוול...

און ווען די זון וויל אַפּטון אויף צולהכעיס, קאָן זי דעמאָלט אַזעלכע אַרעסטאַנטן, ווי איך בין געווען, צו משוגעת דערפירן. זי האָט נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געלויכטן, געלויכטן און געשטאָכן מיט שטראַלן. אָט גיט זי מיר צען מינוט האָפּנונג און באַלד ווערט מיר חושך פון בענקשאַפט, פון אומרו, פון פּיין...

גאָט מיינער! וואָס פעלט אַ פּיצל פייגעלע, וואָס איז געפאַנגען אין אַ דראָטן שטייגל, אַזוי קליין און אומבאַהאָלפן... דאָס ביסעלע פליען, דאָס ביסעלע שוועבן. און דאָס האָבן מענטשן באַ

איר צוגענומען. אַ פּאָר קליינע פליגעלעך פאַרמאַגט עס און אין שטייגל קלאַפּן זיך אָן די פליגעלעך אָן דער קאַלטער דראָט...

וואָס פילן אַלע געפאַנגענע חיות אין די זאָאָלאָגישע גערט-נער, וואָס פילן מיינע חברים אין קאַמער ? וועלכע לעבן-דורך אַלע פאַרשפאַרטע אין די תפיסות ? מיין ביסעלע צער וואַקסט אויס אין אַ גרויסן וועלט-צער. איך טראָג עס אין מיין שוואַך האַרץ, און איך בין מאַכטלאָז, ווי אַ פויגל אין שטייג...

איך האָב אין יענע טעג גענומען צוהילף די פאַנטאַזיע. איך פלעג זיך אָפּט אין די שווערסטע מינוטן ראַטעווען מיט איינרעדעניש, ראַטעווען זיך מיט אילוזיעס: איך בין נישט אין תפיסה, איך האָב נישט איבער זיך קיין קראַטעס, קיין אייזערנע טיר, קיין וועכטער. איך שפּאַציר גאָר אויף די פריילעכע גאַסן, אין שטאָטישן פאַרק...

זון, זון... איבער מיר, פאַר מיר און אַרום מיר. עס קייטלען זיך. עס וויקלען זיך גין-גאָלדענע שטראַלן אין אַ נעץ און איך בין גליקלעך געפאַנגען...

אָבער ווער האָט עס מיך ברוטאַל אַ שטויס געטון ?

ווער האָט עס אַזאַ ציניש וואָרט אַרויסגעוואָרפן פון זיין מויל ?

אַן אַרעסטאַנט, אַ חבר פון מיין קאַמער...

און ווו איז שוין מיין שטראַלן-נעץ ?

איך פאַל דעמאָלט אין אָפּגרונט.

עס זענען געווען מיט מיר אין קאַמער אַרעסטאַנטן, וועלכע האָבן נאָך באַדאַרפט נישט איין פריילינג פאַרברענגען הינטער די קראַטעס. עס זענען געווען אַזעלכע, אויף וועלכע דער טויט האָט געלויערט. זיי האָבן זיך געריכט אויף אַ שווער געריכט, אַ תליה-פאַראַגראַף האָט זיי באַנאַכט געשטיקט און געפּייניקט...

עס איז אויך געווען איינער, וועלכער האָט שוין דעם אורטייל באַקומען און יעדער טאָג האָט געקאָנט זיין דער לעצ-טער פאַר אים און יעדע נאַכט האָבן אים געשראָקן די טריט אין טויטן-קאָרידאָר.

באַלעסלאַוו מאַי. דער יונגער פּאָליאַק מיט די בלאָנדע

האָר און מיט גרויע אויגן. עפּעס איז געווען אין זיינע אויגן אַ בליק פון אַ חיה, פון אַן אָפּגעזונדערטער יחוס-חיה. אַ פלינקער, אַן עלאַסטישער, פלעגט ער אַרויפשפּרינגען קעציש אויף דעם פענצטער און שלינגען ליכט, לופט, זון... איך געדענק ביז היינט, ווי די זון פלעגט זיך שפּילן מיט זיינע דינע, שפּינוועבס-דינע האָר, פּונקט ווי זי וואָלט אים וועלן אַרויסציען, אַרויסגנבענען פון תפיסה, פאַר די גאָלדענע האָר אים אַרויסגנבענען...

ער האָט זיך געהאַלטן דרייסט. ער האָט געוואַרט אויף זיין סוף מיט העראָישן מוט, מיט ווירדע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פּאָליטישן פאַרברעכער, פאַר אַן אידעאַליסט. ער איז געווען אַ שטאָלצער מענטש, אָבער נאָך גאָר אַ יונגער מענטש....

איך האָב געקוקט אויף אים און געציטערט פון ווייטיק. איך האָב זיין יוגנט געפילט, אַזעלכע ווי ער זענען געליבט באַ פרויען; אַזעלכע ווי ער ווערן געקעכלט פון די צאַרטסטע הענט... פאַר אים זענען די פרילינגס-טעג מיט די פרילינגס-נעכט באַשאַפן געוואָרן און דאָ זייפט דער תלין אַ שטריקל פאַר אים...

לעבן-גיהנום, זיי פאַרשאָלטן !...

ווי ערלעך, ווי גרויס איז דער שקר באַ אַזאַ פאַרמשפּטן. קיין זיפץ נישט, קיין באַקלאָגן, קיין וואָרט נישט וועגן דער נאַכט זיינער, וואָס רוקט זיך אָן... אָבער וואָס האָט ער געטראַכט, בעת ער איז געזעסן אינדערהייך אויפן פענצטער און זיך צוגעהאַלטן מיט די נאַקעטע פינגער אָן די אָנגעוואַרעמטע אייזנס פון דער קראַטע ? וואָס האָט ער געטראַכט ? דאָרט ווייט, פון שטאָט איז געגאַנגען אַן אָפּהילך פון באַוועגונג, פון לעבן, און אונטן האָבן שוין סעדער געגרינט און געבליט... ווען מען לעבט, טראַכט מען, אַז דאָס לעבן איז אייביק און אויף אים האָט יעדע שעה געוואַרט דער אייביקער טויט... אין תפיסה, אין אונזער קאַמער איז ער געווען דער טויט-פרינץ, דער טויט-יחסן, ווייל מיר האָבן גרויס דרך-ארץ געהאַט פאַר אים, און שלאָפן פלעגט ער אויפן בעסטן פּלאַץ...

איינמאָל באַנאַכט האָב איך זיך צוגעהערט אַ שמועס: באַלעסלאַוו מאַי האָט זיך דורכגערעדט מיט אַ פרומען קריסט. טעאָ-

דאָרטשיק האָט יענער געהייסן. זיי האָבן לאַנג־לאַנג געשמועסט וועגן איין וויכטיקן ענין...

די פראַגן פלעגט שטעלן באַלעסלאַוו און ענטפערן פלעגט טעאָדאָרטשיק... וועגן וואָס האָט זיך דאָרט געהאַנדלט אויף דעם שטרויענעם געלעגער אין קאַמער נומער דריי און צוואַנציק?

באַלעסלאַוו מאַי האָט געוואָלט דערגיין, צי איז טאַקע פאַר־האַן אַ יענע וועלט...

גאָר אומגעריכט האָט מען מיך אַרויסגעלאָזט פון תפיסה, און געשען איז עס באַנאַכט נאָך צען, ווען מען טאָר שוין נישט אַרויסלאָזן אַן אַרעסטאַנט. אַזאַ רעגולאַמין איז געווען בײַ די רוסן...

נאָך צען האָט מען מיך פשוט אויף שנעל אַרויסגעטריבן פון מיין קאַמער. געוועין עפעס אַ שאָד צו לאָזן די גאַנצע חברה מיט דעם שיינעם יונגן באַלעסלאַוו...

אַ שאָד... און דאָך בין איך געלאָפן, ווי אַ ניי־געבוירענער, און, אַרויסקומענדיק אויף די הויפט־גאַסן, האָב איך באַמערקט אַן אַפיש. קרייזלער שפּילט היינט אין קאָנצערט־זאַל...

איינגעפאַלן אַ געדאַנק און איך בין שוין אַהיים נישט גע־לאָפן, נישט געגאַנגען צו מיינע קרובים...

איך וועל הערן קרייזלערן און טאַקע איצט, אַ טייל פון קאָנצערט וועל איך נאָך באַוויזן צו כאַפּן. איצט וויל איך אים הערן, ווען פאַר מיינע אויגן שוועבן נאָך די פנימער פון מיינע קאַמער־חברים, ווען די גרויע ווענט דריקן נאָך די באַפרייטע נשמה מיינע...

בין איך גלייך פון תפיסה אַריינגעפאַלן אין אַ באַלויכטענעם זאַל, די אויגן האָבן מיר וויי געטון פון אַזוי פיל ליכט...

העכער צוויי טויזנט אויסגעפּוצטע, יום־טובדיקע מענטשן, די דאַמען מיט בריליאַנטן, אויסגעפּאַשעטע, זאַטע, צופרידענע...

אויף דער טריבונע שטייט אַ וועלט־מייסטער און ער ציט אויס, ער שפּילט אויס מיט זיינע פינגער די שפּאַנישע סימפאָניע פון לאַלאָ. די מוזיק, דער באַלויכטענער זאַל, די מענטשן — עס האָט מיך צעטומלט, איבערראַשט, דערדריקט...

קרייזלער האָט געשפּילט און די תּפיסה מיינע האָט מיר געטאַנצט פאַר די אויגן. דער בלאָנדער קאָפּ פון באַלעסלאַוו מאַי האָט געשוועבט איבער אַלץ...

איין וועלט, די תּפיסה-וועלט איז נאָך פון מיין זינען נישט אַרויס, די צווייטע וועלט, דער קאָנצערט-זאַל מיט די רויקע צו-הערער, איז נאָך אין מיין זינען נישט אַריין...

נאָר דער קאָנטראַסט האָט געשניטן מיין נשמה אויף צוויי העלפט...

דאָס ליכט האָט געבלענדט די אויגן ביז שרייאיקייט... ווען זיי זאָלן אַ ביסל ליכט אוועקגעבן פאַר די תּפיסות פון דער וועלט!

די קלאַנגען פון קרייזלערס פידל האָבן דערציילט פון קאַמף, פון ליידן... ווען די אַלע וואָלטן וויסן, וויפיל יסורים איך האָב איצט דאָרט איבערגעלאָזט...

מיט אַ שעה צוריק בין איך אַן אַרעסטאַנט געווען...

# די טויטע דאַמע

ערב ווייַנאַכט, שפּעט אין אָוונט האָט איינער אַ וואַרשעווער יונגערמאַן באַקומען אַ ידיעה, אַז זיין קראַנקע שוועסטער אין אָטוואָצק האַלט באַם שטאַרבן. קיין צוג איז אין דער מינוט נישט געווען. האָט ער געכאַפּט אַ טאַקסאָווקע און זיך געלאָזט לויפן אַהין, ווו דער טויט שטייט באַ דער שוועל...

אַ ווינטערדיקע נאַכט, שניי, ווינט, פינצטער. דער שאָפער האָט געבלאָנדזשעט און געשפּרונגען איבער גריבער. יעדע מינוט איז געווען אַ שעה, אַן אייביקייט. אַ ברודער איז געלאָפן צו אַ שוועסטער, געוואָלט זי נאָך זען אַ לעבעדיקע. אין דער פינצטערער נאַכט האָט ער געטראַכט, דער יונגערמאַן, פון זיין שוועסטער, דער טויט האָט אים געשראָקן, גערייצט זיך מיט אים און דאָ דער שלימזלדיקער שאָפער בלאָנדזשעט און ווייסט נישט דעם וועג. אַ געדיכטע פינצטערניש. די פינצטערניש איז פון שטענדיק אַן דעם טויטס בעסטער שותף...

מען קאָן פון אַזאַ רייזע משוגע ווערן. נישטאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. דער שאָפער איז אָפּגעזונדערט, נאָר יענער איז אויך בייז, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען אַזאַ רייזע אין אַ פינצטערער נאַכט...

שטעלט ער זיך אָפּ, דער שאָפער, לעבן אַ באַרג מיט שטיינער; קוים זיך געראַטעוועט און עס הערט זיך אין דעם ווינטס בייזן ברום דאָס קול פון אַ מענטש. דער שאָפער שעלט די גאַנצע וועלט:

— כאָלערע! — און נאָכאַמאָל די זעלבע קללה.

עס איז פינצטער אַרום און אַרום. עס גלייבט זיך נישט, אַז די גרויסע וואַרשע מיט אירע טויזנטער לאָמפּן איז נאָענט. עס גלייבט זיך נישט, אַז אָטוואָצק וועט ווען עס איז געפינען ווערן. בלויז די צוויי אויגן, די צוויי לאָמטערן פון אויטאָמאָביל פליען איבערן צעקנייטשטן שאָסיי, ווי זיי וואָלטן עפּעס וועמען זוכן.

די שוואַרצע לאַפּע פון דער נאַכט קאָן צעקוועטשן די שטאַרקסטע נערוון פון יעדערן און דאָ לויפט אַ ברודער צו אַ שוועסטער, צו אַ יונגער שוועסטער, וועלכע האַלט באַם שטאַרבן.

אַזאַ געפיל האָט ער געהאַט דעמאָלט דער יונגערמאַן, אַז ער איינער, ער קאָן זי ראַטעווען, ער וועט אָפּיאָגן דעם טויט, ער וועט באַשיצן זיין שוועסטער, און יעדע רגע, וואָס דער שאָפער האָט געבלאָנדזשעט, יעדע מינוט, וואָס די מאַשין האָט פאַרשפּעטיקט, יעדע רגע האָט געריסן פון אים שטיקער נשמה און זיי געוואָרפן צו דער ווילדער נאַכט, צו דעם ווינט, וואָס האָט געהוליעט אויף די פאַרשנייעטע פעלדער און וועלדער... ווען ער וואָלט וויסן דעם וועג! ער וואָלט צופוס געלאָפן, נאָר יעדע צען מינוט באַרויקט אים דער שאָפער:

— איצט פאָרן מיר גלייך אַריין קיין אָטוואָצק.

— איצט שוין גאָר נאָענט...

— מען זעט שוין פייערלעך, דאָס ברענען די אָטוואָצקער גאַס־לאָמפּן.

יאָ... ענדלעך אָטוואָצק. דורכגעלאָפן עטלעכע וואַלד־גאַסן, אָפּגעשטעלט זיך בײַ אַ שטוב. דאָ לעבט זיין שוועסטער...

זי לעבט שוין נישט...

מיט צוואַנציק מינוט צוריק איז זי געשטאָרבן. און דער פאַרצווייפלטער ברודער וויינט און דריקט פון פאַרביטערניש די פויסטן. אים דאַכט זיך נאָך אַלץ: ווען ער באַווייזט אַ ביסעלע פריער אַהערצוקומען, דאַן וואָלט ער דעם טויט פאַרן קאַרק געכאַפּט און פון איר אַרויסגעשליידערט...

שולדיק איז דער שאָפער דער שלעכטער, די שוואַרצע נאַכט... נישטאָ קיין קללה פאַר אַזאַ נאַכט, דער מענטש איז מאַכטלאָז...

די טויטע ליגט אויף איר געלעגער, רויק און אין שלאָף.

בײַ איר בעט שטייט די פּאַרווײַנטע מוטער, אַ פּאַרווײַנטע שוועסטער און דער צעטראָגענער ברודער...

די לעבעדיקע לעבן און זיי מוזן, זיי מוזן אַ טראַכט געבן, וואָס מען טוט מיט דער טויטער, מיט דער, וועלכע געהערט שוין נישט צו דער וועלט...

מאָרגן איז דער קריסטלעכער יום-טוב, איבערמאָרגן אויך, מען מוז זי אוועקפירן קיין וואַרשע און דאָרט באַגראָבן...

אָבער ווי אַזוי? אַ קאָמיסיע מוז פריער באַשטעטיקן איר טויט און די מאַכט מוז פריער אַרויסגעבן אַ דערלויבניש זי אַרויס-צופירן פון אָטוואָצק... און די אָטוואָצקער גמינע פּאָדערט אויך דערפאַר געלט.

דער גאַנצער טראַנישער ענין איז פאַרבונדן מיט אַ סך קאָסטן, מיט אַ סך צייט און מיט גענוג יסורים און פּיין...

צוזאַמען מיטן טויט איז דאָ אויסגעוואַקסן אַ שווערע פראַגע, אַ פּײַנלעכע פראַגע. ווי אַזוי ברענגט מען דעם מת קיין וואַרשע אַרײַן? ווי אַזוי?

און דעם וואַרשעווער יונגנמאַן, דעם ברודער פון דער גע-שטאָרבענער, איז אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק...

ער האָט זיך דעצידירט:

בײַ דער שטוב שטייט נאָך דער אויטאָמאָביל, מיט וועלכן ער איז געקומען פון וואַרשע. די זאַך איז שנעל באַטראַכט און שנעל באַשטעטיקט געוואָרן. דעם שאָפער האָט ער געזאָגט, אַז ער פאָרט צוריק קיין וואַרשע, נאָר מיט נאָך אַ פּאַסאַזשיר — זײַן קראַנקע, אָפּגעשוואַכטע שוועסטער וועט מיטפאָרן.

מען האָט דער טויטער אָנגעטון דאָס מאַנטל, וואָס זי האָט געטראָגן בײַ איר לעבן, און דעם זעלבן הוט. אויף די טויטע פינגער אַרויפגעצויגן הענטשקעס און צוגעקנעפּלט צו איר

האנט א דאַמען-בײטל. אויף אַ שטול האָט מען דעם טויטן קער־
פּער אַרויסגעטראָגן אין מיטן דער נאַכט פון שטוב...
אין אויטאָמאָביל אַרײנגעזעצט. דער שאָפער האָט גאָרנישט
באַמערקט און גאָרנישט פאַרשטאַנען. צו דער טויטער האָט מען
גערעדט, ווי צו אַ לעבעדיקער
— זיץ רויק...
— דעק זיך גוט איין אין מאַנטל...
און דער אויטאָמאָביל האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן...
א יונגערמאַן מיט אַ דאַמע זענען געזעסן אינעווייניק. די
עלעקטרישע לאָמפּן זענען געשוווּמען פאָרויס אויף די שטיינער,
אויף דעם ברודנעם שניי, זיי האָבן אַ ביסל באַלויכטן דעם וועג.
דער שאָפער האָט געקירעוועט און, ווו מען האָט באַדאַרפט, האָט
ער סיגנאַליזירט און געוועקט מיט זיין פייפן די שטומע נאַכט...
אים איז אַלץ איינס, דעם שאָפער, ווער עס זיצט דאָרט הינטער
אים אין דעםביידל, יונג צי אַלט, מאַן צי פרוי, נאָר הײנטיקס
מאָל האָט ער געמעגט אַ קוק געבן אויף זיינע פּאַסאַזשירן...
די דאַמע איז געווען — אַ טויטע דאַמע...
מען איז אַרויסגעפאָרן הינטער אַטוואַצק, אויפן שאָסיי. דער
מאָטאָר האָט געקלאַפּט. די גומענע רעדער האָבן זיך געשאָרט
און געסיקעט אויף דעם צוגעפרוירענעם שניי.
נאָר חוץ דעם איז געווען אַזאַ שרעקלעכע טויט-שטילקייט
אַרום און נאָך אַ שרעקלעכערע טויט-שטילקייט אין דעם שוואַרצן
קאַסטן פון אויטאָמאָביל... אויף דעם אַקסל פון ברודער האָט זיך
אָנגעשפּאַרט זיין טויטע שוועסטער, ווי אַ גוטע, מידע געליבטע
שפּאַרט זיך צו איר חתן, מיט אַזוי פיל פּאַרטרויאונג. ער האָט
זיך נישט דערוועגט צו באַוועגן, טאָמער פאַלט דער טויטער קער־
פּער אַראָפּ פון זיץ-בענקל... און ער האָט זיך נישט דערוועגט צו
קוקן אויף איר...
ווייל איין מאָל האָט ער שוין אַ קוק געטון אויף איר.
איין אויג איז געווען אָפן בײַ דער טויטער און ד ס האָט
געלויכטן אין דעם פינצטערן אויטאָמאָביל-קעסטל, ווי אַ שטיק
פּאַספאָר...

איין אויג פון אַ טויטער פרוי...

מען איז געפאָרן לאַנג, דער וועג איז לענגער געווען, ווי דער שטח פון דער גאַנצער וועלט. דער יונגערמאַן האָט וועגן איין זאַך געטראַכט: איינהאַלטן די נערוון, איינהאַלטן די נערוון און נישט משוגע ווערן... דער טויטער קערפּער פאַלט אַלץ מער אויף זיין זייט און דריקט אים, דריקט אים...

און געווען אַ סך רגעס בעת ער האָט געפילט עפּעס אַ מאָדנע לעבעדיקייט בײַ דער טויטער, אַ טויטע לעבעדיקייט, וואָס קאָן אויף טויט דערשטיקן...

עטלעכע מאָל האָט דער יונגערמאַן גענומען רעדן צו זיין טויטער שוועסטער, כּדי עס זאָל נישט זיין פאַרדעכטיק פאַר דעם שאָפער, וואָס זיי שווייגן די גאַנצע צייט:

— באַלד ווי מיר וועלן קומען קיין וואַרשע, וועל איך שיקן נאָך אַ דאָקטאָר... יאָ, טייערע!

— ווי נאָר דיר וועט ווערן אַ ביסעלע בעסער, וועל איך דיך אָוועקפירן קיין מעראַן... יאָ, טייערע!

ער האָט גערעדט מיט אַ כּוונה, הויך אויפן קול, כּמעט גע־שריגן: דער שאָפער זאָל הערן, ווי ער רעדט צו דער דאַמע.

דער שאָפער האָט פּלוצלינג אָפּגעשטעלט די מאַשין:

— דאַכט זיך, מיר פאָרן נישט קיין וואַרשע, מיר האָבן פאַר־בלאָנדזשעט...

ער איז אַראָפּ פון זיין פּלאַץ, דער שאָפער. ער האָט זיך גענומען אַרומקוקן און, צום גליק, איז אָנגעפאָרן אַ פור. באַם פורמאַן האָט מען זיך דערוווּסט, אַז ער איז אַוועק אין אַ צווייטער ריכטונג, צו גאַרוואָלין...

און ער האָט גענומען פאָרן צוריק, דערבײַ האָט ער זיך אויסגערעדט:

— ווער ווייסט, צי מיר וועט סטייען בענזין ביז וואַרשע.

אַ שוידערלעכע נאַכט און ווער ווייסט, צי ער וועט נישט בלייבן שטיין אין מיטן וועג מיט דער טויטער...

און בײַ דער ראַגאַטקע? וואָס וועט זיין בײַ דער ראַגאַטקע? דאָרט קוקט שטענדיק אַריין דער פּאָליציאַנט אין אויטאָמאָביל...

דאָס האַרץ איז געשפּרונגען אין אים פון שרעק, ווען דער אויטאָמאָביל האָט זיך דערנענטערט צו וואַרשע און דער שאָפער האָט איצט אָנגעצונדן אַ לעמפּל, באַלויכטן דאָס בײדל, ווו דער לעבעדיקער ברודער איז געזעסן מיט דער טויטער דאַמע...

און אויך דער טויט האָט מזל און גליק...

דורכגעפאָרן די ראָגאַטקע בשלום, דער פּאָליציאַנט האָט פאַרצײכנט דעם נומער און געלאָזט ווײטער פאָרן...

יענע רגע איז געווען די שרעקלעכסטע. דער יונגערמאַן האָט זיך דאַן דערמאָנט, אַז ער האָט אַ פּאַמעראַנץ אין קעשענע, האָט ער דעם פּאַמעראַנץ צעטײלט אויף צוויי העלפטן און איין העלפט פאַרגעלײגט זײן דאַמע...

אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו איר מיט אַ האַלבן פּאַמעראַנץ, און גערעדט אויפן קול, גערעדט צו דער טויטער...

צום גליק האָט קײן בענזין נישט אויסגעפעלט און דער אויטאָמאָביל האָט זיך געגליטשט איבער די נאַכטיקע גאַסן פון וואַרשע...

געצײלטע מענטשן האָבן געשפּרײזט אויף די גאַסן... אײנזאַמע סילועטן און פרײלעכע אויפגעמונטערטע פּאָרלעך... וואָס האָבן זײ געוווּסט? וואָס האָבן זײ פאַרשטאַנען בעת דער דראָזשקער אויטאָמאָביל מיט דער טויטער דאַמע איז פאַרבײגעפלויגן...

דערנאָך — באַם טויער פון דער וואַרשעווער היים...

באַם טויער זענען גראָד געשטאַנען עטלעכע פּאָרלעך, זײ האָבן זיך איצט אין מיטן נאַכט אומגעקערט פון אַ באַל, זײ האָבן געלאַכט אויפן קול און אײנער דעם צווײטן האָט דערמאָנט די חיכקיקע מאָמענטן פון דער הײנטיקער פאַרוויילונג...

ווען דער יונגערמאַן איז אַרויס פון אויטאָמאָביל, האָבן די, וואָס זענען געשטאַנען באַם טויער, אים פרײלעך באַגריסט:

— האַ! וואָס מאַכסטו? פונוואַנען געקומען? מיט וועמען? האַ?

זײ האָבן שוין געוואָלט צולויפן צום אויטאָמאָביל און חוצפּהדיק אַרײנקוקן, נאָר דער יונגערמאַן האָט זײ מיט זײנע לעצטע כּוחות אָפּגעהאַלטן:

— איך האָב געבראַכט מײן שוועסטער פון אָטוואָצק, זי

אין געפערלעך קראַנק, רוקט זיך אָפּ אַ ביסל, זי וויל זיך נישט ווייזן פאַר מענטשן...

און דעמאָלט, ווען די מענטשן האָבן זיך אַ ביסל אָפּגע-רוקט, האָט ער זיין טויטע שוועסטער אין די הענט אַריין גענו-מען, זי צוגעטראָגן צו דער ווינדע, אַוועקגעזעצט זי אויף דעם בענקעלע און אַליין זיך אַוועקגעזעצט לעבן איר...

די ווינדע האָט זיי אויפֿן פינפטן עטאַזש געבראַכט.

# אַ פרימאָרגן און אַ נאַכט

אויפגעכאַפּט זיך גאַנץ פרי און געפונען אַ פול צימער מיט ליכט. אויף די ווענט, אויף דער פּאָדלאָגע, אויף מיין געלע-גער... אומעטום זון. מיין קושן איז טרוקן-הייס פון די שטראַלן. עס וועט היינט זיין אַ משוגענער, אַ הייסער טאָג...

איך האָב גענומען מיין פּלאַן מאַכן. ווי וועט היינט דער טאָג מיינער אויסזעען? איך האָב אַלץ איבערגעטראַכט און בין געקומען צום באַשלוס, אַז היינט וועט זיין לאַנגווייליק...

און נישט דערפאַר, ווייל דאָ איז שלעכט אין דער מאָלע-רישער יאַלטע, דאָ איז אַ שטיקל גן-עדן. נאָר דער גן-עדן איז יעדן טאָג דער זעלבער ים, די בערג, די ווייַנטרויבן, די רויזן — אַלץ די זעלבע... נאָר דאָס וואָלט נישט אַזוי שלעכט געווען: מיט דער נאַטור און מיט די מתּנות פון דער נאַטור וואָלט איך זייער לייכט אַדורכגעקומען...

דערפאַר אָבער מיט די מענטשן — זיי האָבן מיר זיך שוין איינגעגעסן אין די ביינער. פאַראַן צווישן זיי ווילע, קלוגע און גוטע חברים. איך האָב זיי ליב אַפילו, און טאַקע צוליב דערדאָ-זיקער ליבע, וועלכע ווערט פאַרשוועכט און וואַכעדיק צוליב די דריי מאָל, וואָס מיר באַגעגענען זיך יעדן טאָג...

מען מוז אָפּרוען אַמאָל פון די בעסטע, מען מוז פון זיך אַליין אָפּרוען. צופיל האָבן אונז די דורות אויסגעלערנט, צו-פיל געשמאַק פאַרמאָגן שוין מענטשן. אויב מען קאָן זיי מיט ווונדער נישט איבעררעשן, באַדאַרף מען איינגאַנצן אויפהערן צו איבעררעשן און געבן, און אָפּגעבן זיך אַליין אַזוי ווי דו ביסט. און אַזוי ווי דו ביסט זייער ווייניק, מוז מען זיך אָפּגעבן צו די

אזויגערופענע „אלע" אין געציילטע פאלן, אין זעלטענע פאלן באוויזן זיך און פארשווינדן.

צוליב דער שיינער פריינטשאפט מוז מען זיך א ביסל אפ-רוקן, אוועקגיין אויף א טאג, אויף צוויי, אויסליידיקן זיך פון זיי, איינזאפן אין זיך א ביסל פרישקייט, מונטערקייט. אויב זיי האבן מיך אויף אן אמת ליב, וועלן זיי נאך מיר א ביסל בענקען, די פריינט מיינע. אויב איך בין פאר זיי א לאסט, וועל איך דאך טון א גוטע זאך, ווען איך וועל זיי פון זיך אויף א טאג באפרייען...

זון און ליכטיקייט מאכן פול מיין צימער און מיין נשמה, נאר נישט צו די מענטשן רופט היינט די זון... ווען איך דער-מאן די מענטשן, ווערט מיר לאנגווייליק און איך באשליס זיך צו ראטעווען פון דער לאנגווייליקייט. עס פלאנטערן זיך שטראלן צווישן מיינע הענט און פיס און מיר דאכט זיך, אז צוזאמען מיט מיינע לייכטע בגדים טו איך זיך אן אין א לייכטן שטראלן-מאנטל . . .

איך פארלאז שנעל מיין האטעל. איך אייל זיך, קיינער זאל נישט באמערקן מיין אוועקגיין, פונקט ווי א גנב, וואס האט שוין באגנבעט, אדער קלויבט זיך צום גנבענען... איך לויף פון די טרעפ, איך לויף פארביי די ערשטע גאס...

נאר איך בין נישט קיין גנב.

איך אנטלויף פון מענטשן און נישט פון קיין שלעכטע מענטשן. צווישן זיי זענען מיינע פריינט פאראן, נאר אין די דאזיקע זוניקע דרום-טעג זענען זיי מיר צו-נאענט געווארן און אין אזא נאענטקייט איז קיין נייקייט נישטא. מען דארף זיך ראטעווען פון זיי, מען מוז זיי ראטעווען פון זיך...

כאטש אויף צוויי טעג, כאטש אויף א טאג. דערנאך וועל איך קומען און זיי וועלן מיט איבעררעשונג פרעגן:

— ווו ביסטו געווען? מיר האבן שוין געמיינט, אז דער ים האט דיך פארשלונגען...

ס'איז גוט, ווען מען קאן אנטלויפן פון שונאים, ס'איז

אָבער איך גענוג ווייל, ווען מען קאָן זיך אַ ביסל דערוויטערן פון פריינט...

טאַקע אין נאָמען פון פריינטשאַפט...

אין נאָמען פון פריינטשאַפט.

איך שפּריי אַוועק פון יאַלטע. איך ווייס נישט צו וועמען און איך באַקלער נישט צו וואָס איך שפּריי...

שוין פאַרבייגעגאַנגען משור-קוי-לייאַר מיט דער לאַנגער אַלעע פון מימאָזען, שוין זעט זיך ליוואַדיע מיט די גרויסע ווייַנגערט־נער מיט די פּאַלאַצן פון ניקאָלאַי דעם צווייטן. איך שפּריי לאַנגזאַם, ס'איז נאָך פרי, געציילטע מענטשן זע איך. נאָר נישט די מענטשן אינטערעסירן מיך. די בערג זענען גרעסער פון זיי, דער ים איז ברייטער און איך האָב איצט גרויסע אויגן, וואָס שלינגען מיט פרייד איין די גאַנצע וועלט. איך קוק אויף די ווילְ־דע פעלזן פון איי-פּעטרי, אויפן באַרג קריכן ווייסע מילך-וואָלקנס, זיי פאַראַנקערן זיך אין די שפּיצן, זיי פאַרטשעפּען זיך אָן די גרוי-שוואַרצע שטיינערנע קעפּ פון ריז און זיי צעקלאַפּן זיך, די וואָלקנס, ווי ווייסע דורכזיכטיקע טעפּ, פון וועלכע די מילך צעגיסט זיך אין די שפּאַלטן פון די אייביקע פעלזן.

דאָס איז אפשר אַ נאַרישקייט, וואָס דאָ גייט איינער אַליין אַ מענטש און קוקט מיט נייגיריקע אויגן אויף די שטומע בערג.

דריי איך אָפּ דעם קאָפּ און אָנשטאָט דער צעקרימטער בער־געניש, דערזע איך אַ פלאַך שטיק צעשוימט זילבער...

דער ים...

אַנדערש זעט אויס דער ים, ווען דו קוקסט אויף אים פון אַ שיף. אַנדערש זעט ער אויס, ווען דו שטייסט מיט אַ מחנה מענטשן ביים ברעג, און גאָר אַנדערש זעט פאַר דיר אויס דער, ווען דו ביסט איינער אַליין אויף אַ דורכגעבראָכענעם וועג, כמעט אַ ווילדער איז דער וועג צווישן יאַלטע און אַלופּקע... דו זעסט איצט דעם ים מיט דיינע אויגן און דו הערסט גרויס פון זיין גרויסקייט, רויק-אומרויק פון זיין ציטערן. שטראַלן שניידן און קאַטעווען די כוואַליעס, און די פאַלעס ווילן כאַפּן און דערטרינקען די שטראַלן... עס גייט אַ שפּיל פון שווערדן-פעכטעריי און פון מעסער-שלייף.

און ווי קליין די זאַלסט נישט זיין — פאַראַן אַ רגע, ווען דו נעמסט גלויבן, אַז דער גאַנצער כפעקטאַקל פון דער נאַטור איז צוגעגרייט געוואָרן איבגאַנצן פאַר דיינעטוועגן.

די זעסט, אַז שוים האָט אויך אַ ווערט.

מיינע טריט זענען לאַנגזאַמע אַזוי ווי מיינע געדאַנקען, איך בין דאָ נישט געקומען נאָכזאָגן ועמען, איך וויל דאָ גאָר נישט דערגרייכן, איך וויל בלויז זעען... היגטער די שטעט, ווו מיר לעבן און פאַרברענגען אונזערע טעג, היגטער די שטעט, שטייען שטענדיק די אויסשטעלונגען פון דער נאַטור. אַזאַ באַרג ווי אי-פּעטרי, אַזאַ ים, ווי דער שוואַרצער ים — דאָס זענען די עקספּאָנאַטן פון דער נאַטור, אַ שטאַרקע האַנט האָט איינגעאָרדנט אַזאַ אויסשטעלונג... און דאָס, וואָס איך בין דאָ דער איינציקער באַזוכער —

איז דאָס מיין גליק און מיין שטאָלץ...

זיין אַליין, הייסט שוין זיין איינער און דער „איינער" זעט און פילט.

שוין עטלעכע שעה, ווי איך קריך צווישן די פעלזן. אונטער אַנדערע פון זיי באַהאַלט זיך דער ים און אונטער אַנדערע פון זיי שפּרינגט ער פלוצלינג אַרויס. אַזאַ ליכטיקער, אַזאַ באַזילבערטער, אַז די אויגן ווערן בלינד פון אים אויף אַ רגע און דערנאָך עפנסטו זיי, די אויגן, און זיי לאַכן פון איבערראשונג, די ליפּן שמייכלען און דיין קערפּער וואָלט זיך איצט אין אַזאַ מינוט וועלן אויפהייבן און פליען, פליען...

שוין עטלעכע שעה, און איצט ערשט דערמאָן איך יאָלטע: דער טאָג האָט זיך שוין דאָרט אָנגעהויבן, דער עולם איז שוין אַוודאי באַם ברעג, אַ סך באָדן זיך און אַ סך ליגן אויף דעם זאַמד, פול מיט פוילקייט און זאָרגלאָזיקייט, זיי הייצלען זיך אוודאי און שפּאַסן איינער פון צווייטן. דאָס איז אינטערעסאַנט, נאָר נעכטן און אייערנעכטן האָב איך דאָס אַלץ שוין געהערט... איך בענק נישט נאָך זיי, ווען איך בין איצט אַליין מיט זיך. אַזוי נאָענט צו זיך, בענק איך נישט נאָך זיי. איך האָב עפּעס צו טראַכטן און איך האָב עפּעס צו שווייגן.

אין אַזאַ רגע איז נישט אַרויסצונעמען די פייקע, אָנפּאַקן
זי מיט טיטון און רייכערן...

כאַפּ איך זיך, אַז איך האָב קיין שוועבעלע. איך קוק זיך אַרום, פון אַ שטיין, פון אַ בוים וויל איך באַקומען אַ ביסעלע פייער, פון די שטומע בערג, פון באַשטראַלטן ים...

אַ פונק פייער, אַ פיצעלע פייער... ראַטעוועט! איך וויל רייכערן. איך דאַרף עס צו מיין געקומענער רויקייט, איך דאַרף עס צו פאַרשענערן די שיינע וועלט, וואָס ליגט דאָ אַרום מיר, איך דאַרף עס, ווייל דאָס איז מיין מענטשלעכע שוואַכקייט...

רייכערן, מיט לייב און לעבן וויל איך רייכערן, און דאָ איז קיין פייער נישטאָ, נישטאָ...

לויפט פאַרביי אַן אויטאָמאָביל איבערן שאָסיי, האַסטיק מיט איין אָטעם פליט ער פאַרביי. איך האָב באַמערקט עטלעכע מענער, אויפגעהויבן צו זיי די הענט, גערופן, געוואָלט בעטן באַ זיי אַ שוועבעלע...

נאַר ווו? בין איך געבליבן אַ רגע אין דורכגעגליטן שטויב און דער אויטאָמאָביל איז שוין נישט געווען... די פייקע שטעקט אין מיין מויל, ווי אַ טויטע, און די דידאַזיקע טויטקייט ווירקט אויף מיין געמיט. דאַכט זיך, אַז די שיינע וועלט פאַרלעשט זיך. איך גיי איצט מיטן שאָסיי, פון אַלע געדאַנקען, פון אַלע פאַרלאַנ-גען איז איין פאַרלאַנג פאַרבליבן: רייכערן...

פלוצלינג באַמערק איך אויפן שאָסיי, לעבן דעם שאָסיי-שטיין אַ ברענענדיקן פּאַפּיראָס, אַן עגיפּטישן פּאַפּיראָס, ער רייכערט, ער ברענט. אַ דערפרייטער, בייג איך זיך אַראָפּ צו מיין גליקלעכער מציאה. איך פאַררייכער לאַנגזאַם מיין פייקע און זעץ זיך אַוועק אויף אַ גרויסן שטיין אַ זאָרגלאָזער. איך וואַרף אַ בליק אויף אַלץ אַרום, איך באַטראַכט מיין וועלט און ים, באַרג, פעלז און בוים... מיין וועלט און מיין רויקער בליק פאַלט אויף דעם אַלעם.

דעם פּאַפּיראָס האָט אוודאי איינער פון די פּאַסאַזשירן אין אויטאָמאָביל אַרויסגעוואָרפן. יענער האָט נישט געוווּסט, וואָס פאַר אַ גרויסע מצווה ער האָט געטון... און אַ מענטש קומט צונויף. ווען

יענער דאָרט אין אויטאָמאָביל, ווען ער וואָלט נישט געלעבט.
ווען ער וואָלט נישט גערייכערט — ווי וואָלט איך אויסגעזען?

און אַט אַזוי ווערט מען פּלוצלינג אַ מענטשן־פריינט, צוליב איין פונק פייער, ווייל דער פונק איז בייטיק געווען, ווי דאָס לעבן.

ווען עס איז שוין האַלבער טאָג געווען, האָב איך אָנגע־הויבן פילן אַן אָפּגעשוואַכטקייט, די פיס האָבן זיך גענומען וויגן און דער גאַנצער קערפּער האָט פאַרלאַנגט עסן...

עסן, די ליפּן בעטן זיך אַ טרונק, אַ ביס.

עסן, עסן, כמעט פריילעך און כמעט טרויעריק פון אַזאַ געזונטן אַפּעטיט, פון אַזאַ שטאַרקן פאַרלאַנג צו קייען, שלינגען...

און דאָ איז אַ וויסטעניש, קיין מענטש נישט, קיין בנין האָב איך גענומען זיך אַרומקוקן, געזוכט אַ ווינקל, אַ שפּיץ פון אַ הויז.

האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פאַרקאַן און נאָכן פאַר־קאַן האָבן זיך געזעען ענדלאָזע וויינגאָרטנער. איך האָב דער־הערט זינגען...

בין איך אַריבערגעשפּרונגען און געגאַנגען אַהין, פון וואַ־נען די קלאַנגען זענען געקומען...

אַ גרויסע מחנה טאַטערישע מיידלעך זענען געשטאַנען באָרוועסע און געפּאַקט אין גרויסע פעסער ווייַנטרויבן.

באָרוועסע, ברוינע מיידלעך, נישט ווייניקער צייטיק, ווי די ווייַנטרויבן...

מעראַבע! איך באַגריס זיי אויף טאָטעריש.

זיי ענטפערן און קוקן אויף מיר מיט פאַרוואונדערטע אויגן, טאָקע, וואָס טו איך דאָ? ...

איך ווייז זיי אָן אויף די ווייַנטרויבן. איך בעט זיי, זיי זאָלן מיר געבן אַ ביסל טרויבן, זיי זאָלן מיר פאַרקויפן...

לויפט איינע פון זיי אַוועק און ברענגט דעם פאַרוואַלטער.

איך האָב געהאַט פאַרקראָכן אין גוט פון פירשט דאָלגאָ־רוקאָו און דער פירשטלעכער פאַרוואַלטער האָט אויף מיר בייז

אַ קוק געגעבן און מיט דער האַנט אָנגעוויזן. איך זאָל שוין גיין . . .

גיין? ווי אַזוי וועל איך גיין, אַז איך האָב נישט קיין כּח אַ טריט צו שטעלן, און דאָס ערקלער איך אים טאַקע...

— איך בין הונגעריק איך בין אַ פּוסגייער, איך האָב ליב אַ סך צו שפּרייזן. איצט בין איך הונגעריק. איך וועל פאַלן פון הונגער...

די טאַטערישע מיידלעך לאַכן פון מיר, פון דעם שטויב, וואָס ליגט אויף מיינע בגדים, אויף מיין פּנים און דער פאַרוואַל־טער וועדט ווייכער.

ער נעמט אַרויס מיט די הענט פון אַ פאַס אַ הויפן טרויבן און וואַרפט עס איבער אין מיינע הענט...

אַ סך טרויבן, פרישע, יונגע, צייטיקע. אויף צווייגעלעך האָבן זיי זיך געהאַלטן און שווער געמאַכט מיינע הענט. איך האָב זיך אַרויסגעטראָגן פון זייער ווייגאָרטן, בין צוגעקומען צום ערשטן שטיין אויפן וועג און זיך אוועקגעזעצט עסן. איך האָב זיי געשלונגען, ווי אַ ווילדע הונגעריקע חיה, איך האָב זיי, דאַכט זיך, געשלונגען צוזאַמען מיט די צווייגלעך און געקוקט מיט פרייד אַרום אויף דער טייערער ערד, וואָס גיט אַרויס אַזעלכע טייערע ווייטנטרויבן...

*

אין אַ טאָג שפּעטער, ווען איך בין שוין צוריקגעקומען צו די מענטשן, זענען מיר געפאָרן פאַרברענגען צוזאַמען אַ נאַכט אויף „אַי־פּעטרי״

צוויי ברייטע קאַרעטעס, צו צוויי געזונטע פערד איינגעשפּאַנט. אין די קאַרעטעס זיצן צו פיר פּערזאָן...

מען פאָרט לאַנגזאַם, ווייל מען פאָרט באַרג־אַרויף. דער וועג גייט דאָ אין משונהדיקע זיגזאַגן. באַ די זייטן: שטיינער, ביימער און טיפע טאָלן. איצט איז נאַכט, ווען די לבנה באַלייכט דאָ און דאָרט די קרומקייט פון די בערג און גרויזאַמע פעלזן. שרעקט עס, די טאָלן זעט מען נישט צוליב דער פינצטערניש.

נאַר אַלע ווייסן, אַז זיי געפינען זיך דאָ, אויף רעכטס און אויף לינקס הענגען טיפע אָפּגרונטן און ווייל מען זעט זיי נישט, שרעקן זיי נאָך איצט מער, ווי בּאַטאָג. די, וואָס זיצן דאָ אין די קאַרעטעס, זענען מונטערע, יונגע מענטשן. זיי האָבּן אונטער־גענומען אַ נאַכט־רייזע אויף אַי־פּעטרי, אויף דעם הויכן בּאַרג. זיי פאָרן פון סימעאיז, פון אַ רייכן פּענסיאָנאַט, וווּ אַ מחנה בּאַדינער האָבּן געזאָרגט פאַר זיי. אין פּענסיאָנאַט שלאָפט מען שוין איצט, נאַר די אַכט פּערזאָן פון די צוויי קאַרעטעס האָבּן זיך אָפּגעריסן פון אַלעמען און אַוועק זענען זיי פאַרבּרענגען אַ נאַכט צווישן די ווילדע פעלזן...

אין אַ קאַרעטע ווי צלט מען זיך. מען דערציילט אַנעקדאָטן מען זינגט, מען לאַכט. נאַר פּלוצלינג פּאַסירט עס, פון צייט־צו־צייט טרעפט עס: און בּיידע קאַרעטעס רייסן זיך איבּער די גע־שפּרעכן, דאָס לאַכן שטאַרבּט אָפּ, די לידער ווערן שטום און אַכט מענטשן פאַרטראַכטן זיך...

ווענן וואָס ? ווענן וועמען ?

מען הערט בּלויז, ווי די פערד האַקן דעם שטיינערנעם וועג מיט זייערע פיס. מען הערט בּלויז דאָס שווייגן פון דער נאַכט, וועלכעס לעבּט אין די בּערג מיט דעם גאַנצן רחבות פון נאַכט־לעבּן. ווייט ווייט אין די בּערג צעיאָמערט זיך אַ פויגל מיט אַ „הו־הו". אַ מאָדנער געשריי. די מענטשן ווייסן גאָרנישט פון אַזאַ קלאַנג. אין די פיינסטע סימפאָניע, אין די טיפסטע מעלאָ־דיעס פון אונזער מוזיק, אין אונזער שרעק און פרייד, אין אונזער צער און זיג, אַפילו אין אונזער טויט איז אַזאַ קלאַנג נישט פאַראַן... שטום ווערן די מענטשן, וועלכע פאָרן זיך ווייַלן. אַ שטיק נאַכט האָט זיך צוגערירט צו זייערע נשמות, עפּעס אַ נישט־זעעוו־דיקע האַנט האָט אַרויסגענומען פון זייערע הערצער די אַלע ערי־נערונגען זייערע. אָפּגעטעמפּט האָט ווער זייערע לידער, איבּער־געהאַקט, איבּערגעריסן עטלעכע רגעס, די בּשר ודמס מיט דער אייבּיקייט פון די שטיינערנע בּערג פאַראייניקט... דורך די ביימער שווימט אַרויס דאָס בּלאַסע פּנים פון דער לבנה און בּאַדעקט אַ שטיק נאַכט־וועלט מיט ווייסן לייוונט. איין אויגנבּליק. דער

קאַלטער טויט דערמאַנט זיך און באַלד פאַרקירעוועט זיך די ערשטע קאַרעטע אין הויכן קומען וועג, די צווייטע קאַרעטע שלעפּט זיך נאָך...

— וואָס שווייגט איר דאָרט?

— און פאַרוואָס שווייגט איר?

— מיר ווייסן אַליין נישט. עס שווייגט זיך...

— דאָס איז די נאַכט, דער טויט...

— לאָמיר זינגען!

די לבנה האָט זיך ווידער באַהאַלטן הינטער די פעלזן און הינטער די ביימער, וועלכע שטייען אויף די פעלזן. צוויי קאַרעטעס ציען זיך לאַנגזאַם באַרג־אַרויף און אַכט מענטשן פון די צוויי קאַרעטעס זינגען לידער, ערדישע לידער, געמישט פון קרעכץ און אומעטיקייט. אַ ווילן, אַ פאַרלאַנג דרייסט צו זיין פילט זיך אין די לידער. און די נאַכט, גרויס ווי די גאַנצע וועלט, ליגט אויף אַלץ און אויף אַלעמען...

איך ווייס נישט פאַרוואָס, אין אַזאַ רגע פאַלט מיר איין צו פרעגן בא זיך אַליין: ווען האָב איך צום ערשטן מאָל די נאַכט דערזעען? און די נאַכט, ווען האָט זי מיך צום ערשטן מאָל דערזעען? דאַכט זיך, אַז דעמאָלט האָב איך עפּעס געמוזט אונטערשרייבן אַן אָפּמאַך מיט דער נאַכט: איך מוז זיך טיילן מיט איר.

מיט שווייגעניש זיך טיילן.

אַן איינציק הויז שטייט אויף דעם פּאָדערשטן פלאַך פון באַרג. איצט איז עס אינגאַנצן באַלויכטן מיט לבנה־ליכט. פינצטערע פענצטער, צוגעמאַכטע טירן...

דער טאָטערישער באַלעגאָלע קריכט אַראָפּ פון זיין פלאַץ, ער קלאַפּט, ער פּויקט אין איינעם פון די פענצטער:

— קאַאיר! מעראַבע! זיי באַגריסט! שטיי־אויף! איך האָב דיר געבראַכט געסט, טון סימעאיז. גוטע געסט, טייערע געסט...

עס צינדן זיך אָן ליכט. די פענצטער ווערן באַלויכטן און

צו די קאַרעטעס קומט אַרויס אַ הויכער טאַטער, אַ דאַרער מיט אַ קליין ווייס היטעלע אויפן שפּיץ קאָפּ...

— מעראַבע! אַ שאָד, מיינע טייערע, וואָס איר זענט אַזוי אומגעריכט געקומען. איך האָב גאָרנישט אָנגעגרייט...

— אָבער מיר זענען הונגעריק, מיר שטאַרבן עסן...

— ברויט אפשר, שוואַרץ ברויט האָב איך. שוין אַ סך טעג נישט געווען אין טאָל. גאָרנישט איינגעקויפט...

איינער פון די, וואָס זיצן אין די קאַרעטעס, רופט אים צו נענטער דעם קאַאירן...

— דערקענסט מיך נישט, קאַאיר?

— ניין, באַרין!... ס'איז איצט נאַכט און באַטאָג זעט מען דאָך אויך אַזוי זעלטן אַ מענטש...

— דערקענסט מיך נישט?

— ניין, באַרין!

— און דאָס דערקענסטו?

ער באַווייזט אים אַ גרויסע רוסישע אַסיגנאַציע און דער קאַאיר שטרעקט אויס די האַנט און צעקנייטשט דאָס פּאַפּירל...

— איך וועל אַ זוך טון. אפשר וועט זיך עפּעס געפינען בא מיר. שוין אַזוי לאַנג נישט געווען אין טאָל, גאָרנישט איינגעקויפט...

מען קריכט אַרויס פון די קאַרעטעס. מענטשן האָבן זיך אויפגעהויבן פון טאָל. דאַכט זיך, אַז דער הימל מיט די שטערן זענען נענטער געוואָרן. אַ דורכזיכטיקע שטילקייט, אַ גרויסע פרייע נאַכט־וועלט שטייט און פוסטעוועט. און ווער ווייסט? אפשר האָט דידאָזיקע ליידיקייט אַ גרויסע נשמה, וואָס דער מענטש וועט זי קיינמאָל נישט באַגרייפן.

אַ גרופּע מענטשן זענען דאָ אַרויף אויפן באַרג, יונגע מענער און יונגע פרויען. אַן איינדרוק מאַכט עס, אַז זיי זענען דאָ געקומען וועמען זוכן, געקומען עפּעס געפינען, אַזוינס, וואָס אין טאָל איז דאָס נישט פאַראַן, און איצט זענען זיי אַלע האַלב־שווייגעדיק; די ווערטער זענען אָן לעבן, די וויצן זענען קיין וויצן נישט...

און קאַיר, דער מאָגערער טאַטער, ער קריכט איצט אַרום אין זיין הויז, ער גרייט-צו שפייז פאַר די געסט. דערדאָזיקער מאַן לעבט דאָ אויפן באַרג אַזוי יאָרן. ער וואַרט וואַכן, ביז ער דערהאַרט זיך אויף אַזאַ חברה. דעמאָלט נעמט ער פּרייזן, אַזעלכע ווי אים גלוסט זיך נאָר. ער האָט שוין זיין פאַרענטפערונג:

— אונטן קאָסט אַלץ ביליקער, פאַ ווער הייסט אייך קריכן אויפן באַרג?

אָט קומט ער אַרויס צו די געסט, וועלכע האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די שטיינער דאָ אַרום:

— פליישׁ ווילט איר אויך?

— יאָ, קאַאיר! פלייש, אוודאי פלייש, שאַשליק...

— וועט מען מוזן שעכטן אַ שעפּס...

אינמיטן נאַכט, אין דער געלייטערטער באַרג-שטילקייט פאַלט עס אַזאַ תּלין-וואָרט:

— שעכטן אַ שעפּס...

די נאַכט אַליין באַדאַרף עס אוודאי נישט...

קאַאיר מיט זיינס אַ געהילף און די צוויי באַלעגאַלעס לאָזן זיך אַוועק אין דער פינצטער. דאָרט, הינטער די שטיינער, שטייט איצט איינגעטוליעט אַ סטאַדע שעפּסן. איין שעפּס וואַרעמט זיך לעבן אַ צווייטן, שוויגעדיקע, אַזוי ווי די שטיינער, אַזוי ווי די שטערן, וואָס איבער זיי. קריכט אַריין צווישן זיי דער מענטש און שלעפּט אַרויס איינס...

אַ שעפּסעלע...

אַ קרבן פאַר די מענטשן, וועלכע זענען אַהער פון אונטן געקומען, ווייל זייער וועלט דאָרט אונטן איז לאַנגווייליק און איינטאָניק...

אויפגעוועקט עס פון שלאָף, אַן אומשולדיקס, אַ שווייגעדיקס . . .

ווייל קאַאיר האָט געסט און די געסט ווילן שאַשליק...

עס וויל נישט גיין, יאָגט מען עס אונטער...

און אין אַ קורצער צייט וואַלגערט זיך באַם פאַרקאָן אַ

פייכט פעלעכל און די לבנה שפיגלט זיך אין אַ שטראָמעלע שעפסן-בלוט...

עס ברענט אַ פייער, אַ שייטער ברענט און קאַאיר מיט זיין באַדינער שטייען מיט לאַנגע דראָטן און זיי בראָטן דעם שאַשליק.

דאָס פייער, דער ריח פון געבראָטענעם דערמונטערט די מענטשן. קאַאיר לויפט דאָ און לויפט דאָרט. ער אַרבעט. ער גרייט צו. פריער האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט גאָרנישט. איצט שטייט דאָ אַ טיש אונטערן פרייען הימל און אויפן טיש אַלערליי פישן: קעפּאַל און סקומבריס. פאַרשידענע קאָנסערוון, פלעשלעך מיט קאָניאַק... אָט ווערט ער פאַרשוווּנדן, קאַאיר, אויף אַ סך מינוטן ווערט ער פאַרשוווּנדן. דערנאָך קומט ער מיט אַ סך פלע-שער. ער האַלט עס ערגעץ דעם ווײַן אין זיינס אַ באַהעלטעניש...

ער צעשטעלט די פלעשער אויפן טיש, דערביי דערציילט ער דעם יחוס פון יעדער פלאַש:

— די פלאַש האָט פופציק, אַ ירושה פון מיין זיידן.

— די פלאַש האָט דרייסיק יאָר, אַ ירושה פון מיין טאַטן...

— טרינקט נישט קיין סך דעם מושקאַט, מען בלייבט אָן אַ קאָפּ.

ער האָט דערפילט, אַז דאָס זענען גוטע געסט, אַז מען וועט אים באַצאָלן וויפיל ער וועט אַרויסזינגען, און ער טאַנצט פאַר זיי מיט דער גרעסטער הכנעה.

עס איז אַוועק אַ סעודה. ווען נישט דער ווײַן, וואָלטן מענטשן בלויז געגעסן, זיי וואָלטן אָנגעפּאַקט דעם מאָגן און דערנאָך, שוין אַלע זאַטע, געגעגנעצט. נאָר דער ווײַן, דער אַלטער מושקאַט האָט די מיילער אויפגעריסן און די נשמות אויפגעעפנט.

פרויען מיט מענער, יונגע... זיי האָבן זיך איצט דערקענט בײַ דעם פערטן, בײַ דעם פינפטן גלאָז ווײַן...

— איך האָב דיך ליב, סאַשאַ!

— לאָמיר זיך אַלע אַרומנעמען און אַראָפּשפּרינגען פון אַי-פּעטרי.

— ס'װאָלט געװען אַ שײנער טויט...

— טאַקע, חברה, לאָמיר...

דער קאַאיר, דער טאַטער שמייכלט: װי נאַר זײ טרינקען אויס זײן מושקאַט, הײבן זײ אָן רעדן װעגן שפּרינגען פֿון אײ־פּעטרי. אָבער די שיכּורע זענען אַזױװי די ניכטערע: פֿון באַרג שפּרינגען זײ נישט.

ער דערלאַנגט פֿרישע פֿלעשער און אַכט מענטשן רעדן זײערע נאַרישקײטן פֿון טאָל, װעלכע דאָס װינטל פֿון באַרג װיל זײ אַפֿילו נישט אויפֿכאַפּן...

— סאַשאַ, איך האָב דיך ליב...

— כ'האָב דיך ליב...

— ליב, ליב...

— ליב . . .

אַ גרויסער לאָמפּ ברענט אויף אַ טיש, װאָס איז באַשטעלט מיט ליידיקע פֿלעשער און נישט אויסגעטרונקענע גלעזער, עס װאַלגערן זיך איבערגעקערטע טעלער...

קאַאיר שרייבט מיט קרייד אויפֿן טיש און חשבונט, חשבונט . . .

די צװײ באַלעגאָלעס ליגן אין זײערע קאַרעטעס און כראָפּען, פֿון מושקאַט פֿון שטאַרקן האָט מען זײ אויך געגעבן צו פֿאַרזוכן...

די גרויסע װעלט, אָנגעטאָן אין איר נאַכט־מאַנטל, שפּרייזט אַליין אויף די בערג און די לבנה לאָזט פֿון איר דאָס אויג נישט אַראָפּ . . .

װוּ זענען די פֿיר פּאָרלעך, די אַכט פֿאַרשוין, װעלכע האָבן זיך פֿון טאָל הײנט אויפֿגעהויבן?

זײ האָבן זיך װי קלײנע מילבן באַהאַלטן.

זײ זענען אויפֿן שפּיץ פֿון באַרג אַרויף. װאָס האָבן זײ דאָ געזוכט און װאָס האָבן זײ דאָ געפֿונען? זיך אַליין האָבן זײ דאָ געפֿונען, זײ האָבן זיך אַרומגענומען און אין די פֿעלזן באַהאַלטן...

— כ'האָב דיך ליב, סאַשאַ!

— ליב, ליב...

ווען מען גייט עס אָן, וואָס צווײ פינטעלעך לעבן האָבן זיך ליב. די נאַכט איז גרויס, די נאַכט קאָן שווייגן...

קאַזיר מיט זײן קרייד אין דער האַנט איז אײַנגעשלאָפֿן. אָנגעשפּאַרט זיך אויפֿן טיש און אײַנגעשלאָפֿן...

די לבֿנה איז איבערן גאַנצן באַרג. דאַכט זיך, אַז אַ זיפֿץ שוועבט דאָ...

אַ שעפּסעלע האָט מען דאָ נישט לאַנג געשאָכטן — די לבֿנה שטראַלט זיך אין אַ שטראָמעלע בלוט, וואָס די האַרטע באַרג-ערד האָט נאָכנישט באַוויזן אײַנצוזאַפּן...

# איין וואָרט

פאַראַן שטיקלעך פּאַפּיר, וואָס וואַלגערן זיך בײַ דיר אין די שופלאָדן, פּאַפּירלעך, פון וועלכע דו קאָנסט נישט פּטור ווערן און דו ווילסט פון זיי נישט פּטור ווערן...

יעדעס יאָר, יעדעס האַלבע יאָר מאַך איך אַליין בײַ זיך אַ רע־וויזיע. פּאַפּיר פאַרנעמט פּלאַץ און מען טאָר זיך נישט לאָזן פאַרפלייצן פון אַזאַ איבעריקן באַלאַסט. צערייס איך בריוו, נאַרי־שע און קלוגע, געשעפטלעכע און פּריוואַטשאַפט־בריוו. איך צערייס כמעט אַלץ, וואָס עס זאַמלט זיך אָן פאַר דער צייט, נאָר מיט אַמאָל שטעלט זיך אָפּ די האַנט; עס רייסט זיך נישט.

עפּעס אַ פּאַפּירל, וואָס רעדט צו דיר און בעט זיך: צע־רייס מיך נישט, לאָז מיך בלײַבן בײַ דיר. איך בין ווערטלאָז פאַר דער גאַנצער וועלט, נאָר נישט פאַר דיר, ווײַל דו ביסט פאַרבונדן מיט מיר.

שטעל איך אָפּ די עגזעקוציע איבער די נוצלאָזע פּאַפּירן און איך לייען־איבער דעם אינהאַלט פון אַזאַ בריוול...

און איך פאַרטראַכט זיך...

עס שוועבן אַרויס בילדער, געשטאַלטן פון נעכטן. עס לעבט זיך עפּעס איבער. איך רייס זיך אָפּ פונם הײַנט, דער הײַנט איז דאָך שטענדיק שווער. איך געפין זיך אין דער פאַר־גאַנגענהייט...

ווער עס קאָן פילן, דער וועט מיך פאַרשטיין, וואָס אַ שטיקל אַלט פּאַפּיר קאָן אַמאָל געבן. דאָ רעדט זיך וועגן אַ דע־פּעשע. אַ רוסישן בלאַנק, אויף וועלכן ס'איז אָנגעשריבן מיט רו־סישע ווערטער מײַן אַדרעס און איין וואָרט דערצו

„כ׳בענק״. טאָסקויו...

די דעפּעשע איז צו מיר געשיקט געוואָרן פון מיינער אַ באַקאַנטער. ס׳איז צו מיר געשיקט געוואָרן אין קרימער דאָרף. דעמאָלט האָט דאָס איינע וואָרט מיך צעטרייסלט און אָנגעצונדן אין מיר אַ בענקשאַפט, וועלכע האָט מיך שיער נישט משוגע געמאַכט.

דאָס וואָרט האָט מיר טייער געמאַכט אַ מענטש, צו וועלכן איך בין פריער גלייכגילטיק געווען, אומרויק געמאַכט און ליבע אָנגעצונדן...

היינט בין איך מאָדנע רויק, ווען איך האַלט די טייערע דעפּעשע אין האַנט. דאָס וואָרט מעקט זיך אָפּ און אויף דעם אָרט וואַקסט אויס פאַר די אויגן קרים מיט אַ סך זון, ים, בארג און איך אַליין מיט פופצן יאָר יינגער...

יאַלטע. נאָך האַלבן זומער. איך בין מיד געוואָרן פון דער הייסער, כמעט טראָפּישער זון און איך בין מיד פון מענטשן, פון פאַרוויילונגען, איך בין אָריינגעשלעפּט געוואָרן אָן מיין ווילן אין פריילעכן קאַראַהאָד, געמוזט טאַנצן און מיטטאַנצן, געמוזט שטענ־דיק זיין אין דער שטימונג פון די אַלע, וועלכע האָבן דעם קאַ־ראַהאָד געבילדעט. איך — מיט אַ ביסעלע פאַרטראַכטקייט, מיט אַ שטענדיקן ווילן זיך אַ ביסעלע אויסצושווייגן און דאָ כסדר, כסדר — טאַנץ, טרינק! הער אויס יענעמס וויצן און וויצל זיך אַליין. שפּאַס, לאַך, איבעררייש מיט עפּעס דעם צווייטן, זיי נישט לאַנגווייליק, זיי נישט באַלאַדן מיט עפּעס אַנדערש אין די טעג, ווען דו שפּרייזט צווישן די רויזן, ווען עס ברענט די זון און בלענדט מיט ליכטיקייט.

אָבער איינמאָל און נאָכאַמאָל: אין מיטן פאַרברענעניש דרייסן זיך אָפּ די אויגן און צוזאַמען מיט די אויגן אַ שטיק נשמה: דאָרט ווייט, איבער ים, ווייט פאַרגייט די זון אין פייער און עס דאַכט זיך מיר, אַז זי פאַרגייט אין צאָרן און עס דאַכט זיך מיר, אַז זי זעט בלויז מיך און איך איינער זע איר פלאַם; עס דאַכט זיך, אַז די מענטשן האָבן מיך באַגנבעט, זיי האָבן מיין שווייגן צוגענומען. איך האָב זיך שוין צופיל געוויצלט און אַ סך

גאַרישקייט אויסגעפּלאַפּלט. איך האָב שוין צופיל געגלייבט און דאָס האָט מיך אינספּירירט צו אָפנהאַרציקייט.

און אַ סך פון דעם, וואָס איך האָב פאַר די פרעמדע גע־רעדט, וואָלט איך איצט וועלן צוריקכאַפּן... איך וואָלט וועלן זיין אַ ביסל מיט זיך, זיין אַליין.

נישט אַלע מאָל געלינגט עס, טראַכטן און טון. דע־מאָלט — יאָ.

געזיגט איבער זיך אַליין, אָפּגעגרענעצט זיך פון טומל און פון די אַלע, וואָס ברענגען דעם טומל.

איך בין אַוועק פון יאַלטע, נישט ווייט פון יאַלטע, סך־הכּל צען ווירסט. אָבער געדאַכט האָט זיך מיר דעמאָלט, אַז איך בין אַריינגעפאַלן אין אַן אַנדערער וועלט. איך בין אַוועק אין דאָרף קאָרעאיז. אַ טאָטעריש דאָרף. דאָס דאָרף זאָט דעמאָלט געאַרבעט אין די וויין־גערטנער און אויף די טאַבאַק פּלאַנטאַציעס. באַטאָג האָט אַזאַ קאָרעאיז אויסגעזעען, ווי אַן אַכהדיק בית־עולם. אַלט און יונג — אַלע אין פעלד. די פיצלעך קינדער מיטגענומען — אַלץ אין פעלד.

בלויז די קעץ האָבן זיך מיט הנאה געוואַרעמט אויף די שוועלן פון די שטיינערנע וויס־געקאַלכטע הייזער... און איך איי־נער אַליין שפּריין איבער דער גאַס, דער איינציקער פון קאָרעאיז, און איך שווייג צווישן די שטומע הייזער.

וואָס מיר דאַרט יאַלטע! איך וויל זיך אַליין זען אַ ביסל, רעדן מיט זיך, טראַכטן פון זיך, מיט אַ סך פרעמדע האָב איך זיך דאָך פריער מער אינטערעסירט, ווי מיט זיך אַליין. עס שאַדט נישט צו זיין אַ ביסעלע עגאָיסטיש, ס'איז אַ סך בעסער ווי זיך צו פאַרגעסן אינגאַנצן...

מיט זיך אַליין.

אין טעג און וואָכן קלויבן זיך אָן אַ סך ענינים אין דער אייגענער נשמה־קאַנצעלאַריע. מען דאַרף און מען מוז עס ברענ־גען אין אָרדנונג און טאַקע זיך אַליין אַ ביסל משפּטן און ווו מען מוז, זיך אַליין פאַרמשפּטן און ווו מען קאָן, זיך אַליין באַפרייען.

שטענדיק, ווען איך בין צו לאנג מיט מענטשן, ווער איך צופיל באלאדן מיט איבערלעבונגען, איך נעם עס צו שטארק די באגעגעניש מיט מענטשן...

אויך דעמאלט בין איך אוועק זיך אפרוען.

קאַרעאיז ליגט צווישן בערג. בלויז פון איין זייט איז דער באָדן פון דאָרף פלאכער, פון יענעם פלאץ פירט דער וועג באַרג־אראָפּ צום ים. פון דאָרף גופא זעט מען א גאנצן טאָג דעם שוים־שפּיגל פון דער וואסער־וועלט. מען זעט, ווי די זון באַשטראַלט עס און וואָס דו ווילסט קאָנסטו טראכטן דעמאָלט...

איך פלעג טראַכטן, אַז דאָס איז זילבער, וואָס די זון האָט צעשמאָלצן און איצט טאַנצט עס פון יעדן ווינט און ווינטל, וואָס באַרירט עס. פון דאָרף פלעג איך מאַכן אויספלוגן אין די בערג. דאָס איז גאָר א באַזונדערע הנאה — שפּרייזן איינער אליין. גאַנצע טעג אַליין. כאַפּסט עפּעס אַרויס א געדאַנק פון געדעכעניש און דו גייסט און טראָגסט עס אין די בערג. א געדאַנק, א געפיל, א פלאַן, ווי די וועלט איבערצובויען און דו טראָגסט עס אין די בערג.

פאַרמשפּטסט די וועלט פאַר איר בייזקייט און דו טראָגסט דעם משפט אין די בערג, ביסט אַלעמען מוחל און דו טראָגסט דיין אונטערטעניקייט אין די בערג. שטיל און מעכטיק. שטום שטייען די רוקנס פון די פעלזן. אַזעלכע גרויסע, אַזעלכע ווירדיקע און אונטן הוליעט ביז זינלאָזיקייט דאָס קליינטשיקע יאַלטעשקע. איך האָב אַליין אויסגעפונען א סך דורכגענג אין די בערג און איך האָב אַלץ געזוכט נייע. איך פלעג אויך יעדן טאָג גיין צום ים. מען האָט זיך געמוזט אַראָפּלאָזן פיר קילאָמעטער, מיט געקרומטע שטעגן, ביז מען איז צוגעקומען צום ברעג...

און איך פלעג נישט דורכלאָזן. ס'איז עפּעס געווען בא מיר אַזוי ווי א חוב: גיין צום ים. און ווען איך פלעג צוקומען צום וואַסער, פלעגט שטענדיק דער אָטעם פאַרכאַפּן, פונקט ווי דאָס האַרץ רייסט זיך אַרויס און אַנטלויפט אין דער ווייטקייט. בלויז דער גוף בלייבט.

עס זענען פון קאַרעאיז געווען נאָך עטלעכע וועגן צום ים

און מער היימלעכע, מער באַזוכטע, נאָר איך האָב זיך אויסגע-קליבן מיין וועג און אפשר טאַקע דערפאַר, ווייל קיינער איז אויף אים נישט געגאַנגען. איך האָב דאָרט ליב געהאַט די ריזיקע שטיינער, אַן איינזאַמען מאַנדלבוים, וואָס האָט זיך געריסן צום הימל מיט זיינע סקעלעטן-אָרעמס, די זיי האָט אַלע בלעטער אויף אים פאַרברענט...

איך האָב ליב געהאַט מיין וועג

און איינמאָל דערזע איך, עס גייט מיר וועגער אַנטקעגן אויף דעם וועג. אַ פרוי... איך האָב נאָך נישט געוווּסט ווער, וואָס. איך האָב בלויז אַ סילועט געזען, נאָר דעם סילועט בין איך שוין אַ שונא געוואָרן. ווי דערוועגט זי זיך צו קומען אויף מיין וועג, מיט וועלכע רעכט האָט זי געקוקט אויף מיין ים ?

און ווען זי איז צוגעקומען נענטער —

איינע פון מיינע יאַלטער באַקאַנטע. דאַכט זיך, אַז זי האָט דאָרט מיט מיר גערעדט וועגן ליבע און איך האָב נישט ליב די, וועלכע רעדן וועגן ליבע. וואָס טוט זי דאָ ? וועמען זוכט זי דאָ ?

— פריילין ! אויף דעם וועג בין איך געוווינט אַליין צו שפּרייזן.

— ס'איז אייער אייגנטום ?

— מיין אייגנטום איז מיין ווילן. איך האָב געוואָלט זיין אַליין.

— אין יאַלטע לאַכט מען פון אייך...

און זי האָט אַליין גענומען לאַכן און אין איר לאַכן איז געווען שפּילעוודיקייט, רייץ, פאַרבאַרוונג און פליבקייט. איך ווייס נישט פון וועלכע סיבות מיין אומחן האָט זיך צו איר געוועבט. זי איז געווען יונג, פיין, שלאַנק, זי איז געווען דרייסט — אַנדערש וואָלט זי זיך דאָ אין קאָרעאיז אויף מיין וועג נישט באַוויזן... נאָר איך האָב איר דרייסטקייט צעקלאַפּט מיט עטלעכע האַרבע ווערטער. אַ, איך בין געווען אומגערעכט, מען טאָר זיך מיט פרויען אַזוי נישט פאַרהאַלטן. נאָר עס ווייזט אויס, אַז איך בין צופעליק געווען אין די בערג, געשפּרייזט צווישן די גראַניט-

פעלזן און געוואַלט נאָכטון אַזאַ גראַניט... עס האָט זיך מיר איינ־
געגעבן אויף אַ קורצער צייט.

דאָס פרייל׳ין האָט עפּעס גערעדט וועגן מאַסקווע. זי וויל
אהין נישט פאָרן. זי האָט דאָרט פאַר וועמען פליכטן, אָבער נישט
געפילן, און אויב איך וועל אַזוי בלייבן בײַ מיין עקשנות, דעמאָלט
פאָרט זי נאָך היינט אָפּ קיין מאַסקווע, וואָס פאַר איר איז דאָס אַלץ
איינס, ווי איר אייגענע לוויה...

וואָס וויל זי פון מיר? און צוואָס איז זי זיך דאָ מתוודה
פאַר מיר? פּראַזן, פּראַזן, זאָל זי שוין אַוועקגיין!

אַוועקגעגאַנגען, און עס האָט בײַ מיר אַ נאַכט געדויערט,
ביז איך האָב מיין גלייכגעוויכט צוריקבאַקומען. מאָרגן איז אויך
אַ טאָג, נאָר אויף מאָרגן איז צוגעפּאָרן צו מיין טאַטעס
הייזל אַ מאַן אויף אַ ראָווער. דאָס איז געווען אַ שליח פון יאַל־
טער פּאָסט.

אַ דעפּעשע פאַר מיר.

אַ דעפּעשע... פון וועמען?

איין וואָרט האָב איך איבערגעלייענט:

„כ׳בענק״.

נישט מער. „כ׳בענק״. זי האָט וואָרט געהאַלטן. זי איז
קיין מאַסקווע אַוועקגעפאָרן, דאָס מיידל. און צו מיר האָט זי פון
וועג אַ דעפּעש געשיקט... איז וואָס?

די ערשטע רגע האָב איך דאָס נישט געפילט. ווייס איך
וואָס? קאַקעטעריע, שפּיל... וועמען גייט עס אָן? איך האָב זיך
געקליבן ווידער צום ים, נאָר די פיס האָבן זיך נישט גערירט.
איך האָב געוואָלט פון עפּעס טראַכטן, טראַכטן מיינע רויקע
טראַכטעניש, נאָר עס טראַכט זיך נישט... פאַר די אויגן שוועבט
אַ פּנים מיט אַ פּאָר טרייע אויגן, וועלכע איך האָב נעכטן
באַגעגנט.

און אין די אויערן קלינגט אַ וואָרט:

„כ׳בענק״.

אַ מענטש בענקט, אַ פרוי בענקט נאָך מיר.

דאָס, וואָס איך האָב נעכטן נישט דערפילט, האָב איך

איצט טאָפּלט דערפילט. זי איז איצט אויסגעוואַקסן אין מײנע אויגן שענער, ייִנגער, אויפריכטיקער און איך האָב זיך זינדיק דערפילט. די דעפּעשע, דאָס אײנציקע וואָרט, וואָס די דראָטן האָבן געבערענגט צו מיר, האָט מיך אויפגעטרייסלט, עס האָט מיך פאַרבונדן מיט דער וועלט, מיט דעם מענטש און מיט דעם מענטשס איבערלעבונגען.

און איצט ערשט, אין דער רגע האָב איך זיך פאַרליבט אין איר, פאַרליבט זיך און גענומען לײדן און דאָס לײדיקע קאַרעאיז האָט מיך גענומען שרעקן טאַקע ווי אַ בית-עולם.

איך בין אוועק צוריק קײן יאַלטע און דאָרט האָט מען מיר דערציילט, אַז לידאַ — אַזוי האָט זי געהייסן די, וועלכע האָט צו מיר די דעפּעשע געשיקט — אַז לידאַ איז דעם לעצטן טאָג געווען אומרויִק ביז פאַרצווייפלונג, פּונקט ווי זי וואָלט אַלץ פאַרלוירן.

איך בין ווידער אַרײַן אין אַ פרעמדן קאַראַהאַד. איך האָב זיך פאַרטומלט מיט מענטשן, נאָר עס איז בײַ מיר געבליבן אַן אײַנדרוק, אַז אין יענעם פאַרנאַכט, ווען איך האָב אויף מײַן וועג דאָס מיידל באַגעגנט, ווען איך האָב זי מיט שטעכווערטער אָפּגעשטויסן, האָב איך מײַן גליק אָפּגעשטויסן...

און די דעפּעשע, דאָס שטיקל פּאַפּיר וואַלגערט זיך בײַ מיר אין שופלאָד, איך האָב שוין אַ סך טײַערע בריוו צעריסן, אַ סך בילדער פאַרברענט — אָבער די דעפּעשע פון פופצן יאָר צוריק... די האַנט הייבט זיך נישט.

# די באַפרייטע פרוי

מיט רעבעקאַ צאַזמער האָב איך זיך אַ לאַנגע צייט נישט באַגעגנט און אַ מאָל, מיט יאָרן צוריק, איז בײַ אונדז געווען אַ גרויסע פריינטשאַפט. איך געדענק נאָך דעם בלויען שמייכל פון דעם אכצן-יעריקן מיידל, איך געדענק יענע צייט, ווען זי האָט געהערשט איבער אַ גאַנצער כאַליאַסטרע יונגוואַרג און, ווי אַלע צערטלעכע הערשערינס מיט אַלע ווייערע קאַפריזן, איז זי דאָך געווען גוטמוטיק צו יעדן איינעם פון אירע ריטערס. ווי פריינטלעך, ווי פאַרליבט זי פלעגט צו יעדן שמייכלען און יעדער איינער פון אונדז האָט אין זיין נאַרישקייט געגלייבט, אַז רעבעקאַ איז אין אים פאַרליבט.

מיר זענען געווען פריינט.

איך האָב זי ליב געהאַט... און זי?

איך האָב קיינמאָל נישט געוואָלט ריזיקירן מיט אָפענע קאָרטן, איך האָב פאַרשוויגן און געוואַרט אויף אַ נס, זי זאָל זיך אויסרעדן. עס קען זיין, אַז זי האָט זיך אויך באַהאַלטן און צו־ליב אונזער ביידנס נישט-דרייסטקייט זענען מיר זיך צעגאַנגען...

און נאָך אַ סיבה איז געווען, וואָס האָט מיך געצוווּנגען צו פאַרלאָזן אַ גוטן פריינט, אַ יונגע פריינדין, צו וועלכער איך בין געווען נישט גלייכגילטיק:

רעבעקאַ צאַזמער האָט פּלוצלינג גענומען רעדן וועגן זעלבשטענדיקייט, וועגן איר פערזענלעכער זעלבשטענדיקייט און וועגן דער זעלבסשטענדיגקייט פון אַלע פרויען...

איך געדענק נישט, איך ווייס נישט... וואָס איז עס מיך אָנגעגאַנגען? זאָלן די פרויען זיין באַפרייט און זעלבשטענדיק,

זאָלן זיי זיין קוילנגרעבעריגס, מאַשיניסטנס, אַדוואָקאַטן, לופט-פליער, פּראָקורענטנס, אָנגעשטעלטע אין בענק... וואָס דאַרף עס מיך פאַרדריסן ?

דעמאָלט...

איך בין געווען איר קעגנער. איך האָב אָפּאָנירט מיט מיי-נע אייגענע, און מיט פרעמדע, אויסגעליענע אַרגומענטן. איך האָב זיך געבייזערט און פאַר קיין מאָל נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז די פרוי, די שיינע, די צאַרטע, דער ליבלינג, די בלום, דער שפּראָל, דער זילבערנער קוואַל... איך האָב נישט געוואָלט, אַז די פרוי זאָל ווערן פריי :

עס מוזן זיין קאָנטראַסטן, הימל און ערד, פייער און וואַסער, טאָג און נאַכט, מאַן און ווייב — און דעמאָלט איז דאָס לעבן אינטערעסאַנט...

— אָבער איך קאָן אַרבעטן און בלייבן די זעלבע פרוי...

— ניין ! דו וועסט נעמען אַרבעטן, וועסטו מוזן ווייניקער קוקן אויף זיך, און אַז דו וועסט ווייניקער קוקן אויף זיך, וועסטו פאַרלירן אַ טייל פון דיין שיינקייט, פון דיין רייץ...

— איך וויל זיין ערנסט און נישט לייכטזיניק...

— און מענער האָבן ליב אייער לייכטזין.

— פאַרוואָס ?

— ווייל זיי זענען אַליין ערנסט, זיי מוזן זיין ערנסט, ווייל פאַרן מאַן איז דאָס לעבן אַ קאַמף...

— וועלן מיר גיין צוזאַמען קעמפן...

ווען זי פלעגט אָנהייבן רעדן וועגן „גיין צוזאַמען”, וועגן „קעמפן”, פלעג איך לאַכן אויפן קול. איך פלעג אויסלאַכן אַזעל-כע פרויען, און רעבעקאַ צאַזמער האָט געהאַט פאַר מיר אַ שטאַרקן ענטפער :

— אַזיאַט מיט אַזיאַטישע באַגריפן.

— אַזיע ? אמת, מיר געפעלט אַזיע און איך פלעג זי לאָזן שילדערן אַזיע, ווי אַ „שעכערעזאַדע” — אַזיע מיט דעם סולט פון דער פאַרשקלאַפטער, אָבער הייס-געליבטער פרוי, די באַ-יאַדערין, די „טאַמבורין-טענצערין”...

פלעגט זי ווערן ברוגז אויף מיר. און נישט זי אליין, זי האט חברטעס און חברים, אלע פלעגן זיך ווארפן אויף מיר מיט זייערע ארגומענטן, זיי האבן געזאגט, אז איך האב א שווארצע נשמה פון א דעספאט, אז איך בין עגאיסטיש ווי א קינד, וואס וואלט פאר א ליאלקע טאטע-מאמע אפגעגעבן...

פארשטייט זיך, אז איירעפע האט באזיגט דעם אזיאט...

די צערטלעכע רעבעקא איז איבערגעגאנגען פון ווערטער צו מעשים, זי האט געזוכט זעלבשטענדיקייט. צוערשט האט זי זיך גענומען לערנען רייסן ציין. דאס איז זייער א זעלבשטענדיקע פראפעסיע: יענעם טוט וויי א צאן, קומט ער צו אזא רעבעקא צאזמער, ער עפנט הילפלאז דאס מויל און די צארטע טרויריסט ארויס דעם קראנקן צאן...

— רייס ארויס אלע ציין פון דעם עגאיסטישן מאן, וואס האט די גאנצע וועלט פארכאפט און זאל ער מער נישט פלאפלען וועגן זיין מאכט איבער דער פרוי...

איך ווייס נישט פארוואס, נאר רעבעקא האט לאנג די ציין בא די מענער נישט געריסן. אפשר איז זי געווען צו צערטלעך פאר אזא ארבעט.

זי איז אוועקגעפארן קיין פאריז, געלערנט אין סארבאנע, געמאלט בילדער, שטודירט און שטודירט. אמאל פלעגט מען זיך דא און דארט באגעגענען. מיר פלעגן זיך באגריסן, ווי אלטע באקאנטע. און זעלטן רעדן עטלעכע ווערטער:

— וואס הערט זיך? זעלבשטענדיק?

פלעגט זי זיך דערמאנען דאס אלטע זידל-ווארט:

— אזיאט! דו האסט באדארפט געבוירן ווערן מיט טויזנט יאר צוריק.

— ס'איז דעמאלט נישט געווען ערגער...

— און אויך נישט בעסער...

— איך ווייס נישט... מען האט ווייניקער געוווסט און בעסער געלעבט.

— ס'זענען דעמאלט געווען א סך שקלאפן און שקלאפינס...

— און היינט איז מען פארשקלאפט בא דער פרויע.

זי האָט שוין נישט געדרייצט אַזוי, אָבער שיין איז זי נאָך געווען און עלעגאַנט ביז גאָר. אַלץ איז געווען אין אָרדנונג, נאָר ווי זי פלעגט נעמען רעדן וועגן איר לערנען, וועגן זעלבשטענ־דיקייט פון דער פרוי, פלעגט זי אין מיינע אויגן אַ סך פאַרלירן. זי איז אַזוי איינגעשפּאַרט געוואָרן, אָנגעשטאָפּט אַ קאָפּ מיט פראַזן פון אַ סופראַזשיסטקע, אַז איך בין געווען איבערצייגט, אַז היינט־מאָרגן וועל איך זי באַגעגענען אויף אַ צוזאַמענפאָר פון גלייכבאַרעכטיקטע פרויען. זי וועט שיטן פעך און שוועבל אויף די מענער און זי וועט האַלטן הויך די פאָן פון דער באַפרייטער פרוי און זי וועט נישט זיין קיין קנעכט, קיין שפּילצייג באַם מאַן אין די הענט...

אָבער די אַלע זאַכן קומען נישט צו איר אַמאָליקן שמייכל.

יאָרן...

שוין אַ סך יאָרן אַריבער. איך האָב זיך אַ ביסל געביטן און גענומען קוקן אויף זאַכן אַ ביסל אַנדערש. און אין דער אמתן, וואָס אַרט עס מיך, אַז די פרוי וועט אַ ביסל אַרבעטן? בפרט נאָך, אַז איך בין עלטער געוואָרן און אויף פלאַמיקער הימלישער ליבע קוק איך שוין מיט אַנדערע אויגן... וואָס אַרט עס מיך, ווען אָפעליאַ וועט נישט גיין אין מאָנאַסטיר, נאָר אין באַנק אַריין; וואָס אַרט עס מיך, ווען גרעטכען וועט נישט שפּילן פון לאַנגווייל אויף אַ האַרפע, נאָר זי וועט קלאַפּן אויף אַ „רעמינגטאָן"?

וויפיל איז טאַקע דער שיעור צו אַרבעטן פאַר אַ שמייכל, פאַר אַ ביסל צערטלעכקייט? די מענער זענען אויסגעמאַטערט פון מלחמות, פון דער טעכניק, פון די געוואַלטיקע גרויסע אונטער־נעמונגען, וואָס דאָס מאָדערנע לעבן פאָדערט — זאָל אונז טאַקע די פרוי אַ ביסל אָרויסהעלפן, זאָל זי צולייגן איר האַנט צום גרויסן בנין, וואָס רופט זיך: „לעבן".

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך געזען אין אַ טראַמווייַ־וואַגאָן אַזאַ קליינע סצענע: אויף אַ באַנק איז געזעסן אַ מיטל־יעריקער מאַן, אַ מידער מענטש, געלבלעך די הויט פון פּנים און איינגעזונקענע אויגן, אַן אויסגעמאַטערטער מענטש, און לעבן אים

איז געשטאַנען אַ יונג מיידל, פריש, געזונט, מונטער, נאָר זי־ איז געווען דענערווירט, זי האָט געשמייכלט און זיך געבייזערט אינאיינעם:

— נאַדיר היינטיקע מענער, אויך מיר דזשענטעלמענס. אַ דאַמע לאָזן זיי שטיין און אליין זיצט מען, ווי באַם טאַטן אין וויינגאָרטן.

דער מידער מענטש, דער מאַן, האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און באַ דער פריילין געפרעגט:

— אויף דער מלחמה זענט איר געווען? אין די אָקאָפעס זענט איר געלעגן?

אין זיינע ווערטער האָט זיך געפילט אַ שטאַרקער פּראָטעסט קעגן אַ גרויסער נישט־גלייכהייט.

יאָ...

איך וויל דאָך דערציילן וועגן רעבעקאַ צאַזמער:

זי איז איצט אין וואַרשע און מיר באַגעגענען זיך גאַנץ אָפט באַ אונזערע באַקאַנטע. זי אַרבעט אין אַ באַנק, זי איז דאָרט כמעט דירעקטאָר, זי פירט אָן מיט אַלץ און אַלעמען. זי... זי איז באמת אַ זעלבשטענדיקע פרוי. זי האָט שוין געהאַט אַ מאַן, זיך געגט, עס איז פאַרבליבן אַ קינד, דערציט זי עס פיין און באַבעל. זי איז נישט אָרים, זי איז נאָך גענוג שיין, זי האָט מיט וועמען צו רעדן, שטענדיק אַרום איר איז אַ באַוועגונג, מען אַכטעט זי און זי געפעלט נאָך אַלס פרוי...

זי איז אַ זעלבשטענדיקער מענטש. אַ זעלבשטענדיקע פרוי. אַן אידעאַל פאַר אַ סך יונגע, וועלכע האָבן נאָך איר פריי־ הייט נישט דערגרייכט.

אָבער דאָ נישט לאַנג האָט זי מיך שטאַרק איבערראַשט. זי האָט אויסגעלאַכט מיט פאַרביטערונג איר זעלבשטענדיקייט. איך האָב אָנגעשטעלט די אויגן און נישט געגלייבט אירע ווערטער:

— דו געדענקסט, אַזיאַט, אונזערע אַמאָליקע דיסקוסיעס וועגן דער פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פון דער פרוי?

— איך געדענק. אַנטקעגן וואָס?

— הער זיך איין: מיין שטרעבונג צו זעלבשטענדיקייט

איז אויך געווען נישט מער, ווי א קאפריז פון א פרוי. שטעל זיך פאר, אז איך האב דערפילט אויף זיך א מאסקע. איך האב געוואלט און דערגרייכט א זאך, וואס געהערט גארנישט צו מיר...

— וואס מיינסטו מיט דעם, אלטער פריינט!

— כ'מיין מיין פרייהייט און מיין זעלבשטענדיקייט.

— ביסט נישט צופרידן מיט דיין לאגע? האסט דאך אזוי פיל דערגרייכט!

נאר דא האט זיך בא איר ארויסגעריסן איין פראזע, וואס האט אלץ אויפגעדעקט:

— איך וויל נישט ארבעטן...

קיין מאן וואלט קיינמאל נישט ארויסגעזאגט די פראזע, אזוי ווי זי האט עס ארויסגערעדט. דאס איז געווען א פראטעסט פון א פרוי, וועמען דאס לעבן האט איינגעשפאנט. אדער זי אליין האט זיך איינגעשפאנט נישט אין איר וואגן. זי האט עס ארויסגערעדט שפילעווודיק, מיט א קאקעטעריע פון א באליידיקטער צערטלעכקייט. זי איז שוין נישט קיין קינד, נישט קיין פארחלומט מיידל, שוין א פרוי פון איבער דרייסיק, האט א קינד און אין דער רגע האט זי אליין אויסגעזעען ווי א קינד מיט א שווערן פאק אויף די איידעלע פלייצעס.

— איך וויל נישט ארבעטן...

און זי האט אנגעהויבן דערציילן פון איר ארבעט, פון פארשידענע באנק-אפעראציעס, פון מאמענטן, ווען זי, די זעלבשטענדיקע פרוי, דארף דעצידירן וועגן גרויסע קאמפליצירטע ענינים און ווי עס ציטערן בא איר די הענט, ווען זי דארף אונטערשרייבן וויכטיקע פאפירן.

זי וויל זיך דעמאלט באראטן מיט א מאן, אלץ איינס מיט וועלכן מאן, אבער נישט קיין פרוי. זאל זיין דער לעצטער אנגעשטעלטער, דעמאלט דאכט זיך איר, אז דער נישטיקסטער מאן ווייסט און פארשטייט מער פאר איר.

זי איז געווען אויפריכטיק. הלוואי וואלטן א סך פרויען געווען אזוי אויפריכטיק, דעמאלט וואלט געקומען צו ווייניקער שקרים אין אונזער לעבן.

דערנאָך האָט זי גערעדט וועגן זיך:

— איך האָב געהאַט אַ מאַן און מיר זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען צוליב מיין זעלבשטענדיקייט. עס האָט אים דערעסן, ווייל איך האָב עס געהאַלטן פאַר מיין הייליקער פליכט שטענדיק און אומעטום אים צו דערמאָנען, אַז איך בין זעלבשטענדיק און ער איז אַנטלאָפן. טלעגט ער מיך צערטלען, פלעג איך בייז ווערן:

— וואָס טראַכסטו זיך. איך בין עפּעס אַ נאַריש מיידל. איך בין אַ באַפרייטע פרוי, אַ גלייכבאַרעכטיקטע. פלעגט ער בייז ווערן. דעמאָלט פלעג איך ענטפערן מיט נאָך אַ ביזערער בייזקייט...

אָבער דאָס זענען אַלץ געווען איינגערעדטע זאַכן. טיף אין האַרץ האָט גערעדט אין מיר מיין באָבע, מיין עלטער-עלטער-באָבע...

— און איך געדענק, וואָס מיין באָבע פלעגט דערציילן. ווען זי פלעגט שלאָפן, פלעגט דער מאַן אירער, דער זיידע, שפּרייזן אויף די שפּיץ-פינגער. עמעצער האָט געזאָרגט פאַר איר. איך וויל אויך, אַז עמעצער זאָל זאָרגן פאַר מיר. ס'איז אַ ליגנט, ווען פרויען שרייען וועגן זעלבשטענדיקייט. דאָס איז נישט מער ווי קאָקעטעריע...

איך בין איבערראַשט געווען. איך האָב זי נייגיריק אָנגעקוקט און אין דער רגע האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז זי שמייכלט ווידער ווי אַמאָל מיט דער בלויקייט פון די אויגן...

ניין! בלויז אויסגעדאַכט. די בעסטע יאָרן האָט זי אָפּגעגעבן פאַר דער זעלבשטענדיקייט...

# דער שליסל

דאָס איז וויכטיק, וואָס זי איז געווען אַ טאָכטער פון אַ באַליעוועקער סוחר. איר טאַטע האָט געהאַט אַ גרויס געשעפט פון קרויזן און שפּיצן. איר פאָטער איז געווען אַ טיפּישער סוחר, אַ ייד מיט אַ ביסל פלייש אויף זיך, שוין באַלד אינגאַנצן רונד, ווי אַ פאַס. אַ סוחר מיט וועקסלען, מיט אַלע סוחרישע גענגלעך, מיט וויצן און ווערטלעך פון זיין קרייז און פאַר זיין קרייז. אַליין געווען אַמאָל אַ משרת, זיך שטאַרק אַרויפגעאַרבעט. אַ גרויס געשעפט, מיט אַ סך קרעדיט, מיט אַן אייגן הויז, מיט אַ „שטאָדט" אין סלאָמאַצקער שול. די מאַמע איז אויך געוואַקסן אַלץ מער אין דער ברייט, שטאַרק געוואַקסן אין דער ברייט, פון רויקן לעבן, פון נחת, פון זאַטקייט...

דאָס איז נישט וויכטיק. פאַר אַפּאָלינקען, וועגן וועלכער איך וויל דאָ דערציילן, איז דאָס נישט וויכטיק.

מיט צוואָנציק יאָר צוריק האָב איך זי באַגעגנט אין קאַזשמערוזש. זומער, הייסער, צאַפּלדיקער זומער, בא דער ווייסל. אַ סך יונגוואַרג איז דאָרט דעמאָלט געווען, און איך בין אויך יונג געווען. אַ סך יונגוואַרג, אַלע כמעט פון זאַטע און רייכע עלטערן...

מיידלעך האָבן נאָך דאַן געטראָגן לאַנגע האָר און לאַנגע קליידלעך, און צוזאַמען מיט די בחורים האָבן זיי פריילעך געשטיפט. און דאָס שטיפעריי איז נישט געווען קיין געמאַכטס...

איך ווייס נישט, צי ווייל עס זענען אַריבער אַזעלכע שווערע צוואָנציק יאָר, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז היינט הוליעט מען מער ווי אַמאָל, אָבער אמתע פרייד איז דעמאָלט געווען מער,

אמתע פרייד, גענוס, נחת פון טאָג און נאַכט, האָט מען דעמאָלט מער געהאַט.

פרום...

מען איז מיט צוואַנציק יאָר צוריק שוין נישט געווען אַזוי פרום, נאָר די זינד האָט נאָך אַ ביסל געשראָקן און געבייגערט. מען האָט אפשר וויניקער געחוטאט, ווי היינט.

היינט ווייסט מען אַלץ...

היינט ווייסט מען, אַז מען דאַרף גאָרנישט וויסן, אַלץ איז פריי, אָפן, ברוטאַל און פראָסט גייט מען צו צום לעבן, און ווו איז די נייגעריקייט ?...

מענטשן האָבן היינט מער חוצפה, מער פרעכקייט, אָבער ווו איז די נייגיריקייט ?... נישטאָ אַפּאַליקע נאַיוויטעט, נישטאָ אַמאָליקע קאַפּריזן...

אָט טאַקע וועגן די קאַפּריזן פון אַפּאַלינקען וויל איך דאָ עפּעס דערציילן. זי איז נישט געווען ענלעך צו איר טאַטן און נישט צו איר מאַמען. מען האָט געקוקט אויף איר און עס האָט זיך נישט געוואָלט גלייבן, אַז דאָס מיידל מיט אַזעלכע בלאָנדע האָר, מיט אַזעלכע בלויע אויגן...

יאָ, בלויע אויגן, וואָס יעצטמס בליק איז דערטרונקען אין אַזאַ בלויקייט. און אַזעלכע אויגן זענען שוין פאַרשוואונדן געוואָרן — די נאַטור רעגדעסירט אויך. נישטאָ מער אַזאַ בלויקייט...

זי איז נישט געווען ענלעך צו אירע עלטערן, און נישט ענלעך צו איר סביבה. זי איז געווען אויסער ראַסע און אויסער נאַציאָן... אַ שטיפעדקע, אַ בייזע שטיפערקע...

קוקנדיק אויף איר, האָט זיך אַ סך מאָל געטראַכט: אָט האָט זיך אַ בלום פון שטאַם אָפּגעריסן און עס שפּרינגט די בלום, באַשמעקט די לופט און שטעכט יעדן איינעם, וואָס וויל זיך צו איר צורירן...

אַ פרייליכע, אַ צאַפּלדיקע געווען.

אַ מחנה יונגעלייט, אַזעלכע, וואָס האָבן נאָר וואָס די גימנאַזיע געענדיקט, אַזעלכע, וועלכע זענען נישט לאַנג אין אוניווערזיטעט אַריינגעטרעטן. נאַיווע, דרייסטע און שטמעוודיקע.

אַ מחנה יונגעלייט... און אַלע האָבן זיי אַזויווי פאַרגעסן, אַז אויף דער וועלט זענען פאַראַן נאָך מיידלעך. אַלע האָבן זיי געטאַנצט אַרום אַפּאָלינקען. געטאַנצט אַרום איר און נישט אָפּגע־טרעטן...

און זי האָט געלאַכט פון זיי, שטענדיק אויסגעפונען ווי זיך אַרויסצודרייען פון זייערע ליבעס־דערקלערונגען און שטענדיק גע־ווּסט, ווי זיי איינצוהאַלטן: איר גוואַרדיע זאָל נישט קלענער ווערן.

אַ גוואַרדיע אַרום זיך האָט זי געמוזט האָבן. זי האָט גע־ווּסט, אַז אַלע זענען פאַרליבט אין איר. די בחורים האָבן זיך איינער דעם צווייטן געהאַסט, געאײַפערט איינער צום צווייטן, גע־קריצט מיט די יונגע ציין און געשוויגן.

ווייל קיין איינער פון זיי האָט נישט געהאַט מער שאַנסן פאַרן צווייטן. אַפּאָלינקע האָט פון אַלע געחוזקט.

דאָס איז געווען איר באַרוף.

זי האָט געהאַט בלאָנדע האָר און בלויע אויגן, עפּעס אַ שפּיציק נעזל און דינע ליפּן. זי האָט געהאַט שפּיציקע נעגל מיט דינע לאַנגע הענט, כמעט ביינערדיקע הענט, אַ שמאָל פיגורל, וואָס האָט זיך לייכט באַוועגט. דין, לייכט, שאַרף און צאַרט...

איך בין געווען אין איר קרייז און האָב גאַנץ גוט גע־ווּסט, אַז מיינע שאַנסן זענען די שוואַכסטע. איך בין געוווינט זיך אונטערצוגעבן דעם שיקזאַל...

האָב איך זיך אונטערגעגעבן.

נאָר דערביי געהאַט נקמה אָן די איבעריקע חברהלייט, וועלכע האָבן געליטן און אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט נאָך דער אַפּאָלינקע.

זי האָט פון זיי געלאַכט און אָפטמאָל מיך גענומען פאַר אַ שותף, מיר זאָלן ביידע לאַכן פון די פאַרליבטע...

איינמאָל פרעגט זי מיך:

— האָסט צייט אין אָוונט?

— יאָ!

— וועסטו אַרויסגיין מיט מיר אונטערן שטעטל, מיר וועלן מאַכן אַ רעווי פון מיין גוואַרדיע.

אַז אַפּאָלינקע האָט עפּעס פאַרטראַכט אַ שפּאַס און אַ אַפּאָלינקע נעמט מיך פאַר אַ שותּף — ווי זאָגט מען זיך אָפּ?

עס איז טונקל. אין אַ טונקעלער נאַכט איז אין קאַזשמערזש טונקעלער, ווי ערגעץ אַנדערש. די אַלטע הייזער און די בערג פאַרדעקן טאָפּלט די באַנאַכטיקע שאָטנס.

מיר זענען אַרויס פון שטעטל, צום וועג, וואָס פירט צו „זאַגלאָבי" זענען מיר געגאַנגען.

זי האָט אַרויסגענומען אַ שטיקל פּאַפּיר. איך האָב עס באַלויכטן מיט מיין נאַכט-לעמפּל. צען נעמען זענען דאָרט געווען אָנגעשריבן. צען נעמען פון די יונגעלייט, וועלכע טאַנצן אַרום איר און וועלכע ערקלערן זיך איר אין ליבע בא יעדער געלעגנהייט...

— וואָס באַדייט עס? אַפּאָלינקאַ!

— איך האָב זיי אַלע באַשטימט אַ ראַנדעוווּ, יעדערן באַזונדער, איינעם נישט ווייט פון צווייטן. איצט וויל איך זעען, צי זיי זענען ריטערס...

איך האָב געוואָלט גיין צוריק. דאָס איז שוין געווען צופיל, צופיל חוזק...

נאָר אַפּאָלינקע האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַרן האַנט און געפירט אין דעם זאַמדיקן וועג. זי האָט אויסגעלייענט איינעם פון די נעמען, פון איר צעטעלע, און אויסגערופן:

— באָלעק!

פון אונטער דער ערד איז אַרויסגעשפּרונגען אַ „באָלעק".

— ביסט דאָ, ביסט אַן אמתער ריטער, קום מיט אונז, ווי אַן אָפּגעשמיסענער.

דערנאָך:

— פראַנעק!

און אַ ביסל ווייטער,

— זיגמונט!

זי פלעגט אויסרופן אַ נאָמען און דערנאָך זיך צעלאַכן אויפן קול.

זי האָט אַזוי צוגעפּגעקליבן דעם גאַנצן מנין און געהאַלטן פאַר זיי אַ דרשה:

— איך האָב אייך אַלעמען אויסגעפּרובירט, איך זע, אַז איר זענט מיר אַלע געטריי, נאָר איר זענט צען און מיט אַלע צען קאָן איך נישט חתונה האָבן...

און זי האָט זיך געלאָזט לאַכן. די יונגעלייט האָבן מיטגע-לאַכט, קיין ברידה נישט געווען. צוריק איז מען געגאַנגען מיט געזאַנג, און ווען אַפּאָלינקע איז מיד געוואָרן, האָבן מיר זי אויף די הענט אַריינגעטראָגן אין שפּעטיקן, שלאָפנדיקן קאַזשמערוש.

געווען דאָרט אין יענע טעג אַ יונגערמאַן אין קאַזשמערוש, וועלכער האָט זיך נישט געלאָזט אַזוי לייכט טראַקטירן פון דער שטיפעריש׳ער אַפּאָלינקע.

ער האָט זי ליב געהאַט און אפשר זי מער פאַר אַלעמען ליב געהאַט, נאָר שטאָלץ איז ער געווען דער יוליאַן, אַ זון פון אַ רייכן באַנקיר, פון אַן אַלטער יידישער משפחה.

ער פלעגט קומען צו דעם מיידל, ווען די איבעריקע פאַר-ליבטע פלעגן נישט זיין, און אויב ער פלעגט זיי געפינען אויף איר וועראַנדע, פלעגט ער גלייך אַוועקגיין...

און בײַ איר איז אויך געווען צו אים אַ מער ערנסטע באַציונג.

נאָר אַפּאָלינקע האָט נישט געקאָנט זיין ערנסט, זי האָט נישט געקאָנט.

וואָס הייסט עס? איך האָב דיך ליב און דו האָסט מיך ליב און שוין פאַרטיק, געענדיקט: ברעכט טעלער, שטעלט אַ חופה און מזל-טוב!

ניין! אַפּאָלינקע מוז זיך רייצן, זי מוז זיך אָנרייצן מיט איר קרבן. זי באַדאַרף פייניקן. זי פלעגט זאָגן:

— ס׳איז דאָך אַזוי קאָמיש צו זען, ווי די מענער דער-קלערן זיך אין ליבע: „כ׳האָב דיך ליב" און דאָס פנים ווערט אַזוי צעשמאָלצן, און די אויגן ווערן פייכט...

יוליאַן האָט זיך געדרייט פון שטאָלצן כּעס ווי אַ שלאַנג. אַוועקגיין פון איר האָט ער נישט געקאָנט, בלייבן אויך נישט. זיין אַ ציל־ברעט פאַר אירע שפּאַסן און קאַפּריזן, האָט ער נישט געוואָלט.

פלעגט ער לויערן און זיך אַרומדרייען אַרום איר שטוב און אויסגעניצט אַ מאָמענט, ווען זי איז געווען מענטשלעכער.

ער האָט זי איינגעלאַדן אויף אַ שיפל און דאָרט אויף דער ווייסל האָט ער צו איר גערעדט:

— כ׳פאַר אינגיכן אַוועק, און איך פרעג דיך נאָכאַמאָל: דו ווילסט זיך אויפהערן צו שפּילן...

זי האָט געלאַכט:

— ווידער אַ ליבעס־דערקלערונג... — און מיטאַמאָל איז זי געוואָרן אַנדערש, עפּעס אַ פּייערל אין די אויגן:

— גוט, יוליאַן! איך וועל אויפהערן צו שפּאַסן, כ׳וועל ווערן דיינע, חתונה האָבן מיט דיר, אָבער דעמאָלט...

— ווען?

זי האָט אַרויסגענומען פון טאַש אַ שליסל, דעם שליסל פון איר צימער:

— דאָס איז אַ שליסל פון מיין צימער, עס קאָן אויך זיין דער שליסל פון מיין האַרץ, אויב דו וועסט מיר אים צוריקברענגען. — מיט די ווערטער האָט זי דעם שליסל אין טייך אַראָפּגעלאָזט...

יוליאַן האָט זיך אָנגערופן:

— דאָס איז שוין געווען... אַ לעגענדע מיט אַ בעכער...

— זאָל עס זיין נאָכאַמאָל, אַזוי ווי איך...

אומזיסט געווען די מי. יוליאַן האָט געדונגען די פישערס און די ווייסל־יינגלעך, ער האָט צוגעזאָגט געלט, אַ סך געלט.

דער שליסל איז נישט געפונען געוואָרן.

און פון זייער ליבע איז גאָרנישט געוואָרן.

קאַפּריזן, סענטימענטן, יענע צייט איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען. אָבער וואָס איז געוואָרן מיט דער אַפּאָלינקע?

---

אויף די וואַרשעווער גאַסן באַגעגן איך אָפט פאַרבייגיין אַ פרוי אין אַן אַלט מאַנטל. דורך דעם אָפּגענוצטן היטעלע זעען זיך שוין גרויע האָר, געמישט מיט בלאָנדע, אָפּגעבליאַקעוועטע פעדעם...

איך ווייס ווער דאָס איז. אַ לערערין. זי לויפט פון שטוב צו שטוב מיט פּראָבנצוויזישע לעקציעס. זי קוקט נישט אויף קיינעם, זי קוקט נאָר צי די גאַס איז פריי, צי מען קאָן אָן סכנה אויף דער צווייטער זייט גאַס אַריבערגיין...

דאָס איז אַפּאָלינקע.

די מלחמה האָט צוגענומען זייער רייכקייט און די צייט האָט צוגענומען אירע יאָרן, דער טויט האָט צוגענומען אירע עלטערן.

זי איז געבליבן באַ אירע פּראָוויזישע לעקציעס און באַ איר פאַרוואָלקנט פּנים...

ווו זענען אַהינגעקומען יענע בלויע אויגן און יענע ווייסע ציינדלעך? די פרוי האָט שוין נישט קיין סימן פון אַ שמייכל אויף אירע ליפּן און זי ווייס עס שוין נישט האָבן...

עס דריקט באַם האַרץ איר אויסזען... ווען מען קאָן זיך אַוועקלאָזן דאָרט צום טייך און זוכן, זוכן דעם שליסל, וואָס זי האָט אַמאָל אַראָפּגעלאָזט...

## בלוט אויפן שאָסיי

דער אַלטער יאַן גאַיקאָש איז פרי אויפגעשטאַנען. ער האָט זיך באַדאַרפט זען מיט דעם אינזשיניער, וועלכער איז איינגעשטאַנען אין גוט „וואַליע". יאַן דער שאָסיי־וועכטער האָט געוואָלט עפּעס איבעררעדן מיט דעם אינזשיניער וועגן דער אַרבעט, וואָס דאַרף זיך אינגיכן אָנהייבן באַם פאַרריכטן דעם שאָסיי.

ער האָט געהאַט פאַר זיך אַ האַלבע שעה גאַנג. אַ ביסל מיטן שאָסיי און אַ ביסל מיטן געוויינלעכן גאָסטיניעץ.

שוין אַלט, שוין שטאַרק אַלט איז דער יאַן גאַיקאָש, נאָר ער שפּרייזט נאָך מיט פעסטע טריט, און איצט, אין ווינטער־דיקן מילך־ווייסן פרימאָרגן, האָט ער זיך געפילט מונטער. דאָס שטייפע פרעסטל האָט געגלעט און געפרישט די ליפּן, אויסגעבאָדן פון די אויגן דאָס לעצטע ביסל פאַרשלאָפנקייט. ווייס אַרום געווען. אויף אַ ביימל, אויף די טעלעגראַף־סלופּעס און אויף די דראָטן, אפילו אויף די שאָסיי־שטיינער, אויף אַלץ איז געלעגן אַ פוכיקע פראָסט־ווייסקייט און עס האָט לאַנג נישט געדויערט — יאַנס וואָנסעס האָבן זיך אויך איינגעזייפט פון פראָסט. ווייט האָבן זיך געהערט זיינע טריט, די שווערע שטיוול זיינע האָבן דעם פראָסט געטרעטן, דער שניי האָט זיך געשערבלט... די פשוטע מענטשן פילן שיינקייט און טראַכטן נישט פון איר און יאַן האָט געפילט און איינגעאָטעמט אין זיך דעם ווייסן פרימאָרגן.

ער איז געגאַנגען צום אינזשיניער. אָט דאַרף ער שוין

ראָפּגיין פון שאָסיי און זיך לאָזן גיין דורך אַ שטיק וואַלד, דערנאָך דורך עטלעכע געאַקערטע, אָבער שטייף פאַרפרוירענע פעלדער. פון די ערשטע געדיכטע ביימעלעך האָט זיך דער שניי אַראָפּגעשאָטן אויף יאַנס שטיוול און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, געוואָלט אַראָפּטרייסלען פון זיך דעם יונגן שניי און די ווייסקייט האָט זיך אויף צו להכעיס צוגעקלעבט צו די שטיוול, עפּעס אַזוי שטיפעריש זיך אָנגעהאַלטן און נישט געלאָזט זיך אַראָפּטרייסלען. און יאַן איז אויך איינגעשפּאַרט: אים גייט עס אין אַלעם; ער מוז דעם שניי פון זיינע שטיוול אַראָפּשאָקלען.

גייט עס אַזאַ שטיפערישער געראַנגל צווישן מענטש און שניי...

און יאַן שמייכלט, שמייכלט פון פרישן פרימאָרגן, פון קאַפּריזנעם שניי. שמייכלט און הייבט אַזוי אויף דעם קאָפּ, דערזעט ער עפּעס פון דערווייטנס...

דערזעט ער פונדערווייטנס, אויפן ברעג פון שאָסיי, וועלכן ער האָט נאָר וואָס פאַרלאָזט, שטייט דאָרט אַן אויטאָמאָביל. עס שטייט דער קאַסטן און רירט זיך נישט פון אָרט...

שוין-זשע האָט דער אויטאָמאָביל געגעכטיקט? ווייל ער איז איינגעטונקען אין שניי, אין אַ סך שניי, אַלנפאַלס, דער אויטאָמאָביל שטייט דאָ שוין לאַנג...

ער האָט פאַרגעסן יאַן גאַיקאַש, וועגן דעם ביסל שניי, וואָס עס האָט זיך איינגעעקשנט אויף זיינע שטיוול. ער האָט זיך צוריק אויפגעהויבן אויף דעם ווייט-ווייטן שאָסיי; ער איז געגאַנגען צום אויטאָמאָביל. בלויז דער בענזין-וואָגן... נישטאָ קיין מענטש.

שוין-זשע האָבן די מענטשן אויף הפקר געלאָזט זייער טייערן מאַשין? איבערגעלאָזט פאַר פראָסט און שניי די בייזערפינדונג זייערע, מיט וועלכע זיי פליען אַזוי האַסטיק —
די מאַשין, מיט וועלכע זיי צאַצקען זיך אַזוי...
דער שאָפער איז געזעסן אַ טויטער אויף זיין פּלאַץ. מיט איין האַנט אָנגעשפּאַרט אויף דעם קירעווע-ראָד... די שויבן, די

שרייפעלעך, די גאַנצע מאַשין איז געווען באַשפּריצט מיט בלוט . . .

עטלעכע שריט פון דער מאַשין איז געלעגן אַ פעלץ. אַ דיקער מאַן, מיטן פּנים אַרויף. נאָר די אויגן האָט מען נישט געזעען, ווייל אַ גרויס פוטערן היטל איז געווען אַריבערגערוקט איבער די אויגן, פונקט ווי די, וועלכע האָבן אים דערשאָסן, האָבן מורא באַקומען צו קוקן אין זיינע פון טויט-שרעק פאַרגלייווערטע אויגן... אויף זיין פעלץ, אויף די בגדים און אַרום אים האָט בלוט געריצט אין דער ווייסקייט...

צוויי טויטע, צוויי דערשאָסענע מענטשן. די ערשטע רגע איז יאַן גאַיקאַש, דער שאָסיי-היטער, געשטאַנען אויף איין אָרט אין זיין צעטומלטקייט, פונקט ווי ער וואָלט אָפּגעוואַרט, אַז באַלד וועט זיך דאָ אויך אַ לעבעדיקער מענטש באַווייזן און דער לעבעדיקער וועט אים דערציילן דעם סוד פון די טויטע . . .

נאָר פּלוצלינג האָט ער זיך אויפגעריסן פון זיין פּלאַץ און גענומען לויפן מיט געשריי. מיט אַלע כוחות האָט ער געשריגן:

— אַ מאָרד, אַ מאָרד, אַ מאָרד!

געלאָפן און געשריגן:

— מ — אָ — רד...

און דער ווייסער, אומשולדיקער פרי-מאָרגן האָט נישט גע־וווּסט, פאַרוואָס מען צערייסט זיין פראָסט-שפּינוועבס און מיט אַזאַ פרעמד שאַרף וואָרט.

די עטלעכע קראָען, וועלכע האָבן זיך אויפגעהויבן פון די צעאַקערטע קאַלטע פעלדער, האָבן אָפּגעענטפערט:

— קאַר! קראַ! גוט, וואָס מענטשן שעכטן איינער דעם צווייטן. מיר וועלן האָבן צו פרעסן...

און יאַן גאַיקאַש איז געלאָפן צום אינזשיניער, אין גוט אַריין צום פּריץ סטאַנקעוויטש...

ער האָט שוין מער נישט געשריגן. שווייגנדיק האָט ער

געטראָגן די שרעקלעכע בשורה און געאײַלט צו די לעבעדיקע, דערציילן זיי...

אַרײַנשרייען, אַז צוויי זענען היינט באַנאַכט אומגעקומען.

פאַרוואָס? פאַרוואָס? ער ווייסט נישט, ער איז נישט מער ווי א שאַסיי־וועכטער. ער איז געלאָפן אין גוט אַרײַן און ער האָט שוין אינגאַנצן פאַרגעסן, ווי מיט אַ צוואַנציק מינוט צוריק האָט ער זיך געשפּילט מיט אַ ביסל שניי, וואָס די ערשטע ביימעלעך פון יונגן וועלדל האָבן אויף זיינע שטיוול אַרויפגעשאָטן. איצט זענען זיינע שטיוול אַרומגענומען מיט שטיקער שניי, וועלכע ער רייסט אַרויס פון די פעלדער מיט זיינע האַסטיקע טריט...

און דאָרט, אויפן ברעג פון שאָסיי שטייט דער טויטער איטאָמאָביל און אַ דינער שניי ווייעט און בלאָזט אַרום.

זאָל מען אים לאָזן אַזוי שטיין אַ מעת־לעת, וועט מען אים נישט מער אַרויסזעען, נישט דעם בענזין־קאַסטן און נישט די צוויי הרוגים... עס וועט זיין שטיל אַרום, עס וועט זיין ווייס. בלויז די קראָען, זיי וועלן זיך שוין אַן עצה געבן, זיי וועלן צוקומען צו ... פייערס

מענטשן האָבן אָנגעגרייט פאַר זיי אַ סעודה:

— קראַ!

---

דער טעלעפאָן בא סטאַנקעוויטשן אין פאָלוואַרק האָט גע־אַרבעט כסדר, צום קאָמענדאַנט, אין סטאַראָסטווע אַרײַן...

— אויפן שאָסיי צוויי הרוגים... שנעלער, פּאָליציי...

און אין אַ האַלבער שעה שפּעטער האָט עס שטאַרק גע־טומלט אויף דעם רויקן שאָסיי. פּאָליציאַנטן און פּאָליציי־באַאַמטע, ציווילע מענטשן אין רייכע פּעלצן, די פּריצים פון דער אַרומי־קייט, פּויערים אין שעפּסענע פּעלצן, ווייבער, אפילו קינדער זענען געקומען צולויפן.

אויפן וועג זענען דערווייל אָנגעפאָרן עטלעכע אויטאָמאָבילן, וועלכע האָבן געאײַלט פון שטאָט און אין שטאָט אַרײַן, אַזעלכע

גלאַנציקע, אַזעלכע אומרויקע מאָטאָרן מיט לעבעדיקע פּאַסאַזשירן און מיט לעבעדיקע שאָפערן...

אַלע, אַלע מענטשן פריש און מונטער פון לעבן, גרייט צו באַוועגונגען און אַרבעט.

און דאָ ליגן צוויי מתים, צוויי מענשן דערשאָסענע.

דעם טויטן פּאַסאַזשיר האָט מען דערקענט. דער, וואָס אין פעלץ, דער באַלעבאָס און דירעקטאָר פון אַ גרויסער מעבל-פאַבריק. ער האָט געהאַט באַ זיך געלט און דאָס געלט האָט מען צוגענומען. דאָ וואַלגערט זיך אַ ליידיקע טעקע צעריסענע פּאַפּירן, וועקסלען און די קעשענעס זענען איבערגעדרייט.

אַ רויב-מאָרד.

דאָס ווערט גלייך באַשטעטיקט.

פון די פּאָליציי-באַאַמטע פאָרש איינער און דער צווייטער שרייבט. יאַן גאַיקאָש ווערט כּסדר אויפגערעגט, ווייל ער איז דער ערשטער און דערציילט:

— איך בין געגאַנגען צום פּאַן אינזשיניער, לאַנגזאַם געגאַנגען. נאָך אַ ביסל פאַרשלאָפן געווען, פּאַנאָוויע! און דאָ איז אַזאַ פרישקייט אויף דער ווינטער-ערד, פּאַנאָוויע, שפּרייז איך אַזוי און איך פאַרלאַז שוין דעם שאָסיי, פּאַנאָוויע... פאַרשיטן די יאָלקעס מיינע שטיוול מיט שניי, ווייל איך דעם שניי אַראָפּשאַרן, פּלוצלינג דערזע איך אַן אויטאָמאָביל... פּאַנאָוויע, עס שטייט אַן אויטאָמאָביל, פאַרשנייעט און רירט זיך נישט פון אָרט. טראַכט איך: מען דאַרף אַ קוק טון, אָט אַזוי איז עס געווען... פּאַנאָוויע!

עס שטייען אַ מחנה מענטשן אויפן שאָסיי און טומלען און פרעגן. זיי ווילן עפּעס דערגיין און דאָ בעמט דער שניי געדיכט פאַלן אויף די קעפּ און אויף די אַקסלען פון די מענטשן, ער קלעבט זיי די אויגן, קריכט זיי אַריין אין די אויערן, אין קאָלנער אַריין.

פונקט, ווי די שנייעלעך וואָלטן עס וועלן צו-נישט מאַכן. הערט אויף, עס לוינט נישט די אויספאָרשונג. אַזוי איז געווען און אַזוי וועט ווייטער זיין, מענטשן מאָרדן איינער דעם צווייטן

און אז מען כאַפּט שוין דעם מערדער, ווערט דער טויטער צוריק לעבעדיק ?

שנייעלעך שפּילן זיך און הילן דעם גאַנצן שאָסיי פאַר־דעקן, מען זאָל די טויטע און די לעבעדיקע נישט זען.

אין דעם קומט צו לויפן א פּאָליציאַנט מיט א הונט. א גרויסער וועלפישער כּלב. ער באַשמעקט די טויטע, די בלוט־פלעקן, די לעבעדיקע טעקע, די מענטשן שרייען עפּעס צום הונט, זיי הייסן אים לויפן.

און דער הונט לויפט אָפּ א פּופציק טריט און קומט צוריק א פאַרסאַפּעטער. עס דאַכט זיך, אז דער הונט טראַכט דאָס זייניקע :

„ווען איר לאָזט מיך צוריק אין וואַלד, איך זאָל ווידער א וואָלף ווערן, דעמאָלט וואָלט איך געלאָפן. אָבער אייערע עניבים. איר זאָלט איינער דעם צווייטן אויסשעכטן און איך זאָל אויסזוכן דעם מערדער"...

ס'איז אים לאַנגוויילִיק, דעם געוועזענעם וואָלף.
און שפּעטער, ווען דער טאָג פאַרענדיקט זיך.

ווען דער שאָסיי ווערט ליידיק פון די אַלע פרעמדע מענטשן — פאַרנאַכט, מען האָט שוין די טויטע אוועקגעפירט. דעם אויטאָמאָביל אוועקגעפירט. ווען דער שניי פאַרדעקט די בלוטיקע פלעקן אויפן שאָסיי, דעמאָלט שפּרייזט יאַן גאַיקאָש, דער אַלטער שאָסיי־וועכטער, צו זיך אַהיים און ער טראַכט.

ער טראַכט, אז די וועלט האָט זיך גאָרנישט געביטן. פּונקט מיט פערציק יאָר צוריק איז אויף דעם זעלבן פּלאַץ אויך פאַר־געקומען אַזאַ מאָרד, דעמאָלט האָט מען דערהרגעט דעם פּריץ אולריכזאָן, א דייטשער מאַגנאַט, אויף דער פּוילישער ערד. מען האָט אים דערהרגעט און באַראַבעוועט...

נאָר דעמאָלט איז עס נישט געשען אויף אַן אויטאָמאָביל, נאָר אויף א פּריצישער בריטשקע מיט צוויי טייערע פערד איינ־געשפּאַנט. האָט עס געלויגט אויסצוטראַכטן אַזאַ קלוגע מאַשין, אז פּיי־וויי הרגעט איינער דעם צווייטן. ער גייט און טראַכט,

דער יאַן, זיינע ערנסטע געדאַנקען, אַז די וועלט איז שטענדיק די זעלבע, אַז אַלץ וועט זיין, ווי עס איז געווען.

ער פּסקנט אָפּ אין פאַרמשפּט דעם מענטש. דער מענטש איז שלעכט אין אַלע צייטן, אין אַלע דורות. ער הייבט די האַק די שאַרפע אויף זיין נאַקן...

און בעת יאַן טראַכט, פאַלט דערביי אַ גלייכגילטיקער שניי און מאַכט תכריכים־ווייס די גאַנצע וועלט...

# די ליניע אונטערן הימל

טאָג־טעגלעך אין דער פרי, פונקט ניין אַ זייגער, ווען איך ליג נאָך אויף מיין געלעגער, דערהער איך דעם באַקאַנטן־אומבאַקאַנטן רויש, וואָס גייט פון דער הייך, דעם גערויש פון עראָפּלאַן...

פונקט ווי אַ זייגער. אין דער זעלבער מינוט, שוין אַ צייט אַזוי, ווינטער און זומער, אין זוניקן טאָג און אין וואָלקן־טאָג. איבער דעם דאַך פון מיין הויז...

אויף נאַוואַליפּיע נומער דריי... איבער אַלע דעכער פון דער זעלבער גאַס, איבער אַ סך גאַסן. דער אומבאַגרענעצטער שטח פון רוים ווערט דורכגעשניטן מיט אַ גראַדער ליניע... מיט דער ליניע וואַרשע־גדאַנסק.

מען פליט...

איך מוז זיך מודה זיין: איך בין צו דערדאָזיקער דערשיינונג, צום מענטשס פליען נאָך נישט געוואָרן גלייכגילטיק און איך בין נאָך אַלץ איבערראַשט.

דער רויש פון מאָטאָר, וואָס טראָגט זיך הויך איבער מיין קאָפּ און איבער אונזערע אַלעמענס קעפּ; דערדאָזיקער רויש וועקט מיך און רופט, מאַכט ציטערן מיין האַרץ, מאַכט נייגיריק און אומרויִק, זאָגט עפּעס צו און נאָגט ביז וויטיק מיין נשמה... די אויגן רייסן זיך אין דער הייך. פונקט ווי איך פלעג אין דער פריסטער קינדהייט רייסן די אויגן צו יעדן פויגל פול מיט קנאה און נייגיריקייט. איצט בין איך מקנא. איך ווייס נישט וועמען — אפשר זיך אַליין, אפשר די קומענדיקע דורות. וועלכע זעען מיר אויס צו זיין איין קייט פון וווּנדער איבער וווּנדער...

עס איז אזוי באַקאַנט געוואָרן די ערד, שטענדיק מיט די זעלבע טענער און קלאַנגען, שטענדיק מיט דער זעלבער מעגלעכקייט און איצט האָבן מיר אַ ציטער געטון פון אַ בלויער אוממעגלעכקייט, ווי אמתע שותפים צום הימל...

באַזיגערס פון דער אומענדלעכקייט.

איך קוק זיך צו, איך הער זיך צו, ווי אַ סך פון מיינע באַקאַנטע רעדן אַזוי גלייכגילטיק שוין וועגן די אַלע וווּנדער פון מענטשן אין דער הייך...

אין דער הייך, איבער אונז. איבער אונזערע גרויע הייזער. איך הער זיך צו: זעלטן אַ פונק פון באַגייסטערונג, און עס קרענקט מיך. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס באַדאַרף זיין אַן אייביקער יום-טוב...

כל-זמן דער מענטש וועט פליען, אַזוי לאַנג באַדאַרף זיין יום-טוב. אָבער מענטשן זענען אַזוי ווי די קינדער: די ערשטע טעג קאָן מען זיך נישט אָפּרייסן פון די נייע שפּילצייגן און דערנאָך לאָזט מען עס זיך וואַלגערן אָן אויפמערקזאַמקייט.

ווי לאַנגווייליק דער טאָג הייבט זיך אָן. דער זעלבער „האַנדעל-האַנדעל", די זעלבע אויסגעשרייען פון די הויפהענדלער...

און פּלוצלינג דער באַקאַנטער-אומבאַקאַנטער רויש. איך לויף צו צום פענצטער. נאָך אַמאָל אַ קוק געבן. נאָך אַמאָל זיך איבערצייגן...

דעם מענטשס פויגל גייט אַוועק אין אַ גלייכער ליניע. ווען די דעכער פאַרשטעלן שוין, הער איך נאָך אַלץ דעם רויש פון מאָטאָר און אָט באַמערק איך: אין אַ צווייט פענצטער האָט נאָך אַ מענטש אַרויסגערוקט דעם קאָפּ...

אַ ייד. ער דאַוונט. אין מיטן דאַוונען האָט זיך די מאַשין אַריינגעריסן.

און דער ייד שטייט און גלאָצט מיט די אויגן אין דער הייך, מיטן תפילין-קאָפּ אין דער הייך צו יענער מאַשין, וואָס איז, דאַכט זיך, גאָר קיין מאַשין נישט, נאָר אַ געשלעך וווּנדער פון מענטשס געמאַכטער האַנט...

דער ייד רייסט אַפּ די אויגן פון הימל און איך אויך. די מאַשין איז שוין נישטאָ, שוין נישטאָ אויף וואָס צו קוקן.

אָבער דער ייד דאַוונט ווייטער. ווען איך בלייב באַ גאָרנישט, מיט מיר איז גאָרנישט גוט — נישט איך דאַוון און נישט איך פלי. אין מיין איינזאַם חדר איז ליידיק, אין דער נשמה פעלט עפּעס...

איך טראַכט, אַז אין אונזער בידנעם לעבן מוז מען אָדער דאַוונען, אָדער פליען...

און דאָך בין איך מוטיקער געוואָרן, רייכער און דרייסטער בין איך געוואָרן פון דעם טאָג, ווען מענטשן האָבן אָנגע-הויבן פליען.

אמת איך בין נאָך נישט געפלויגן... פאַרוואָס? נישט פון מורא — אויף דער ערד איז גאָרנישט אַזוי זיכער, פונדעסטוועגן גייט מען אויף דער ערד. אונזער לעבן האָט טויזנט טאָג-טעגלעכע סכנות, פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך אויסגעלערנט נישט צו באַ-מערקן די סכנות. איך בין נישט געפלויגן ביז היינט, ווייל איך בין נאָך אַלץ איבערראַשט, וואָס דער צווייטער פליט...

איך בין נאָך נישט געפלויגן, ווייל אַלס ייד בין איך נאָך נישט אינגאַנצן זיכער אויף דער ערד. מיר האָבן זיך נאָך נישט אָנגעזעטיקט מיט פעסטן באָדן, מיט זיכערקייט. ווייל באַ אונז איז נאָך אַ ווונדער, ווען אַ דור לעבט אָפּ זיכער אויף איין אָרט.

איך בין נאָך נישט געפלויגן, ווייל פאַר מיין נשמה, פאַר מיין בליק איז דאָס דער גרעסטער יום-טוב און איך וויל דעם יום-טוב נישט וואָכעדיק מאַכן...

ווייל איך רעד יעדן טאָג מיט מענטשן, וועלכע זענען שוין געפלויגן און זיי רעדן וועגן דעם אַזוי גלייכגילטיק. היט מיך גאָט, איך זאָל אַזוי גיך אָפּגעקילט ווערן צום לעצטן טריט פון דעם מענטש. צום ערשטן פלי פון דעם מענטש...

אָסקאַר וואַיילד האָט געזאָגט: „אַלע ליגן מיר אויפן מיסט-קאַסטן, נאָר אַנדערע פון אונז קוקן אויף די שטערן". איך האָב מורא, עס קאָן זיין, אַז עס איז פאַראַן אַ סכנה די מענטשן זאָלן

דעם מיסט־קאַסטן זייערן נישט מיטנעמען אין דער הייך איבער די וואָלקנס, אונטערן הימל.

נאָר נישט טראַכטן, עס ווילט זיך גלייבן, אַז דער מענטש־פויגל וועט נישט זיין ענלעך צום מענטש־וואָרעם...

עס מוטיקט מיך. ווען אין דער פרי געמט קלאַפּן דער מאָטאָר, דערפיל איך אַן אומרויקייט; מען דאַרף עפּעס טון, שאַפן, אַרבעטן, מען מוז עפּעס טון. דער מענטש באַדאַרף און מוז זיין פאַרלאַנג . . .

און טאַקע צוליב דער ערד...

צוליב וואָס רייסט זיך דער מענטש אין דער הייך? אויב נישט צוליב דעם, כדי אונטן גרויס צו זיין, כדי אונטן אויף דער ערד, אויף זיין ערד שיין צו זיין...

ווען איך דערהער דאָס קלאַפּן פון מאָטאָר, ווען איך דערזע, ווי דעם מענטשס פויגל גייט ווייטער און ווייטע ראַזשעק, ווערן מיר בלייך די עטלעכע ביכער אויף מיין טיש. ווען איך וואָלט זייערע בילדער געהאַט אין מיין צימער, וואָלטן די בילדער מיר אויך בלייך געוואָרן...

מיין גאַנצער „ביז היינט" זעט אויס ווי אַ קליין מוראַשקע־לע, וועלכעס עס פאַרגיסט אַ גרויסער שטראָם וואַסער. איך ווער קליין בײַ זיך מיט מיין פאַרגאַנגענהייט, מיט אונזערע אַלעמענס פאַרגאַנגענהייטן און עס נעמט מיך אַרום אַ ווייטיקלעכע קנאה צו דער צוקונפט.

ווי וועט עס אויסזעען? ווי וועלן זיי דאָס לעבן, אונזערע אייניקלעך? פון דעם גרויסן אומענדלעכן רום, וואָס איבער אונז, וועלן זיי דאָס מאַכן פאַר זיך אַ גרויס שפּאַציר־פעלד...

איך מאַך צו די אויגן און איך קוק אַריין אין מיין פאַנטאַזיע: מען פליט... עס פליען טויזנטער קאַסטנס און קעסטלעך, טויזנטער באַלויכטענע לופט־קאַרעטן, פון אַלע פאַרבן און פון יעדער גרייס...

געליבטע און פאַרליבטע, יונגע און אַלטע, שמייכלענדיקע פּנימער קוקן אַראָפּ אויף דער ערד, אָדער זיי קוקן נאָך העכער אין די הימלען אַריין...

ווי וועט עס אויסזעען די צוקונפט? קיינמאָל האָב איך אַזוי נישט געטראַכט פון מאָרגן, ווי איצט, ווען דער מענטש הייבט זיך אויף פון דער ערד...

אפשר דערפאַר, ווייל פון די, וואָס ליגן אויף דעם מיסט-קאַסטן האָב איך אויך געכאַפּט אַמאָל אַ בליק צו די שטערן, פאַרגין איך נישט די צוקונפדיקע דורות.

וואָס טראַכטן די אַלטע, אוראַלטע וועלדער, וואָס טראַכטן זיך די גרויזאַמע הויכע בערג, ווען דער מענטש איז איבער זיי, ווי פילט זיך דער גרויסער אומענדלעכער ים, ווען דער מענטש מיידט אים אויס, ווען דער מענטש קומט נישט אָן צו דעם חסד פון זיינע פאַליעס?

וואָס טראַכט דער שטאָלצער אָדלער, ווען דער מענטש יאָגט אים איבער אין האַסטיקן פליען?... וואָס טראַכט מען דאָרט אין די הימלען, ווען דער, וואָס איז צוגעמשפּט צו דער ערד, רייסט זיך אָפּ פון דער ערד?...

איך בין רייכער געוואָרן, איך האָב וועגן וואָס צו טראַכטן, איך האָב פאַרלאַנגען, איך האָב שוין דערלעבט אַ ביסל איין קליין ביסעלע נחת פון מענטשן, איך האָב דערלעבט דעם „העכער פון דער ערד”...

דער שימל פון אַ סך דורות איז אַראָפּגעפאַלן...

דער מענטש פליט...

פאַר מיר וועט קיינמאָל דאָס וואָרט נישט אַלט ווערן. אפשר וועלן זיי זיך צוגעוווינען די מענטשן צום פליען, ווי מיר זע-נען צוגעוווינט צום שפּרייזן, אָבער פאַר מיר וועט שוין בלייבן אַ יום-טוב, דער יום-טוב פון מיין דור און דער יום-טוב פון מיין נשמה...

איך דערמאָן זיך אַ געשיכטע:

דער אַלטער אוליאַנאָווסקי פון קאַזשמיעזש איז שוין גע-שטאָרבן. אַ שיינער קריסט געווען, געשטאַמט פון יידן; די אַלע אוליאַנאָווסקיס פון דאָרטן שטאַמען פון יידן, אַן אַלטער זיידע זייערער האָט זיך געשמדט. איך האָב אים ליב געהאַט.

צו זיינע פינף און זיבעציק יאָר פלעגט ער אַרויפשפּרינגען

אויך אַ פערד ווי אַ יונגער שטיפער, ער האָט ליב געהאַט דאָס לעבן, אָבער מיט אַן אייגנאַרטיקער ליבע: זיין פילאָזאָפיע איז באַשטאַנען אין דעם: ליב האָבן דאָס לעבן און נישט מאַכן פון זיך קיין צו גרויסן יחסן...

איינמאָל בין איך מיט אים אין פעלד געגאַנגען און גערעדט...

— אַ מענטש איז נישט קיין גרויסער יחסן...

— פאַרוואָס? — פאַניע אוליאַנאָווסקי!

— אָט גיב אַ קוק, אַזאַ קליינער ווייסער שמעטערלינג און ער פליט... און דער מענטש איז אַ... — דערביי האָט ער דעם מענטש שטאַרק באַליידיקט.

אַ שאָד, וואָס ער איז שוין געשטאָרבן. איך וואָלט איצט אַראָפּגעפאָרן קיין קאַזשימערזש, איך וואָלט אים דערציילט וועגן די, וועלכע פליען איבער די ימען. דערביי וואָלט איך אים צוגע-געבן, אַז דער מענטש איז טאַקע נישט קיין יחסן; דער מענטש איז אַ שוואַך באַשעפעניש און איז פאַרמשפּט צום טויט. און טאַקע דערפאַר, פאַניע אוליאַנאָווסקי, ווייל ער איז נישט קיין יחסן, טאַקע דערפאַר, ווייל ער איז שוואַך און פאַרמשפּט צום טויט, טאַקע דערפאַר איז ער געוואַלטיק גרויס, ווייל ער וואַגט אַזוי הויך.

נאָר אוליאַנאָווסקי איז שוין געשטאָרבן. אַלע וועלן מיר שטאַרבן...

און אַזוי וועט עס בלייבן: דער מענטש וועט נישט אויפ-הערן צו שטאַרבן, אָבער ער וועט אויך נישט אויפהערן צו ווייזן וווּנדער...

# די פאַרגעסענע לבנה

צו וועלכע גוטע יאָר בין איך דאָ אַריינגעפאַלן אין צימערל מיינעם, מיט דעם אָפענעם פענצטער, אין וועלכן עס קוקט אַריין די... לבנה. עס דאַכט זיך, אַז דאָס איז עפּעס אַ צולהכעיס פון איר זייט. אמת, אַמאָל בין איך מיט איר געווען אויף „דו", גע־רעדט צו איר, ווי צו אַ שוועסטער, ווי צו אַ געליבטער און זי האָט געשוויגן, ווי די... לבנה.

אַמאָל, אַמאָל...

מיר זענען געווען קינדער פון די ענגסטע יידישע גאַסן און אַלץ, וואָס עס איז געווען ווייטער פון אונזער געטאָ, און אַלץ, וואָס העכער, האָט געוואָלטיק געצויגן, און וואָס איז העכער פאַר דער לבנה? האָט מען געהויבן די יונגע אויגן צום הימל און לידער געזונגען...

איצט אָבער, אין די יאָרן, אין אונזער שטאָל־און אייזן־עפּאָכע!

איך בין איינער אַליין אין מיין צימערל. עס איז פאַראַן אַ פענצטער און דאָס פענצטער איז אָפן. קוק איך אַרויס... אַ ביסל ווייטער פונדאַנען רוישט אַ בלעטער־וואַלד. אויף אַ באַרג אַ שוואַרצער קנוילעגדיקער וואַלד און דאָס ריזיקע שטיק שוואַרצ־קייט איז באַליכטן פון דער ווייסער לבנה. צוליב דעם שוואַרצן וואַלד איז די לבנה ווייסער און צוליב דער ווייסער לבנה איז דער וואַלד שוואַרצער. איך צי זיך אַריין אין דעם שוואַרץ־ווייסן בילד פון דער נאַכט און די נאַכט אַליין ציט פון מיר אַרויס דעם טאָג מיט אַלע זכרונות פון טאָג. איך ווער אויסגעליידיקט און

ביסלעכווייז ווער איך צוריק פול מיט נאכט. מיט שטיקער נאכט.

עס דערמאָנט זיך מיינס אַן אַלט ליד, אפשר מיין ערשט ליד:

„כ׳שפּאַן איין דעם הימלס אַלע שטערן אין לעבנס וואַכעדיקער בויד, נישט אַלעמען איז עס באַשערט צו הערן, נישט יעדערן פון אייך איז אָנפּאַטרויס די שפּראַך פון נאכט, פון ווייטע שטערן״.

איך דערמאַן זיך נאָך אַנדערע לידער און צוליב די לידער קומען שוין בילדער פון דער יוגנט, איבערלעבענישן, באַגעגענישן... עס פאַלן אראָפּ פון קערפּער און פון דער נשמה די אייזערנע רייפן, אין וועלכע מען פאַרפּאַנצערט זיך, כדי צו זיין שטאַרקער, דרייסטער, עס פאַלט אראָפּ די מאַסקע פון פּנים און איך נעם חלומען, ווי אַ יונג בחורל... אפשר גאָר שרייבן אַ לבנה-ליד ?

מיטאַמאָל פאַרשעם איך זיך און רוק זיך אָפּ פון פענצטער... אוועק מיט די סענטימענטן און אוועק מיט דער לבנה ! וואָס איז זי אריינגעקראָכן אין מיין פענצטער ? פּונקט אין מיין פענצטער ? אַנגעשטעלט זיך ווי אַ שפּיגל : קוק אין מיר...

אַ טויט, רונד קרייט-ברעט. איין וואָרט קאָן מען אָנשרייבן אויף זיין מיטן : „טויט״, און מיט דעם איז אַלץ געענדיקט.

וואָס טו איך דאָ אין דעם שטעטל ? מיין האַרץ ווייסט, אַז מיך האָט אַהערגעבראַכט אַ דערינערונג.

מיט צוואַנציק יאָר צוריק. איך גיי אַרום ווי אַ יתום מיט די צוואַנציק יאָר. פאַר דער צייט האָט די וועלט עפּעס איבערגעלעבט, און איך בין געווען אַן עדות פון אַזוי פיל געשעענישן. איך בין געשטאַנען אַ טריט פון די גרויסע שרפות, איך האָב נישט אונטערגעצונדן און נישט געלאָשן. מיין קאַפּיטאַל באַשטייט אין דעם, וואָס איך האָב געזען, געזען און דערביי דורכגעפילט, דורכגעלעבט. צוואַנציק יאָר — איך בין פאַר דער צייט געוואָרן ערנסטער, אַ סך אַלטע נאַרישקייטן אויסגעלאַכט און אויך יענץ

באַרישקייט, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט אין זעלבן אָרט מיט צוואַנציק יאָר צוריק. דאָס האָב איך אויך אַ ביסל אויס־געלאַכט און כמעט ווי פאַרגעסן, אַ סך אַנדערע געשיכטעס און איבערלעבונגען האָבן שוין צוגעדעקט ווי אַ מצבה יענע געשיכטע.

און דערפאַר, ווייל איך האָב זיך שוין באַרויקט, בין איך ווידער געקומען צום זעלבן פּלאַץ, געקומען אַ גלייכגילטיקער צו זיך אַליין, אָפּגעריסן זיך פון שטאָט און אַריינגעפאַלן אין אַ גרי־נעם טאָל. אין איין אָוונט, ווען אַלע זענען שוין געשלאָפן, בין איך אַרומגעגאַנגען אָן אַ ציל, צוגעקומען צום טייך, געכאַפּט דעם אָטעם פון די לאַנגזאַמע פּאַליעס. עפּעס אַ פישל איז אַרויסגע־שפּרונגען און באַלד צוריק אַריינגעפּלוכטשעט אין וואַסער, פּונקט ווי דאָס פיצעלע לעבן וואָלט זיך צו די שטערן געריסן. די אַראָפּגעהאָנגענע צווייגן פון אַן אַלטער ווערבע האָבן אָנגע־רירט מיין קאָפּ. דאָס איז געווען אַ טייערע באַרירונג פון דער נאַכט . . .

נאַכט, נאַכט. . .

איך גיי דאָ אַרום ווי אַ נישט־געקרוינטער הערשער פון דער נאַכט. ווען אַלע שלאָפן איז לייכט צו זיין אַ הערשער פון דער וועלט. אָבער פּרוּוו באַטאָג זיך צורירן צו אַ לייסטל פון אַ פּאַרקאָן, דער באַלעבאָס וועט זיין הונט אָפּלאָזן, ער וועט אַליין אַ הונט ווערן, און עס קאָן טאַקע זיין, אַז דערפאַר. ווייל איך קאָן באַטאָג אַזוי ווייניק אויפטון, דערפאַר האָב איך ליב וואַך צו זיין באַנאַכט און הערשן מיט די אויגן איבער דער שלאָפנדי־קער וועלט. אָפענע טירן, צוגעשלאָסענע טירן — אַלץ איינס, איר זענט קנעכט פון שלאָף, נעבעכדיקע קנעכט.

איצטער שמייכלט זיך אַמבעסטן פון מענטש...

שלאָפט רויק און איך בלאָנדזשע ווייטער. איך בין גליק־לעך פון דער רויקייט. אַזוי ווי אין אַ הייסן טאָג איז זיך גוט אַראָפּצולאָזן אין קילן וואַסער, אַזוי איז גוט באַנאַכט נאָכן שווערן טאָג, איינער אַליין, איינער אַליין. ווילסט נישט קיינעם באַגעג־נען. אַלע וועלט־און מענטש־פראַגן פאַרענטפערסטו אַליין. גוט צי

שלעכט, ריכטיק אָדער פאַלש. אָבער אַלע פּילאָזאָפן מיט זייערע ביכער זענען איבעריק. דער געדאַנק איז קלאָר און דורכזיכטיק, ווי די נאַכט, ווי די לופט, וועלכע פאַלט פון אויבן, פון יענע רויקע, נישט באַפלעקטע הויכקייטן. דו קריכסט נישט אויף קיין באַרג, קלעטערסט נישט אויף קיין לייטער, אויף קיין טרעפ און דאָך קומסטו אַלץ העכער, אַלץ העכער... אָדער די שטערן לאָזן זיך נידעריקער אַראָפּ צו דיר.

דאָס איז די געזאַלבטע רויקייט...

דאָס איז דער שמועס מיט דער אייגענער נשמה...

דאָס איז די נאַכט, וועלכע וועט דיך פריער צי שפּעטער אַריינגעמען צו זיך אויף אייביק. לעבן רייצט נישט אין אַזאַ שעה און טויט און נאַכט שרעקן נישט, עס איז טרויעריק גוט, עס איז פאַרוויגונג און אויפוואַכונג אינאיינעם — נאַכט... די שפּיציקע פיילן פאַר אַנדערע, דעם סם, וואָס איך האָב פאַר זיך אַליין, אַלץ אַוועקגעוואָרפן, אויסגעליידיקט אַלע קעשענעס. פריי פון נישט-פאַרגעניגן, פריי פון נקמה, פון קללות, פון האַס, פון גאַל... ווען עס וועט קומען די נאַטירלעכע מידקייט, וועל איך איינשלאָפן, אָבער איצט זינגט עפּעס אין מיר אַ שווייגעדיק געזאַנג און איך וויל זיך מיט דעם נישט שיידן. איך האָב געכאַפּט דאָס גלייכגעוויכט פון דער וועלט און איך שפּריז מיט זיכערע טריט — זאָל געבענטשט זיין די נאַכט...

פּלוצלינג, ווען איך גיי אַריבער אַ שטיקל שאָסיי, וואָס ליגט אין מיטן פון האַלב-דאָרף, האָט מיר אַ שטאַרקער זיסער ריח דעם וועג פאַרהאַלטן. אויף מיין גאַנצער רויקייט איז אַראָפּ-געפאַלן אַ צערודערונג, אַ טעמפּע, ליידנשאַפטלעכע אויפוואַכונג... איך געדענק דער ריח, איך האָב אים דערקענט, איך האָב באַלד אין מיין זכרון דעם נאָמען פון דעם ריח אָנגערופן: אַקאַציעס...

דאָ בליען אַקאַציעס. איך האָב אויפגעהויבן די אויגן און דערקענט די אַלטעביימער. גאָר אַלטע ביימער, הויכע ווי טאַ-פּאָלן, נאָר די צווייגן ציען זיך הין און הער, אָן אַ סימעטריע, זיי האָבן שוין געבליט העכער הונדערט פרילינגס... און מיט צוואַנ-ציק יאָר צוריק האָבן זיי אויך געבליט. מיט צוואַנציק יאָר צוריק

האָב איך אונטער נאַכטיקע שאָטנס דורכגעלעבט מיין פרייד און מיין ווײ... איך האָב נאָכאַמאָל אויפגעהויבן אויף זיי מיינע אויגן... יאָ, די זעלבע ביימער, דאַכט זיך, אַז זיי זענען נישט עלטער געוואָרן, אין דער פינצטער פון דער נאַכט האָב איך דערזעען די גרויסע שפע פון די ווייסע בלומען, ווי גרופּקעלעך פון זילבערנע אויער־רינגלעך, ווי הויפנס קרעלן ווייסע.

אויגנבליק איז מיר מיין רויִקייט אַוועק. די צוואַנציק יאָר זענען אָפּגעשפּרונגען צוריק, די פאַרגעסענע געשיכטע האָט אויפגעלעבט. די געשטאַלטן פון דער פרוי, מיט אירע יונגע גרינע אויגן אונטער די שוואַרצע ברעמען. דעמאָלט האָט זי מיך מיט אירע אויגן פאַר א שקלאַף געמאַכט, און איצט ווידער — זיי האָבן מיך אַ כאַפּ געטון די גרינע אויגן, ווי א חיה כאַפּט איר קרבן... איצט ווידער, אַלץ האָט אויפגעלעבט, יענע בענקשאַפט, יענער אומרו, יענע פאַרגאַנגענע דרייסטקייט, און צעגליט בלוט אין די אָדערן... נישט געווען קיין צוואַנציק יאָר. איין טאָג איז אַריבער, אַ מעת־לעת... פון איין באַגעגעניש ביז צום צווייטן...

ניין! אַזעלכע ווײזיעס דויערן סעקונדעס און אַזוי איז עס טאַקע געווען. די אַקאַציעס זענען נישט, נאָר איך ווייס, אַז מיין קאָפּ איז שוין נישט שוואַרץ. די צוואַנציק יאָר זענען אַן אייזערנער פאַקט, און איך האָב זיך געלאָזט טראַכטן פון יענע צוואַנציק יאָר צוריק, פון דעם, וואָס אונטער די זעלבע ביימער האָט זיך אָפּגעשפּילט. איך האָב ליב געהאַט... ס'איז באַנאַל דאָס וואָרט „ליבע„ און דאָ בין איך אין כּעס אויף די פּאָעטן: די שענסטע זאַכן פון דער וועלט האָבן זיי באַנאַל געמאַכט, אין טויזנטער ביכער און לידער האָבן זיי טאָג און נאַכט געקייט דאָס וואָרט „ליבע". די שענסטע בלומען האָבן זיי געמאַכט באַנאַל, די שטערן באַנאַל געמאַכט, אָבער נעמט צו די ביכער, בלייבט ווידער שיינקייט פון דער וועלט פריש, שיין און יונג...

דעמאָלט, מיט צוואַנציק יאָר צוריק.

איך האָב זי צופעליק באַגעגנט, און ווייזט אויס, אַז זי אַליין האָט עמעצן געזוכט, באַוווּסטזיניק אָדער אומבאַוווּסטזיניק. זי האָט מיך באַמערקט און שוין די אויגן פון מיר נישט אַראָפּ־

געלאָזט. אונזער טאָג און אונזער נאַכט, מיר זענען איינער פון צווייטן נישט אָפּגעטרעטן. די וועלט האָט באַקומען נייע קאָלירן, די וועלט איז פון יענער באַגעגעניש אָן געבוירן געוואָרן. איך האָב גאָרנישט געזעען אויסער איר... און פּלוצלינג האָט זיך אויף דער סצענע באַוויזן איר מאַן, אַ שטאַלצער, אָבער געהאַלדיק איי-פּערזיכטיק. ווען איך בין געקומען זי אָפּוואַרטן לעבן איר פענצ-טער, האָט ער צו מיר אויסגעשאָסן. איך האָב געהערט דעם שאָס, נאָר איך האָב קיין שרעק נישט געפילט. צו פיל לעבן האָט זיך געפילט אַרום. ווער האָט געטראַכט פון טויט? שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס האָט זי אים אַ צווייט מאָל נישט געלאָזט שיסן. דעם זעלבן אָוונט האָט ער מיך אויפגעזוכט. ער איז גע-ווען באַרויקט און איך האָב געזעען, אַז מען קאָן מיט אים רעדן. מיר זענען אַוועק אָט צו דעם זעלבן פּלאַץ, צו דידאַזיקע אַקאַציעס.

— וואָס ווילט איר פון מיר? — האָב איך געפרעגט.

— איך וויל מיט אייך רעדן.

איך האָב אַ טראַכט געטון, וואָס באַטאָג איז געשען:

— אייער „אַרגומענט” האָט איר מיט זיך?

— כ׳פאַרשטיי אייך נישט, וואָס מיינט איר?

— כ׳מיין אייער רעוואָלווער...

האָט ער אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער זיינעם פון קעשענע און אים מיר געוואָלט אָפּגעבן.

ניין! וואַרפט אים אוועק, אין טאָל וואַרפט אים אַריין, דאָס ביסל בליי קאָן אונז צעשיידן, אָבער נישט אַנטשיידן... רעדט, איך הער אייך...

און אַ ווייטער פרעמדער מענטש האָט אַפּעלירט צו מיר:

— איינער פון אונז מוז מיטן ערשטן צוג אַוועקפאָרן און דאָס גיב איך אייך איבער, קלויבט איר אַליין אויס: איך אָדער איר...

צי דאָס איז געווען אַ בקשה פון אַ פאַרצווייפלטן, צי אַ מאַנעווער פון אַ כיטרען מענטש — ער האָט דאָך מיך שטאַרק גע-

טראָפּן. איך האָב זיך פאַרלוירן. איך האָב זיך געפילט שולדיק געגן אים... מורא האָב איך פאַר אים נישט געהאַט, דעם רעוואָל־ווער האָט ער אַוועקגעוואָרפן. מיט קיין זאַך וואָלט ער אויף מיר נישט געוויירקט, איך זאָל פון דאַנען אַוועקפאָרן... נאָר:

— קלויבט איר אַליין אויס — איך, אָדער איר...

אין עטלעכע שעה שפּעטער האָט אַ צוג מיך געטראָגן וייט, ווייט. איך בין געפאָרן צום דרום, צום ים. די גרינע אויגן האָבן מיך פאַרפאָלגט. ווי משוגע, ווי יונג, ווי שטאַרק איך האָב דע־מאָלט ליב געהאַט. איך בין אַנטלאָפן פון לעבן, פון מיין גליק, אַפילו נישט געזעגנט זיך מיט איר, אַפילו נישט געזעען צום לעצטן מאָל איר בליק. איך האָב געליטן אין וואַגאָן. דער צוג האָט גע־שלונגען ווייאָרסטן און מיילן, ער האָט זיך געטראָגן שנעל און ווייט, נאָר מיין יסורים-ווערמל האָט גענאָגט און געזויגן מיין לעצט ביסל מוט... אָבער אין מיין פאַרביטערניש איז אויך געווען אַ שטראָל: איך בין געווען אַ מענטש, איך האָב געפאָלגט מיין געוויסן, איך האָב זיך איבערגעשטיגן... אַ מענטש, אַ מענטש. איך בין געווען אַ מענטש. שוין שווער געווען אַפילו מיט דעם זיך צו טרייסטן, דעמאָלט, ווען דאָס האַרץ האָט זיך געריסן צו אַ שטוב, וואָס איז געשטאַנען אין גרינעם שאָטן, וווּ אונטער אַ ווייס פאַרהענגל איז געווען אַ פרוי, וועלכע האָט מיין רו צוגענומען...

און איצט, ווען איך בין נאָך צוואָנציק יאָר צייט ווידער געקומען אונטער די זעלבע אַקאַציעס, ווען אַדי זעלבע רו האָט מיך ווידער פאַרשכורט, האָט מיך איבעררֹאַשט די גלייכגילטיקע שיינקייט פון דיביימער. מיינע צוואָנציק יאָר, מיינע צוואָנציק יאָר... פונקט ווי די צייט וואָלט פון דעם אויסגעפּרעסט אַ קליין שרעטעלע. אַן אַרבעסל, און וועמען גייט עס אָן, ווו דאָס אַרבעסל האָט זיך פאַרקייקלט...

איך בין ווי אַ נאַר געשטאַנען בײַ די ביימער און געמאָנט צוריק מיינע צוואָנציק יאָר. שטום איז געווען די נאַכט, איך האָב זיך אַ ביסל אויפגעהויבן, אָנגעכאַפּט דאָס ערשטע צווייגל און

אראָפּגעריסן אַ פּיצל בלום. מער האָט נישט פאַר אונז אַזאַ בוים און מער גיט ער נישט.

---

נאַכט... אַ טויט פּנים האָסטו, אַ טויט פּנים קוקט אויף דער וועלט און אַלץ ווערט ווי פאַרגליווערט.

היינט איז דאָ קיינער נישטאָ און איך בענק נאָך דעם נאַרישן טומל פון די מענטשן.

ווייל צונויפטרעפן זיך מיט אַזאַ קאַלטן גאָרנישט-פּנים פון דער לבנה איז שווער, ווייל עס ווילט זיך נישט עפענען די טיר פון מיין אייגן האַרץ און אַריינקוקן אין דעם אייגענעם נישט-גלויבן . . .

זי האָט זיך אַזוי אַריינגעגנבעט אין מיין פענסטער... פאַראַן אַזאַ גרויסער ענדלאָזער הימל, שווים ווו דו ווילסט, קאַלטע, גע-שטאָרבענע! לאָז מיך צורו! פאַראַן אַזוי פיל וועגן וואָס צום טראַכטן: איבער די ימען פליט דער „צעפּעלין", אַ וועלט-רייזע מאַכט ער, צי וועט ער קומען בשלום? מיליאָנען מענטשן וואַרטן און וואַכן — פאַרוואָס זאָל דאָס נישט פאַרנעמען אַ ביסל אויך מיין געמיט...

מענטשן קעמפן, רויטע מיט ווייסע, געלע מיט ווייסע, דיפּ-לאָמאַטן שווינדלען אין דעם ברייטסטן מאַסשטאַב. מענטשן ער-פינדן אַלץ נייע וווּנדער און דאָ קומט דער טויטער שפּיגל און גלייכט אויס דעם טאָג מיט דער נאַכט און דעקט עס אַלץ צו מיט איין ווייס ליילעך... עס איז נאַכט. איך בין שוין נישט בלויז אין מיין צימער איינער אַליין און נישט בלויז אין מיין הויז, דאָס שטעטל שלאָפט שוין אינגאַנצן. נישטאָ קיין קול פון קיין מענטש. נישט מען רעדט שוין ערגעץ און נישט מען זינגט, קיין טריט הערט מען נישט, — און אַ צענטל-רגע-געדאַנק נעמט מיך אַדורך: די וועלט איז שוין אָפּגעמעקט געוואָרן און דידאַזיקע נאַכט מיט דער לבנה וועט אויך מיך באַלד פאַרשלינגען... ניין!

איך פאַרטראַג דאָס ווייסע געשפּענסט. איך האָב פון וואָס צו טראַכטן, איך האָב בלוטיקע ווונדן פון טאָג. איך געהער צו אַ פאָלק, וואָס ווערט אויף יעדן שריט באַליידיקט...

אָבער איך קוק אין פענסטער... און די לבנה פאַרמעקט אַלץ מיט איר ווייסער, טויטער האַנט...

פינצטער אין צימער. בלויז אומבאַוועגלעכע פּאַסן ליכט פון דער נאַכט ליגן אויסגעצויגן אויף דער פּאָדלאָגע, אויף מיין געלעגער און אויף דער ראַם פון מיין פענצטער.

איך וויל, צי איך וויל נישט — איך קוק ווידער אַרויס צו דער נאַכט. איצט שרעקט מיך שוין נישט אַזוי דאָס ווייסע פּנים פון דער לבנה... איך האָב נישט מורא מער פאַר איר כּשוף. מיט קיין לידלעך וועל איך זי נישט באַזינגען. צו וואָס זינגען מיט גראַמען, אָדער אָן גראַמען? די שענסטע לידער זענען דאָך די נישט געזונגענע... און נישט איינמאָל שוין האָב איך געפילט אין זיך דעם איבערפלוס פון נישט-געזונגענע לידער — זאָל עס בלייבן אין מיר.

איך וועל נישט זינגען מער קיין לידער פון דער לבנה, נאָר איר צעמענטירטע קאַלטקייט וועל איך אָנזאַמלען אין זיך. עס וועט צונוץ קומען: פאַר גלויבן איז עס גוט און פאַר אומגלויבן אויך. מיין יונגער פריינט, אַ דיכטער, איז דאָ נישט לאַנג געווען צו גאַסט בא מיר. אַ יונגער, און יעדער יונגער מוז אַ ביסל חלומען. איך האָב מיט אים שפּאַצירט אין אַזאַ ווייסער נאַכט אונטערן שטעטל. קיין הייזער זענען שוין נישט געווען, אַפילו קיין פייערל פון שטעטל אויך נישט. אויף אַלע פעלדער און וועלדער איז געלעגן די לבנה, זי האָט געשוויגן, איר ליכט האָט געשוויגן, נאָר פון אַזאַ שווייגן האָט עפּעס געציטערט אין דער לופט, עס האָט געוועקט צו עפּעס אומרויקס, נאָר מיין פריינט האָט פּלוצלינג אַראָפּגעלאָזט די אויגן. ער איז לאַנג אַזוי געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, ביז איך האָב עס באַמערקט, ביז איך האָב געפרעגט:

— וואָס האָסטו די אויגן אַראָפּגעלאָזט?

— גאָרנישט... וואָס זאָל איך אויף דער לבנה קוקן?

יאָ... אַ יונגער דיכטער... אורבאַניזם... דינאַמיק... איך האָב אים גוט פאַרשטאַנען. ער האָט מורא געהאַט פאַר דער לבנהס ווירקונג, טאָמער וועט ער אַריינפאַלן אין אַזאַ טרוימערישער שטימונג, ווי איך פלעג אין מיין יוגנט אַריינפאַלן. מען דאַרף זיך אָפּהיטן, מען מוז זיין פאַרזיכטיק און דערפאַר שפּרייזט ער און קוקט כסדר אויף דער ערד, און די ערד איז דאָך שוין עפּעס אַנדערש. פון דער ערד גראָבט מען דאָך אייזן... און פון אייזן בויט מען שטעט. —

מיין יונגער פריינט.

זאָל ער יאָ קוקן אויף דער לבנה, דער יונגער פּאָעט, און זאָל ער נישט קוקן. ס'איז דאָך אייגנטלעך אַלץ איינס: ער קוקט נישט אויף דער לבנה, אָבער די לבנה קוקט דאָך אויף אים. זי האָט אים שוין אויך פאַרשריבן אין איר קאַלטן בוך. איידער ער איז נאָך געבוירן געוואָרן אפילו, איז ער שוין פאַרשריבן געווען... די אייביקייט שלינגט אַלץ איין און אונדז ווילט זיך כאָטש איינרעדן, זיך אַליין איינרעדן, אַז מיר זענען פינסטערלעך פאַר דער אייביקייט.

איך בין איצט אין דער שעה רויק און איינס האָט די לבנה מיר יאָ געשענקט אין דער היינטיקער נאַכט: גלייכגילטיקייט. די זיסע, רויקע אינטערעסלאָזיקייט. גרויס זיין אין לעבן? קליין זיין אין לעבן? דאָס איז אַלץ נאַרישקייט, דער עיקר איז פילן דאָס לעבן, וואָס מוז אונטערגיין און אַז מיר טוט נאָך וויי די נשמה פון טאָג, איז אַ סימן, אַז איך פיל דאָס לעבן...

אַ שוואַרצער וואַלד שטייט מיר פאַר די אויגן. איך הער אין דער דינער שטילקייט פון דער נאַכט, ווי זיינע בלעטער קושן זיך און דאָרט, ווו אַ לעבעדיקער סוי-טראָפּן, דאָרט איז אַ טויטער שטראַל פון דער לבנה...

מיין טאָג, מיין געראַנגל, מיינע געזוכטע פריינט — ווי איך בין מיד פון מיין זוכעניש! און די לבנה פאַרטרויט מיר, אַז דאָס איז אַ גרויסע נוצלאָזיקייט. פאַרשטייט זיך, אַז באַטאָג זענען מיר אַנדערש, מיט די נעגל שניידן מיר זיך איין אין לעבן, אין געראַנגל, און שטאַרק איינרעדן פון דער קאַלטער לבנה וועל איך

איך נישט לאָזן. איך לעב און איך װיל לעבן א שיין לעבן. דאָס ערשטע און לעצטע געזעץ פון מיין לעבן איז: אַלץ דערגרייכן מיט זיך אַליין, מיט אייגן בלוט און נשמה, אָן חניפה...

װען איך טראַכט דאָס איצט אין דער שטילער נאַכט, פיל איך, אַז די לבנה מעקט עס אויך אָפּ, פונקט װי א קאַלטע, ביי-נערנע האַנט װאָלט זיך צוגעלייגט צו מיין שטערן, אָבער דאָ פאַל איך נישט אַרונטער אונטער דער רעזיגנאַציע-װירקונג. פון דעם װעל איך נישט אָפּטרעטן און צו זיך אַליין מורמל איך:

„אָן חניפה, אָן חניפה".

איך דערמאָן זיך בייזקייטן פון מענטשן, פאַלשע פריינט-שאַפט, אונטערגראָבונג און גערעכטע אָנפאַלן. איך דערמאָן זיך מיינע זינד און מיינע שװאַכקייטן. איך לעב אַלץ איבער, אַלע פאַרגאַנגענע יאָרן. מיין גאַנץ לעבן שרייבט זיך אָן אויף דעם קאַלטן רונדן קרייד-ברעט. איצט זעט זי מיר אויס, די לבנה, װי א באַשטראָפערין און עס נעמט מיך פאַרדריסן אויף איר:

אַלץ מעקט זי אָפּ מיט איר װייסער טויטער האַנט, נאָר זיך אַליין מעקט זי נישט אָפּ. נאָר די רגעס פון פאַרדראָס זענען קור-צע: אַלץ אַרום שװייגט, אַלץ איז אונטערטעניק, און איך — אויך. דער קאָפּ מיינער ליגט אויפן ראַם פון פענצטער, צוגע-שמיד און איינגעװיגט — װאָס װייסן מענטשן און װאָס װייסט דער איינער, װאָס שלאָפט נישט? איינס װייס איך: אין אַלע מיי-נע גראַנגלעניש, אין אַלע זוכעניש, דערגרייכונגען און מפּלות, אין אַלע אומגערעכטיקייטן, װאָס איך בין באַגאַנגען און װאָס מען איז איבער מיר באַגאַנגען, אין אַלע מיינע שװערע טעג — איינס װייס איך: מיט מיינע נעכט בין איך גערעכט...

# אינהאלט: